# MENSH UN TOYRE



Jacob Lazarus Snitzer





NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

## דר. י. ל. שניצער
——— (רב אשר פלאַם) ———

# מעבש און תורה

▼

### ערשטער באַנד

אַ קוואַל פון געדאַנקען אויף
דער סדרה פון וואָך ווי אויך
אויף אַלע אידישע ימים
טובים און אַלע פראָבלעמען
פון וועלט און צייט / גע־
שעפט דירעקט פונ׳ם לעבען
און פון די טיפענישען פון
דער פ אָ ל ק ס ־ נ ש מ ה

בית מסחר ספרים „פרדס"
י. ז. בוכבינדער, נשיא
42־44 קאנאל סט., נויארק, נ. י.
ת ר ח ״ ץ ——— 1938

# אינהאַלט:

# פון די ארויסגעבער

דער ענציקלאָפּעדישער אינהאַלט פון אָט דעם עפּאָכע־מאַכענדען ווערק „מענש און תורה" שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאָלאָסאַלען מאַטעריאַל פאַר אַלע קלאַסען לעזער.

רעליגיעזע אַזוי גוט ווי סאָציאַלע ענינים ווערען דאָ אַרויסגעבראַכט אין דעם פּראַכטפולסטען גלאַנץ און קאָליר.

די סדרה פון דער וואָך איז נישט נאָר אַ רעדנערישער קוואַל מיט פערטיגע הונדערטער דרשות פאַר אַלע ענינים פונם לעבען, נאָר אויך אַן אוצר פון געדאַנקען פאַר יעדען אינטעליגענטען לעזער צו קריגען אַ נייעם באַגריף אין די פראַגען, וואָס ווערען פאַרענטפערט דורך דר. שניצער'ס בילדלאַכע ערקלערונגען.

דער אינהאַלט פון דר. שניצער'ס ביידע בענדער איז אין זייערע הויפּט־אידייען געשעפּט דירעקט פון דעם לעבען און פון די טיפענישען פון דער פאָלקס־נשמה.

עס איז דערפאַר מיין האָפענונג, אַז דר. שניצער'ס ווערק וועט אויפגענומען ווערען מיט דער זעלבער באַגייסטערונג, ווי אַלע ביז־אַהעריגע אויסגאַבען פון „פּרדס" זיינען אָנגענומען געוואָרען ביז היינט.

י. ז. בוכבינדער,

נשיא.

# אַ פּאָר ווערטער פון פאַרפאַסער

שוין אַ היבשע ביסעל יאָהרען, ווי איך האָב געדרוקט יעדע וואָך מיינע אַרטיקלען אונטער דעם נאָמען „רב אשר פלאַם", אָפּהאַנדלונגען וועגען די וועכענטליכע סדרה, ימים טובים, בילדער פון לעבען, וויסענשאַפט, ליטעראַטור און דעמאָקראַטיע, געדאַנקען איבער אַלער־ליי ענינים, אידישע און וועלטליכע, און יעדער ענין איז באַהאַנדעלט געוואָרען אויף אַ מאָדערנעם אופן.

מאַנכע געדאַנקען און מעשהלאַך זענען געווען מיי־נע אייגענע, און מאַנכע ווידער זענען געווען פרעמדע, וועלכע איך האָב געלעזען און זיך אָנגעהערט. אומבאַ־וואוסטערהייט פלאָנטערט זיך אַמאָל אַ פרעמדער געדאַנק אין קאָפּ און מען דענקט אַז דאָס איז אַן אייגענער.

מיין צוועק איז איבערהויפּט ניט זיך אויסצופּוצען מיט פרעמדע פעדערען, נאָר אויפצוקלערען די לעזער, ווייזען זיי די שעהנע פילאָזאָפיע פון דער אידישער תורה, ווי זי נעמט אַרום בוכשטעבליך אַלעס, וואָס דער יחיד און דער רבים נויטיגען זיך פאַר זייער גליק און עקזיס־טענץ, ניט בלויז אין דער אַמאַליגער צייט, נאָר אויך אין אונזער איצטיגער מאָדערנער וועלט.

קורץ, איך האָב געשאַפען אַן ענציקלאָפּעדיע פון גע־דאַנקען איבער אַלערליי ענינים, און מעשה'לאַך, וועלכע פאַרענטפערען פאַרשיעדענע שווערע קשיות, פּראָבלעמען פון אַמאָל און אויך פון היינט.

דר. י. ל. שניצער,

(רב אָשר פלאַם).

# בראשית

שבת בראשית.

דער ערשטער שבת, די ערשטע פּאָעטישע שילדערונג פון וועלט מענש, פון מאַן און פרוי, פון שלאַנג און גיפט, פון תאוה און זינד און פון דעם פאַרלאָרענעם גן עדן.

איך מיין ניט דעם „פאַרלאָרענעם גן עדן״ פון מילטאָן, וואו דער שטן מיט זיין גאַנצע כאַפּטע טייוואָלים זיינען אין קאַמף געגען דעם גרויסען באַשעפער, נאָר איך מיין דעם פאַרלאָרענעם גן עדן פון דער קינדהייט פון דער מענשליכער געשיכטע. דער גן עדן ווי ער ווערט נאַאיוו געשיל־דערט אין בראשית.

צוויי גליקליכע מענשען זיינען באשאפען געווארען אויף דער וועלט, אדם און חוה. זיי האָבען קיין קליידער ניט געדארפט, קיין דירה געלד ניט געצאָהלט, ניט געהאט קיין צרות פון שווער און שוויגער אדער פון אָרימע קרובים, זיי האָבען געהאט גענוג צו עסען, טרינקען און ניט געדאַרפט ארבייטען.

האָבען אָבער די צוויי גן עדן מענשען גענומען מאכען „טראָבעל״. דער שלאנג האָט זיך פאר׳גנב׳עט ביי זיי אין האַרצען און עס האָט זיי גענומען רייצען צו עסען פארבאָטענע פרוכט. איז גאָט אין כעס געוואָרען און האָט זיי פון גן עדן ארויסגעטריבען. דעם מאַן האָט ער פאַרשאָלטען, אז ער זאָל מיט דעם שוויס פון זיין געזיכט ארבייטען פאר דעם שטיקעל ברויט, און די פרוי האָט געקראָגען איהר פעקעל צרות.

אָט אזוי איז געקומען נאָך דעם גליקליכען לידיג געהער, דער מענש מיט דער בראָגע, דער מענש פון ארבייט, געריסען מיט די נעגעל די ערד ארויסצוקריגען פאַר זיך אביסעל שפייז. געשלעפּט אויף זיינע פלייצעס ריזיגע שטיינער און געבויט פיראַמידען פאר א שטיקעל ברויט. זיך געשלאָגען מיט נאַקעטע הענד געגען ווילדע חיות, שיער אליין געוואָרען א ווילדע חיה, דערנידעריגט אין שקלאַפעריי און ארבייט.

## דר. י. ל. שניצער

אמת, מען האָט איהם אפילו גענומען איינריידען אז „ארבייט מאכט דאָס לעבען זיס", ארבייט מאַכט דעם מענשען גליקליך. אין ארבייט געפינט א מענש צופרידענהייט און אריכת ימים. אָבער ער האָט געפיהלט אז דאָס איז בלויז פראַזען, אָפּיום־פראַזען צו פאַרטויבען זיינע געדאנקען אז ער זאָל די שמערצען ניט פיהלען. און דער מענש פון ארבייט האָט אָנגעהויבען צו בענקען נאָך זיין פאַרלאָרענעם גן עדן, נאָך יענער גאָלדענער צייט, ווען ער האָט אָהן שווייסיגער ארבייט געהאַט אלץ, וואָס איז נויטיג געווען, ווי גליקליך ער האָט דאַן געלעבט אין דעם גן עדן אָהן ארבייט.

און דער מענש מיט דער בראָנע האָט גענומען אויסגעפינען מאַשינען, וואָס זאָלען איהם פארבייטען די ארבייט פון זיינע הענד. זיין חשבון איז געווען איינפאך: ווען די מאַשין וועט טאָן די ארבייט וואָס ער האָט טויזענדער יאָהרען געטאָן מיט די הענד, וועט ער קאָנען רוהיג זיך אומקעהרען צוריק צו זיין גן עדן. ער וועט ניט דאַרפען שווער ארבייטען. די מאַשין וועט שוין טאָן די ארבייט פאר איהם.

לעבט טאַקע איצט דורך דער מענש מיט דער בראָנע אין דער „מאַשין־צייט", וואו פאר אלע ארבייטען זיינען פאַראַן מאַשינען. אָבער צי האָט ער געפונען זיין פאַרלאָרענעם גן עדן?

ניין! א קליינע צאָהל מענשען האָבען די מאַשינען אין זייערע הענד איינגענומען, געוואָרען די בעלי־בתים איבער זיי, און די גרויסע מאסע, לעבט איצט דורך א לעבען נאָך פיעל נידעריגער ווי דער מענש מיט דער בראָנע. זיי וואָלטען שוין צופרידען געווען צו ארבייטען פיעל שווערער ווי פריהער, אָבער די מאַשינען האָבען זיי פון דער ארבייט ארויסגעוואָרפען.

אָט אַזוי איז צוטיילט געוואָרען די מענשליכע געשיכטע אין דריי צייטען: אויף דער גן עדן צייט, ווען מענשען האָבען געלעבט אין פרייהייט און ניט געדאַרפט אַרבייטען. אויף דער בראָנע צייט, ווען מענשען האָבען געמוזט ארבייטען און ניט געהאט קיין פרייהייט. און אויף דער היינטיגער מאַשין־צייט, ווען מענשען האָבען ניט קיין פרייהייט און ניט קיין ארבייט.

דאריבער איז שוין קיין וואונדער ניט, וואָס די מענשען זייגען ניט צופרידען און זוכען אלץ ווייטער. מען טאַפּט אין דער פינסטערניש

# מענש און תורה

פון דער צוקונפט און מען זוכט און מען שאַפט אלע נייע אידעאַלען, נייע געטער, דעם פאַרלאָרענעם גן עדן צוריק צו קריגען. אָבער ניין קינ־דערלעך! מיר דאַכט זיך איך הער דעם אלטען אדם׳ס שטימע, ווי ער זאָגט:

ניטאָ מעהר קיין גליקען, ניטאָ מעהר קיין פריידען
ניטאָ דער אַמאָליגער זיסער גן עדן
וואו איך האָב געהוליעט, געטאַנצט און געלאַכט,
ביז די נאַרישע חוה מיט איהר זינדיגען עפּעל
צורייצט האָט מיין תאוה, פארדרעהט האָט מיין קעפּעל
און פון מיין גן עדן א גיהנום געמאכט.

*****

פרעגט מיך אַ איד אַ קשיא:

אין ערשטען קאַפּיטעל פון בראשית שטעהט, אז גאָט האָט באַשאַפען דעם מאַן און די פרוי צוזאמען. (זכר ונקבה ברא אתם). אין צווייטען קאַפּיטעל אָבער שטעהט: אז גאָט האָט באשאפען דעם מאן אליין, נאכהער האָט ער געמאכט איבער איהם אן אפעראציע און האָט פון זיין ריפּ די פרוי באשאפען. פרעגט זיך די פראגע: ווארום איז עפּעס א סתירה (א ווידערשפּרוך) פון איין קאַפּיטעל ביז דעם צווייטען?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם זוהן:

א רייכער פאָטער האָט געהאט איין־איינציגען זוהן, וועלכען ער האָט מיט גרויס ליבע און צערטליכקייט ערצויגען, און ווען דער זוהן האָט געדאַרפט חתונה האָבען, האָט דער פאָטער געטאָן אזוי ווי עס איז די מאָדע געווען, אוועקגעפאָהרען אין אן אנדער שטאָדט, אויסגעזוכט פאר איהם א שעהנע, אָרענטליכע מיידעל און באַשטימט א טאָג ווען די חתונה זאָל זיין.

דער זוהן, נאַטירליך, האָט די גאַנצע צייט די כלה ניט געזעהען. נאָר ווען עס איז געקומען נאָך דער חופה און די כלה האָט איהר שלייער אויפגעהויבען, האָט דעם חתן א קאַלטקייט ארומגענומען. ניין! עס איז עפּעס ניט די ווייב וועלכע ער האָט זיך אין זיין פאַנטאַזיע פאָרגעשטעלט. קורץ,

# דר. י. ל. שניצער

ער האָט זיך צוריקגעצויגען אין זיין צימער און גענומען פיהרען א לעבען פון א פרוש.

ווען דער פאָטער האָט גענומען פרעגען דעם זוהן, וואָס ער האָט אויסצוזעצען אויף זיין ווייב? וואָס פאַר אַ חסרונות האָט ער אין איהר געפונען? האָט דער זוהן איהם געענטפערט:

„קיין עפענטליכע חסרונות קען איך אויף איהר ניט אויסזעצען, נאָר סתם, איך האָב צו איהר קיין האַרץ ניט“.

— ווייל דו קענסט איהר נאָך ניט, האָט דער פאָטער צו איהם געזאָגט. געוואוין זיך אביסעל מעהר צו איהר צו, דאַן וועסטו זעהען וואָס פאר א טייערע ווייב איך האָב דיר געגעבען.

— ניין, ניין טאַטע! האָט דער זוהן צו איהם געזאָגט. א פרוי מוז געבען א בליאסק מיט׳ן ערשטען קוק, קוים אָבער איז דער ערשטער קוק א בלאַסער, וועט שוין קיין צוגעוואוינען זיך אויך ניט העלפען.

דאַרף זיך טרעפען, אז דער זוהן איז עפּעס קראַנק געוואָרען און דער פאָטער האָט אריינגערופען צו איהם א דאקטאר וועלכער איז געווען זעהר א קלוגער, און ווען דער פאָטער האָט איהם דערצעהלט פון זיין זוהנ׳ס אויפ־פיהרונג, האָט דער דאָקטאָר צו איהם געזאָגט:

— לאָזט עס נאָר צו מיר! איהר וועט זעהן ווי אזוי אייער בן יחיד וועט אָנהויבען צו ליבען זיין ווייב. מען דאַרף נאָר א שטיקעל שפּיצעל אָנווענדען.

דער דאָקטאָר האָט אונטערזוכט דעם זוהן און איהם ערקלערט, אז זיין קראַנקהייט איז זעהר א שווערע. ער מוז איהם נעהמען אין א האָספּיטאל, דאָרטען האָט ער איהם איינגעגעבען א שלאָף־טרונק, אויסגעפּוצט זיין יונגע ווייבעל אויפ׳ן שעהנסטען אַרט, אוועקגעלייגט איהר אין א צווייטע בעט לעבען איהם און באנדאזשירטביידענ׳ס הענד.

ווען דער זוהן האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָט דערזעהען זיין ווייב לעבען זיך איז ער נשתומם געוואָרען. דער דאָקטאָר אָבער האָט איהם ערקלעהרט, אז זיין ווייב האָט איהם געראַטעוועט. ער האָט געדאַרפט האָבען בלוט צו זיין קראַנקהייט און זיין ווייב האָט איהם איהר בלוט געגעבען.

# מענש און תורה

פאַרשטעהט זיך דאָך שוין, אז דער בן יחיד האָט גענומען קוקען אויף זיין ווייב שוין גאָר מיט אַנדערע אויגען. די נאָהענטקייט ווידער האָט זיי אלץ פעסטער און פעסטער צוזאַמענגעבונדען. מיט שמחה האָט ער צו זיין פאָטער א זאָג געטאָן:

— טאַטע! איצט זעה איך וואָס פאר א טייערע ווייב דו האָסט פאר מיר אויסגעקליבען. פון מינוט צו מינוט פיהל איך ווי איך ווער אלץ מעהר צו איהר צוגעצויגען. זי באזיצט א גאָלדענע הארץ און א זיסע נשמה!

דער אויבערשטער האָט טאַקע אין אָנפאנג באשאפען דעם מאן מיט דער פרוי צוזאמען. אָבער ווי עס קוקט אויס, האָט די פרוי צום מאן ניט אפעלירט, האָט דער קלוגער דאקטאר איהם איינגעגעבען א שלאָף טרונק און געמאכט איבער איהם א שטיקעל אָפעראציע, און ווען אדם האָט זיך אויפגעכאפט, האָט ער א זאָג געטאָן:

— „זאת הפעם” אָט איצט טאַטענו פיהל איך אז זי איז אביין פון מיינע ביינער און פלייש פון מיין פלייש, א נשמה פאראייניגונג און א בלוט פאַרוואַנדלונג!

# נח

שנים שנים באו.

פאָרווייז איז מען געקומען אין תבה, ווי געוועהנליך ווען די זון פון הצלחה האָט געשיינט, איז מען אַנטלאָפען פון דער אידישער גהעטאָ און מען האָט גענומען באַראַבאַניען מיט רעפאָרמאַציע און אַסימילאַציע! ווען אָבער דער הימעל איז פאַרוואָלקענט געוואָרען און מען האָט דער־פיהלט אַז עס קומט אָן אַ קאַטאַסטראָפע, האָט מען זיך גענומען צוריק אומקעהרען אין דער אידישער תבה. פאָרווייז איז מען געקומען, פרומע און רעפאָרמירטע, מאָזאאיסטען און קאַלוויניסטען, נאַציאָנאַלע און ראַ־דיקאַלע, געשטודירטע און אַסימילירטע, און נאָך אַזעלכע פאַרלאַך, וועל־כע האָבען אַ לאַנגע צייט אַרומגעשפּאַצירט אין פרעמדע „קולטור־גערט־נער". און זיך מחיה געווען מיט די פרעמדע פרוכט וואָס זיי האָבען דאָרטען געפונען.

**
*

דערצעהלט אונז די גמרא: „נח בכניסתו לתבה מכניס עמו אבנים טובות ומרגליות, בשעה שהיו כהות היה יודע שהוא יום, ובשעה שהיו מבהיקות היה יודע שהוא לילה." ווען נח איז אריין אין תבה האָט ער מיטגעבראכט מיט זיך דימענטען און פּערעל. ווען זיי זיינען געווען טונקעל, האָט ער געוואוסט אַז עס איז טאָג, פלעגען זיי אָנפאַנגען בליאַסקען, האָט ער געוואוסט, אז עס איז נאַכט. פרעגט זיך די פראַגע: גאָט האָט דאָך געהייסען מאכן נח'ן א פענסטער (צהר תעשה לתבה), היינט וויבאַלד ער האָט געהאַט אַ פענסטער, האָט ער דאָך זעהר לייכט געקענט אויסגעפי־נען ווען עס איז טאָג און ווען עס איז נאַכט, נאָר דער תירוץ איז: אונזערע חכמים האָבען מיט דער געשיכטע געזאָגט אַ זעהר הויכען און טיעפען רעיון.

# מענש און תורה

צווישען אַלע באַשעפענישען אויף דער וועלט קומט פאַר אַ שטענדי־גער קאַמף צווישען דעם שטאַרקערען און שוואַכערען. דער שוואַכער פאַלט אַוועק און דער שטאַרקער פאַרבלייבט דער זיעגער. צווישען ציוויליזיטע מענשען דריקט זיך אויס דער קאַמף אין אַ דראַנג צוצופאַסען זיך צו אומשטענדען, דער וואָס קען זיך אַמבעסטען צופאַסען צו די אומ־שטענדען דער האָט א בעסערע געלעגענהייט פאַר ערפאָלג. דער איד אין גלות געפינט פאַר זיך אין יעדען לאַנד אַ קייט פון אויסנאַהמס־געזעצען. פון באַגרעניצונגען אויף פאַרשיעדענע געביטען פון געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט. פיהלט דער איד ביי זיך, אַז אויב ער וועט ניט זיין פע־היגער פון דעם ניט אידען, וועט ער מוזען אונטערגעהן אונטערען דרוק פון די פאַרשידענע שטערונגען וואָס ליגען איהם אין וועג. האָט ער זיך אַריינגעוואָרפען אין האַנדעל, אין קאַמערץ און זוכט צו מאַכען געלד, ער באַנוצט געלד און רייכטום אַלס וואָפע צו פאַרטיידיגען זיך אין זיין קאַמף.

אין נח׳ס תבה שפיגעלט זיך אָפּ דער עקאָנאָמישער לעבען פון דעם אידען אין גלות, די תבה שווימט אַרום פון איין אָרט צו דעם צווייטען און איז אַ שפיעלצייג פון די שרעקליכע כוואַליעס. די איינוואָהנער פון דער תבה ליגען צוזאַמענגעפרעסט אין אַן ענגען קאַסטען און מען קען קוים דעם אָטהעם ציהען. כדי ניט אונטערצוגעהן האָט נח דער איד אריינגעבראַכט אין דער פינסטערער תבה דימענטען און ברילליאַנטען, דאָס זאָל זיין זיין וואָפע צו קעמפען פאַר זיין עקזיסטענץ, און ער האָט זיך שוין זיין סימן: ווען אין דער אידישער גהעטאָ איז ליכטיג, ליגען די דימענטען אויף איין אָרט און זיי זיינען טונקעל, ווערט אבער אין דער אידישער גהעטאָ פינסטער, אַזוי פאַנגען אָן די דימענטען צו בלישטשען און געהן פון האַנד צו האַנד אַלס „לא יחרץ״ געלד צו פאַר־שטאָפען די מיילער פון די אַנטיסעמיטען.

***

שנים שנים באו.

צוזאַמען מיט די פאַרשידענע ברואים, וועלכע האָבען זיך פאַרזאַמעלט אַרום דער תבה, איז אויך געקומען דער „שקר״, אָבער אַזוי ווי ער האָט

## דר. י. ל. שניצער

ניט געהאַט קיין פּאָר צו זיך, האָט איהם נח ניט אַריינגעלאָזען, איז ער נעבּיך אומגעלאָפען פאַרצווייפעלט איבער די גאַסען און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. איז גראָד אָנגעקומען איהם אַנטקעגען „שלימזל" האָט ער איהם אַ פרעג געטאָן: „שלימזל, פון וואַנען קומסטו?" האָט יענער איהם געענטפערט, אַז ער קומט פון נח'ס תבה, מען לאָזט איהם דאָרטען ניט אַריין, ווייל ער האָט ניט קיין פּאָר. זאָגט צו איהם שקר: „מיט מיר, שלימזל, האָט אויך דאָס זעלבע פּאַסירט, מען האָט מיך אויך דאָרטען ניט אַריינגעלאָזט, נאָר ווי איך זעה, האָט אונז איצט דער הימעל צוזאַמענגעפיהרט, אז מירביידע זאָלען זיך צוזאַמענפּאָרען. „דו וועסט אסור צום געשעפט דערלייגען, שלימזל! איך זאָג דיר צו, אַז אַלעס וואָס איך וועל פאַרדיענען, וועל איך דאָס דיר אַוועקגעבען". שלימזל האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם און דער שידוך איז געשלאָסען געוואָרען.

פון דאַמאָלס אָן געהט שקר און שלימזל צוזאַמען. דאָס וואָס מען פאַרדיענט דורך שקר, געהט עס אַוועק מיט שלימזל!

***

פרעגט מיך אַ איד אַ קשיא:

ער קען מיט זיין שכל ניט פאַרשטעהן ווארום האָט דער דור המבול געקראָגען אַ גרעסערען פּסק ווי דער דור הפלגה. ווען מען זאָל בעמען אַנאַליזירען דעם פאַרברעכען, קוקט גאָר אויס, אַז דער דור הפלגה האָט פיעל, פיעל מעהר געזינדיגט ווי דער דור המבול. גנבה, גזלה, רויב און מאָרד איז אָן עקאָנאָמישער באַציעל, וואָס איז שווער צו באַקעמ־פען אפילו אין דער איצטיגער ציוויליזירטער געזעלשאַפט, ווייל דאָס איז אַ קאַמף פאַר עקזיסטענץ. אָבער געהן בויען אַ טורעם ביז'ן הימעל און מלחמה האַלטען מיט גאָט, — דאָס מיינט אונטערצוגראָבען דעם גלויבען פון אַ העכערער מאַכט און אַוועקשטעלען איהם אין דער מדרגה פון אַ בשר ודם. דאָס, דענקט ער, איז אַ פיעל גרעסערער פאַרברעכען ווי כאַפּ־לאַפּ, טאָ פאַרוואָס זשע זיינען זיי אָפּגעקומען מיט שיהי פּיהי און דער דור המבול איז אונטערגעגאַנגען?

אַלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם גביר:

# מענש און תורה

אַ גרויסער גביר האָט לכבוד זיין טאָכטער׳ס חתונה, געמאַכט אַ סעודה פאַר אָרימע לייט און האָט אָנגעזאָגט זיינע משרתים, זיי זאָלען קיין אויסנאַהם ניט מאַכען פון איינעם ביז דעם אַנדערען, אַלע זאָלען באַדיענט ווערען גלייך און קריגען די זעלבע חלקים, ווייל ער וויל ניט מאַכען קיין קנאה שנאה צווישען זיינע אורחים. די משרתים האָבען צוגעזאָגט אויסצופיהרען ריכטיג דעם גביר׳ס באַפעהל און דער עולם האָט זיך גענומען אויסזעצען ביי די טישען, אָבער אַזוי ווי יעדער איינער זוכט אַ ביסעל כבוד, האָבען זיך אַ סך פראָסטע אָרימעלייט פאַרשטעלט פאַר לומדים כדי מען זאָל זיי זעצען ביים לומדישען טיש. דעם גביר איז דאָס אפילו זעהר אויפפאַלענד געוואָרען — עפּעס צופיעל לומדים האָבען זיך באַוויזען אין שטאָדט — אָבער ער האָט זיך ניט וויסענדיג געמאַכט. „זאָל זיי וואויל באַקומען!“

ביים לומדישען טיש איז אַלעס צוגעגאַנגען זעהר שעהן, יעדערער איז זיך געזעסען סטאַטעטשנע, מען האָט געגעסען, געטרונקען און גאַנץ געמיטליך פאַרבראַכט איינער מיט׳ן צווייטען, אָבער ביי דעם צווייטען טיש האָט זיך אָפּגעטאָן מעשים, יעדער איינער האָט אַריינגעקוקט אין דעם צווייטענס שיסעל און מען האָט אָנגעהויבען כאַפּען איינער פון צווייטען. קורץ, עס איז געוואָרען אַ הרג׳עריי און אַ קריגעריי ביז אין הימעל אַריין.

ווען דער גביר האָט דאָס דערזעהן, האָט ער געהייסען זיינע משרתים, מען זאָל צונעמען פון זיי די שיסלען און זיי פון הויז אַרויסטרייבען. האָט איינער אַ פרעג געטאָן דעם גביר: „סטייטש? וואו איז יושר? פאַרוואָס קומט אונז אַ גרעסערן פּסק ווי די יעניגע וועלכע זיצען דאָרטען ביים לומדי׳שען טיש? מיר האָבען אייך ווייניגסטענס ניט גענאַרט, מיר זיינען פראָסטע מענשען, און מיר האָבען זיך אויסגעגעבען פאַר אייך אַלס פראָסטע מענשען. מיר האָבען זיך אַרומגעהרג׳עט, ווייל מיר זיינען זשעדנע געווען אין אַ ביסעל גוטע עסען, יענע אָבער האָבען אייך אָפּגענאַרט פון קאָפּ ביז די פיס, זיי האָבען זיך אָנגעגעבען פאַר לומדים, אָבער אין אמת׳ן זיינען זיי נאָך פיעל פראָסטער פון אונז. אויב שטראָפען, דאַרפט איהר אונז אַלע גלייך באַשטראָפען, אָבער ניט זיי לאָזען זיצען און אונז אַרויסטרייבען!“

# דר. י. ל. שניצער

האָט דער גביר איהם געענטפערט: „אמת טאַקי, זיי האָבען אויך אַ גרויסען פאַרברעכען געגען מיר באַגאַנגען, אָבער זיי זיינען ניט ווערט אַזאַ שטראָף ווי איהר. זעהט ווי אָנשטענדיג זיי זיצען ביים טיש, און ווי ברידערליך זיי פאַרברענגען צוזאַמען. אָט דערפאַר אַליין וואָס ביי זיי הערשט אַזאַ מין שלום, קען איך זיי ניט באַשטראָפען. ביי אייך אָבער איז קיין שלום ניט געווען. איהר האָט זיך אַרומגעריסען ווי ווילדע חיות, דאַריבער מוזט איהר מיין הויז פאַרלאָזען".

דער דור הפלגה איז פונקט אַזוי זינדיג געווען ווי דער דור המבול, נאָר ביי זיי האָט געהערשט אַ געוואַלדיגער שלום און אחדות. „ויהי כל הארץ שפה אחת". אָט דערפאַר האָט דער אויבערשטער זייער שטראָף פיעל גרינגער געמאַכט, אָבער ביים דור המבול איז קיין שלום ניט געווען. מען האָט זיך אַרומגעריסען ווי ווילדע חיות. דעריבער האָט מען זיי פאַרניכטעט פון דער שעהנער וועלט.

# לך לך

**אברהם העברי.**

אַ סך אידען האָבען מיך געפרעגט, איך זאָל זיי ערקלעהרען, וואָס מיינט אַ איד? דורך וועלכע מעשים און דורך וועלכע הנהגה פאַרדינט אַ מענש פון דעם אידישען פאָלק, אַז מען זאָל איהם באַטראַכטען פאַר אַ ריכטיגען אידען?

ווען מען רעדט מיט אַ אידען פון אַלטען דור, וועט ער אייך זאָגען אַז אַ איד הייסט דער וועלכער לייגט תפילין אַלע טאָג, וועלכער היט אָפּ שבת, כשרות און נאָך אַזעלכע מצוות וואָס איז אויף דעם אידען אַרויפגעלייגט געוואָרען.

א איד פון דער היינטיגער וועלט וועט אייך זאָגען, אז א איד הייסט אַ מענש מיט אַ אידישער האַרץ; תפילות און מזמורים ברענגען קיין נוצען ניט. עהרליכקייט אין געשעפט, רחמנות אויף הילפלאָזע און געדריקטע — דאָס זיינען די צייכענס פון אַ ריכטיגען אידען.

אין אמת'ן, האָט יעדערער פון זיי אַרויסגעזאָגט אַ האַלבען אמת. אַ איד, וואָס לייגט תפילין און זאָגט אַ סך תהלים און האָט ניט קיין גע־פיהל פון רחמנות אין זיך, וואָלט שוין פיעל בעסער געווען אַז ער זאָל גאָר קיין תפילין ניט לייגען, ווייל דורך זיין ביסעל כלומר'שטדיגע אידישקייט, ברענגט ער שאַנד אויף'ן כלל ישראל. די אויסערע וועלט קען דענקען אַז דאָס אידענטום ערלויבט צו טהאָן אַזעלכע זאַכען: אָט איז אַ איד וואָס מיט איין האַנד לייגט ער תפילין און מיט דער צווייטער האַנד נעהמט ער פּראָצענט און שינדט די הויט פון זיינע מיטמענשען.

דער צווייטער, ווידער, וואָס איז פיין, עהרליך און גוט צו דער וועלט, נאָר ער איז ווייט אוועק פון אידישען פאָלק און פון די אידישע גייסטיגע אוצרות, איז געגליכען צו אַן עלעקטרישען לעמפּעל אין וועלכען דאָס דינינקע דרעטעלע האָט זיך איבערגעריסען, אויסוועניג קוקט אויס די

## דר. י. ל. שניצער

גלעזעל גאַנץ, מען קען אין דעם קיין שום חסרון ניט זעהן, אָבער קיין ליכט וועט עס שוין ניט געבען. ער עקזיסטירט אַלס מענש, אָבער אַלס איד איז ער געשטאָרבען.

דעם ריכטיגען טיפּ פון אַ גאַנצען אידען, פון אַ פאָלקאָמענעם אידען קענען מיר נאָר געפינען אין דער פּערזאָן פון אברהם. זיין אידישקייט איז געווען געגרינדעט אויף צוויי זיילען: א טיעפע אמונה אין גאָט און אַ שטאַרקע ליעבע צו דער מענשהייט.

פּראָפעסאָר מאַרטענס זאָגט: רעליגיע האָט צוויי אורשפּרונגען: זי שטאַמט פון צוויי קוואַלען: פון די עמאָציעס (דאָס מיינט, פון אויפ־גערודערטע געפיהלען) און פון דענקען, ווען דער מענש באַגרייפט די געהיימע קראַפט פון דער נאַטור.

אברהם האָט די גאָטהייט מיט זיין אייגענעם שכל אויסגעפונען, דאַריבער האָט קיין שטורם ווינד ניט געקענט אַרויסרייסען זיין אמונה פון האַרצען. אַ בעוויז האָבען מיר: ווען גאָט האָט געפּרואווט אַ טריי־סעל טאָן דעם פונדאַמענט פון אברהם׳ס אמונה מיט דעם נסיון פון דער עקדה.

אברהם האָט אַוועקגעוואָרפען די געטער פון זיין פאָטער, ווייל זיי האָבען געפאָדערט מענשליכע קרבנות. פּלוצים קומט זיין גאָט צו איהם אויך מיט דער זעלבער פאָדערונג. פאַר א אידען וואָס האָט גע׳ירש׳ענט זיין אמונה פון זיינע עלטערען, וואָלט דאָס געווען גענוג צו פאַר־לעשען יעדען פונק פון זיין גלויבען. וויבאַלד אַז דער גאָט וויל אויך מענשען אָפּפער, טאָ מיט וואָס איז ער בעסער פון מיין פאָטער׳ס געטער? אָבער אברהם׳ס אמונה איז געקומען פון דענקען. „הכיר את בוראו“. ער האָט מיט זיין שכל באַגריפען אַז עס מוז זיין אַ העכערע, גרעסערע קראַפט וועלכע רעגירט און פיהרט די וועלט, און ווען דיעזע קראַפט פאַרלאַנגט זאָגאַר מענשען אָפּפער, מעג מען איהר טרויען.

זיין גרויסע ליעבע ווידער צו די מענשהייט האָט אויך קיין גרענעץ ניט געהאַט, זיין האַרץ איז אויסגעגאַנגען צו אַלע אומגליקליכע אָהן אויס־נאַהם, אָהן אונטערשיעד צי זיי זיינען צדיקים אָדער רשעים. ווען גאָט האָט געזאָגט אַז ער געהט אומברענגען די איינוואוינער פון סדום, וואָלט

# מענש און תורה

אַ היינטיגער מאָדערנער צדיק געזאָגט: אַ רעכט אויף די אַפּיקורסים! אברהם אָבער האָט געבעטען גאָט אַז ער זאָל אויף זיי רחמנות האָבען.

אָט דאָס איז דער ריכטיגער טיפּ פון אַ ריכטיגען אידען: אַ איד צו זיין גאָט, אַ איד צו זיין פאַמיליע, אַ איד צו זיינע ברידער און אַ איד אויך פאַר פרעמדע. אַזאַ זעלטענער פערזענליכקייט ווי אונזער טאַטע אברהם איז געווען, איז מיט רעכט געקומען דער נאָמען „אב המון גוים״, דער פאָטער פון פילע פעלקער, מיט וועלכען גאָט האָט איהם באַטיטעלט, ווייל ער איז געווען איד און מענש, מענש און איד!

**
*

פרעגט מיך אַ איד אַ קשיא:

דער מדרש דערצעהלט אונז: אַז אברהם׳ס טאַטע פלעגט פאַברי־צירען געטער. איין טאָג האָט אברהם גענומען אַ האַק און האָט צע־בראָכען אלע געטער, באַר בלויז איין גאָט, דעם גרעסטען, האָט ער אי־בערגעלאָזען און האָט דערצעהלט דעם פאָטער א מעשה, אז דער גרויסער גאָט איז אין כעס געוואָרען אויף די קליינע געטלעך, האָט ער גענומען אַ האַק און האָט זיי אַלעמען צובראָכען. זאָגט דער פאָטער צו איהם: סטייטש? ווי איז דאָס מעגליך? ער איז דאָך בלויז פון האָלץ געמאַכט? זאָגט צו איהם אברהם: אַז דו ווייסט אַז דאָס איז בלויז אַ שטיק האָלץ, טאָ וואָרום גלויבסטו אין דעם? פרעגט זיך די פראַגע: האָט אברהם שוין גאָר ניט געקענט געפינען קיין אַנדער וועג צו ווירקען אויף זיין פאָטער, אַז ער זאָל אָוועקוואַרפען די אידעע פון די געטער ווי נאָר זיי צוברעכען?

אַלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם ישוב׳ניק:

אַ ישוב׳ניק, וועלכער האָט געהאַלטען אַ שטיקעל קרעטשמע אין אַ דאָרף און איז געווען זעהר אַ גרויסער אָרעמאַן, איז אַמאָל אין מיטען נאַכט אויפגעוועקט געוואָרען פון דעם גלח פון יענער געגענד, וועלכער האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר זעהר אַ גרויסען אַנטיסעמיט און שונא ישראל. דער איד איז, נעביך, געבליבען שטעהן ווי פאַראַליזירט פון שרעק און האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידען. דער גלח האָט באַמערקט

## דר. י. ל. שניצער

דעם אידענ׳ס שרעק, איז ער צוגעגאַנגען צו איהם און איהם פריינדליך אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און געזאָגט: „שרעק זיך ניט, מאָשקע! אמת, איך האָב טאָקע דיינע אידען זעהר פיינד, אָבער דיר וועל איך קיין שלעכטס ניט טאָן. אַלעס וואָס איך פאַרלאַנג פון דיר, איז אַ גוטע וועטשערע און אַ ווייכען געלעגער. איך פאַרלאַנג ווידער דאָס ניט פון דיר אומזיקסט, איך וועל דיר פאַר אַלעס זעהר גוט באַפרידיגען״.

דער איד האָט געטאָן דעם גלח׳ס רצון. ער האָט איהם געגעבען א גוטע וועטשערע צו עסען און אַ ווייכען געלעגער צום שלאָפען. דער גלח האָט איהם געוואָלט באַצאָהלען דערפאַר. אָבער דער איד האָט זיך אָפּגערופען: „חלילה, פאָטערל! איך וויל דערפאַר קיין געלד ניט. ביי מיר איז דאָס די גרעסטע עהרע, אַז איך האָב דיר געקענט מיט עטוואָס דיענען״.

אויף מאָרגען פריה, איז דער גלח אויפגעשטאַנען און האָט דעם אידען גאַנץ העפליך באַדאַנקט פאַר זיין גאַסט-פריינדשאַפט און איז אַוועקגעפאָהרען. ווען דעם ישוב׳ניק׳ס ווייב איז אַריין אין חדר וואו דער גלח איז געשלאָפען, האָט זי געפונען אונטערן קישען אַ גאָלדענעם „יעזוס״ מיט צוויי גרויסע דימענטענע אויגען אַריינגעשטעלט.

דער איד האָט געוואָרט אַ שטיקעל צייט אַז דער גלח זאָל קומען אָפּנעמען זיין יעזוס, אָבער אַזוי ווי דער גלח איז ניט געקומען, האָט ער גענומען דעם יעזוס און איז געפאָהרען מיט דעם אין שטאָט אריין עס צו פאַרקויפען, אָבער קיין יובעלירער האָט עס ניט געוואָלט קויפען, זיי האָבען מורא געהאַט דאָס גאָר אפילו אין האַנד אַריינצונעמען. האָט דער ישובניק גענומען דעם יעזוס און איהם צובראָכען אויף שטיקלאַך. אויף שטיקלאַך האָבען זיך יאָ געפונען א סך בעלנים און דער ישוב׳ניק איז פון דעם רייך געוואָרען.

מיט אַ פּאָר יאָהר שפּעטער איז דער גלח ווידער געקומען צום אידען אין הויז. און זעהענדיג ווי דער איד איז דערהויבען געוואָרען, גיט ער איהם אַ זאָג: „ווי איך זעה, מאָשקע, ביזטו רייך געוואָרען?״

„יאָ, פאָטער׳ל, גאָט האָט מיר געהאָלפען״.

„זאָג דעם אמת, מאָשקע, וועלכער גאָט האָט דיר געהאָלפען? מיין גאָט, צי דיין גאָט?״

## מענש און תורה

איך וועל דיר זאָגען, פאָטער׳ל, — האָט דער איד איהם געענט־פערט — געהאָלפען האָט מיר טאַקע דיין גאָט, נאָר ווייסטו ווען ? ווען איך האָב איהם צוּבראָכען אויף שטיקלאַך. גאַנצערהייט האָב איך מיט איהם גאָרנישט געקענט מאַכען״.

אברהם, משמעות, האָט אויך געוואוסט פון דעם סוד, אַז כל זמן די פאַלשע געטער זיינען גאַנץ, קען קיין הילף אויף דער וועלט ביט זיין, האָט ער זיי צעבראָכען אויף שטיקלאַך. דאַן איז די וועלט געהאָלפען געוואָרען.

# וירא

און די מענשען פון סדום זיינען געוועזן שלעכט געגען גאָט און גרויסע זינדער. האָט גאָט געזאָגט: דער געשריי איבער סדום און עמורה איז אזוי גרויס און זייערע זינד אזוי שווער, אז איך מוז אַראָפּנידערען און זעהן אויב זיי האָבען טאַקע געטהאָן ווי דער געשריי איז, דאַן מאַך איך פון זיי אַ תל, איך מוז זיי אויסראָטען!

דער חומש וואָס איז געוועהנליך זעהר קורץ, דערצעהלט ניט וואָס די מענשען פון סדום האָבען געטהאָן צו דערצאָרענען גאָט. נאָר די גמרא און דער מדרש דערצעהלען, אַז די סדום־לייט זיינען באַגאַנגען אַזעלכע פאַרברעכענס, אז עס האָט געמוזט אויפשוידערען יעדען עהרליכען מענשען.

איצט שטעלט זיך פאַר: ווען גאָט קומט זיך באַקלאָגען אויף סדום ניט פאַר אברהם אבינו, נאָר פאַר אַ פרומען אידען פון דער היינטיגער צייט, וואָלט ער אַרויס פון די כלים און אויסגערופען:

— וואָס הייסט, מענשען זיינען אַזוי זינדיג? מען דאַרף זיי עוקר מן השורש זיין, ארויסרייסען זיי מיט'ן וואָרצעל, אַז עס זאָל פון זיי קיין געדעכעניש ניט בלייבען.

אַזוי האָבען טאַקע פרומע אידען אַמאָל געטהאָן: געכאַפּט ערגעץ אַן אפיקורס א חטאת'ניק האָט מען איהם אין חרם געלייגט, מלקות גע־שלאָגען, אין קונע געזעצט, איבער די גאַסען מיט אַ לונג־און־לעבער געפיהרט און זיינע קינדער פאַר סאָלדאַטען אָפּגעגעבען. אַ פאַרזינדיגטער איד, אַ בעל־עברה'ניק האָט קיין תקומה ניט געהאַט, פרומע אידען האָבען פון איהם נקמה גענומען פאַר'ן רבונו־של־עולם.

ווער רעדט די פרומע קריסטען, זיי זיינען נאָך פיעל ערגער געוועזן. עס איז ניט נויטיג איבערצוגעבען וועלכע באַרבאַרישע נקמה די קריסטליכע

# מענש און תורה

פרומאַקעס האָבען גענומען פון די מענשען, וועלכע האָבען זיך מיט עפּעס פאַרזינדיגט געגען זייער קריסטליכען גאָט.

די געשיכטע פון דער אינקוויזיציע אליין ווייזט וויפיעל פרומע קריסטען האָבען געשליפען זייער מח און געמאַכט אַלערליי ערפינדונגען צו פאַרפייניגען מענשען צום טויט.

און דאָס איז אַלץ געווען פון גאָט׳ס וועגען, מען האָט גענומען פאַר איהם נקמה פון די זינדער וואָס האָבען איהם דערצאָרענט. און מען קען זיך פאָרשטעלען, ווען ער, דער ליעבער גאָט, וואָלט געקומען מיט דער מעשה סדום צו די פרומע קריסטען וואָלטען זיי איהם געהייסען נעהמען פון די סדום׳יטען אַזאַ מין נקמה, וואָס אפילו דער טייוועל וואָלט ניט געקענט אויסקלעהרען.

גאַנץ אַנדערש אָבער האָט אונזער פאָטער אברהם געהאַנדעלט. ער, דער ערשטער איד, האָט ניט געלעכצט נאָך נקמה פון דער זינדיגער סדום, נאָר ער האָט געהאַט טענות צו גאָט: „וואָס הייסט, דו ווילסט איבערקעהרען סדום? — האָט אברהם געמאָהנט — טאָמער זיינען דאָ אין סדום פופציג עהרליכע מענשען, ווילסטו זיי אויך אומברענגען צוליעב די אומעהרליכע, וואו איז גערעכטיגקייט?״

און אַז גאָט האָט איהם נאָכגעגעבען, אז ער וועט די זינדיגע סדום ניט באַשטראָפען, אויב ער וועט דאָרטען געפינען פופציג צדיקים, האָט אברהם אָנגעפאַנגען זיך צו דינגען:

„באשר איך האָב אויסגערעדט פופציג? — האָט ער געזאָגט, — און טאָמער איז דאָ ווייניגער ווערסטו געהן חרוב מאַכען אַ שטאָדט?״

אַזוי איז אברהם געשטאַנען ווי אַן אייזערנע וואַנט צו פאַרטיידיגען די זינדיגע סדום און אברהם איז געוויס געווען אַ פרומער, ער איז גע־ווען דער ערשטער איד אויף דער וועלט; דער ערשטער וואָס האָט גע־לעגט דעם פונדאַמענט פון דער אידישער רעליגיע און געלערענט דער וועלט די אידישע פּרינציפּען פון אחדות הבורא, טאָ ווי אַזוי האָט ער זיך געקענט איינשטעלען פאַר דער זינדיגער סדום?

דאָס ווייזט, אַז דער פרומער אברהם איז געווען אַנדערש פון געוויסע פרומאַקעס, ביי וועלכע די פרומקייט דערגרייכט ביז צו פאַ־נאַטיזם פון נקמה. אברהם האָט געקעמפט און געוואָלט אויסראָטען גע־

צענדינערײַ און נאָך אַזעלכע מיאוס'ע זינד, אָבער ניט די פאַרזינדיגטע, די מענשען זײַנען איהם געווען ליעב און ער האָט ניט געזוכט פון זיי קיין נקמה דערפאַר וואָס זיי זײַנען ניט פרום.

אָט דער שעהנער אידעאל פון טאָלעראַנץ צו אַלע מענשען, וואָס אברהם האָט אויסגעדריקט אין דער געשיכטע פון סדום, האָט אזוי אימפּאָנירט די חכמים פון מדרש, דאָס זיי האָבען אויף איהם אויסגעטייטשט אַ פּסוק אין תהלים:

„אמר לו הקב"ה לאברהם: אהבת צדק ותשנא רשע, אהבת לצדק את בריותי: ותשנא רשע, מאנת לחיבן: על כן משחך אלהים".

אברהם, דו האָסט ליעב צו פאַרטיידיגען מײַנע באַשעפּענישען און צו האַלטען זיי פאַר צדיקים, דו האָסט פײַנט צו מאַכען זיי פאַר רשעים און זיי צו באַשולדיגען, ווי עס טהוען די פאַנאַטיקער... דערפאַר זאַלב איך דיר מעהר פון אַלע פירשטען, „לך לך" געה לערען דער וועלט דעם אמת'ן גלויבען: דעם גלויבען, וואָס איז ניט געבויט אויף האַס און נקמה, נאָר אויף טאָלעראַנץ און ליעבע צו די מענשען.

***

פרעגט מיר אַ איד אַ קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם", תלמידי חכמים ברענגען שלום אויף דער וועלט. פרעגט זיך די קשיא: בית שמאי און בית הלל קריגען זיך, אביי און רבא האמפּערען זיך, רב און שמואל זײַנען ווי פייער מיט וואַסער, רבינא און רב אשי האַרמאָנירען ניט צוזאַמען, טאָ ווי אזוי ברענגען זיי שלום אויף דער וועלט?

אלס ענטפער אויף זײַן קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם גוראָטענעם זוהן:

אַ קליין-שטעדטעלדיגער גביר האָט געהאַט צוויי זיהן, איינער איז געווען אַ קלוגער און דער צווייטער אַ נאַר, די נאַרישקייט וואָלט שוין אזוי פיעל ניט אויסגעמאַכט, האָט ער אָבער געהאַט נאָך אַ גרעסערען חסרון, וואָס ער האָט זיך אײַנגערעדט, אַז ער איז זעהר אַ גרויסער חכם און די גאַנצע וועלט זײַנען נאַראָנים, ער איז דער איין-איינציגער קלאָהרער מענש און די גאַנצע וועלט איז משוגע.

## מענש און תורה

דער פּאָטער איז אומגעגאַנגען פאַרצווייפעלט און געזוכט אַ מיטעל ווי אזוי ארויסצוטרייבען פון זיין נאַרישען זוהן די איינבילדונג. ענדליך איז ער געפאַלען אויף אַ פּלאַן. ער האָט געהייסען זיין קלוגען זוהן, אַז ער זאָל נעהמען זיין נאַרישען ברודער אויף אַ רייזע איבער דער וועלט. אַז ער וועט זעהן די גרויסע וועלט און זיך צוקוקען צו דעם לעבן פון פאַרשידענע מענשען, וועט ער פיליכט אַביסעל קליגער ווערען, און אויב שוין אפילו ניט קליגער ווערען, וועט ער זיך ווייניגסטענס דערוויסען, אַז ער איז ניט אַזאַ חכם און לייטע זיינען ניט אַזוי נאַריש.

ווען די ביידע ברידער זיינען אָנגעקומען אין שטאָדט אריין, זיינען זיי גראדע פאַרבייגעגאַנגען אַ גרויסע געביידע, אַ פאַבריק, וואו עס האָבען זיך געפונען די טייערסטע געהילצען און מענשען זיינען געשטאַנען מיט העק און מיט זעגען און מען האָט דאָס טייערע האָלץ צושניטען אויף קליינע שטיקלאַך, רופט זיך אָפּ דער נאַר:

„נו, ברודער, וואָס זאָגסטו צו דעם? אַז איך זאָג, אַז די וועלט איז משוגע, מעגסטו מיר גלויבען, דו זעהסט דאָך אַליין; מען נעהמט אַזעלכע טייערע שטיקער האָלץ און מען צוזעגט זיי אויף קליינע שטיק-לעך".

דער קלוגער ברודער שווייגט און זאָגט קיין וואָרט ניט. זיי געהען אַביסעל ווייטער, זעהען זיי דורך אַן אָפענעם פענסטער ווי אויפ'ן טיש ליגען צעוואָרפען שטיקער זיידענס, שטיקער סאָמעט און מענשען שטעהען מיט מעסערס און מען צושניידט עס אויף קליינע שטיקלאַך. רופט זיך אָפּ דער נאַר:

„קוק נאָר אָן די משוגעים! מען נעהמט אַזעלכע טייערע שטיקער סחורה און מען פיהרט זיי איבער!"

זאָגט צו איהם דער קלוגער ברודער:

„אפשר ביזטו טאַקע גערעכט, נאָר לאָמיר אריינגעהן אינוועניג און זעהן וואָס דאַרטען טהוט זיך".

ווען זיי זיינען אַריין אינוועניג, האָבען זיי געזעהן ווי שניידער נעהמען צוזאַמען די צושניטענע שטיקער זיידענס און מאַכען פון זיי טייערע קליידער.

## דר. י. ל. שניצער

„און איצט, גרויסער חכם מיינער, לאָמיר צוריק געהן אין יענעם הויז, וואו מען האָט דאָס טייערע האָלץ צושניטען".

ווען זיי זיינען אַריין אינוועניג, האָבען זיי געזעהן ווי סטאָליאַרעס קלייען צוזאַמען די צושניטענע שטיקער האָלץ און מאַכען פון זיין די טייערסטע מעבעל, דאָ האָט שוין דער נאַר אַראָבגעלאָזט זיין קאָפּ און אויפגעהערט שרייען, אַז די וועלט איז משוגע.

ווען איהר, מיין פריינד, וואָלט געקוקט אַביסעלע ווייטער אין דעם „אמר רבי אלעזר", וואָלט איהר געזעהן ווי עס שטעהט: „אל תקרא בניך אלא בוניך", רוף עס ניט קיין קינדער־שפּיעל, נאָר רוף עס בויער! קאָנסטרוקטיווע מענשען, אַרכיטעקטען מיט בוי־אידעען.

אמת, מען קריגט זיך אַרום. דער האַקט אין איין ווינקעל, דער זעגט אין אַ צווייטען ווינקעל, דער טשעסעט אין אַ דריטען ווינקעל, אָבער פון דעם האַקען, טשעסען און זעגען איז אויפגעבויט געוואָרען דער גרויסער תלמוד־בנין, וואָס האָט געשאַרפט און געשליפען אונזערע מוחות, באַלויכטען אונזערע גלות טעג און אויפגעהאַלטען אונז פון אונטערגאנג.

# סדום ועמורה

## לפרשה וירא

„פאָרטונא״ די גריכישע געטין פון „מזל״, איז אַמאָל געווען פאַרעהרט און פאַרגעטערט ביי אלע נאַציאָנען פון יענער צייט. טעמפלען פלעגט מען פאר איהר בויען אין די הערצער פון אלע נאַציאָנען, און די גאנצע פאַמיליע, וואָס האָט זיך גערופען „מענשהייט״, פלעגט צו איהר דינען — דער חכם, דער הייליגער, דער רייכער, דער אָרימער, דער ציוויליזירטער און דער פרימיטיווער מענש. אלע, אלע פלעגען זיך בוקען צו איהר און ברייגגען ליעבע, כבוד, געזונט און אפילו דאָס לעבען זעלבסט אלס קרבנות אויף די מזבחות פון איהרע טעמפלען. די געטין פון מזל איז פאָרגעשטעלט געוואָרען אלס בליהענדע, יונגע, רייצענדע פרוי, פאַר־בונדען מיט א שלייער איבער איהרע אויגען, מיט איין פוס איז זי געשטאנען אויף א ראָד און אין איהר רעכטער האַנט האָט זי געהאלטען א גרויסען האָרן. דער שלייער איבער איהרע אויגען האָט פאָרגעשטעלט, אז זי שענקט בלינדערהייט מתנות צו די יעניגע וועלכע בוקען זיך צו איהר. דער שיקזאל פון די מענשען, וואָס קומען צו איהר מיט זייערע תפלות, ווערט ניט קאָנטראָלירט און באַשטימט לויט זייערע פאַרדינסטען און טאַלאַנט, נאָר בלויז דורך א בלינדען צופאַל. די ראָד, אויף וועלכער זי איז גע־שטאַנען אָנגעשפאַרט, האָט סימבאָליזירט איהר קאַפּריזנעם כאַראַקטער, אויף וועלכען דער מענש קען זיך ניט פארלאָזען. און אין דעם גרויסען האָרן זיינען געלעגען אָנגעפאקט די ברכות און די קללות, וואָס זי פלעגט ארויס־שיקען אויף דער וועלט.

אין דער מאָדערנער וועלט האָבען מיר ביז איצט אויך געהאט אַזאַ מין געטין, נאָר אָנשטאָט דעם אַמאָליגען נאָמען „פאָרטונא״, האָט זי ביי אונז געהייסען „פּראָספּעריטי״. זי האָט אויך פאַרכאַפּט אלע מזבחות און

## דר. י. ל. שניצער

אלע טעמפלען און די גאַנצע משפחה האָט געדינט צו איהר. איהרע סימ־באָלען און וועגען זיינען אויך געווען די זעלבע ווי אמאָל: דער זעלבער באַנד איבער איהרע אויגען; די זעלבע ראָד אונטער איהרע פיס; דער זעלבער האָרן אין איהר רעכטער האַנט און דער זעלבער קאַפּריז, און דער זעלבער צופאַל. זי האָט גאַנץ אָפט אויסגעקליבען פאר איהרע ברכות די נידעריגע און אונווירדיגסטע און פאַרפאָלגט מיט איהרע קללות די בעסטע און די איידעלסטע.

ווי מיר זעהען, האָט זיך אונזער וועלטעל װעניג וואָס געענדערט. עס איז די זעלבע יענטע דוואָסע, נאָר מיט אַן אַנדער שלייער. אפילו די שעהנע טהאַטען פון סדום און עמורה שפּילען זיך אויך אָפּ אין אונזער איצטיגער געזעלשאַפט.

די גמרא, אין סנהדרין, רעכענט אויס אַ סך חטאים, וועלכע די איינ־וואוינער פון סדום זיינען באַגאַנגען. איך וועל נאָר נעמען איניגע פון זיי און ווייזען ווי עהנליך מיר זיינען צו די אַמאָליגע סדום׳ער דזשענטעללייט.

1. זיי האָבען ניט געוואָלט האָבען אין זייער מיטע קיינע מענשען פון פרעמדע לענדער. אונזערע מאָדערנע לענדער האָבען אויך פאַרמאַכט זייערע טויערען און לאָזען קיין עמיגראנטען ניט אריין.

2. אז איינער האָט געהאַט א רייהע ציגעל אין זיין הויף, איז יעדערער געקומען און געכאַפּט אַ ציגעל ביז עס איז גאָרנישט געבליבען. דיזע מעטאָדע ווערט אויך אין אונזערע איצטיגע מאָדערנע לענדער דורכגע־פיהרט. יעדער קאָרפּאָריישאָנדעל כאַפּט בלויז איין ארטיקעל, איין ציגעל, איין ביסען ברויט פון דעם אָרימען קרעמער און מען לאָזט איהם שטעהן מיט גאָרנישט. מען צעכאַפּט זיינע ביסעל ציגעל און אין קול ואין עונה! עס איז ניטאָ ווער עס זאָל זיך פאר איהם אָננעהמען.

3. אין מיטען שטאָדט איז געפלאָסען א טייך און אויבען איז געווען א בריק. דער יעניגער, וואָס איז געגאַנגען איבער׳ן בריק, האָט געצאָהלט בלויז איין גאָלד־שטיק. און די, וועלכע האָבען געבראָדזשעט אין וואסער, האָבען געמוזט צאָהלען צוויי גאָלד־שטיק. אין אונזער מאָדערנער וועלטעל איז איצט אויך אזוי. א סך, א סך פון אונז בראָדזשען, נעבעך, צו פוס

# מענש און תורה

אין די טיפע וואַסערן פון לעבען, וועהרענד די רייכע נעצען קיינמאָל זייערע פיס ניט איין. דעם אָרימאַן קאָסט דאָס בראָדזשען אין וואַסער נאָכאַמאָל אזוי פיעל, ווייל ער מוז נעהמען אלעס אויף באָרג און אויף קרעדיט. דער רייכער אבער געהט אויף א בריק פון גאָלד, איהם קאָסט אַלעס ביליגער.

4. אז איינער האָט פארקלאָגט דעם צווייטען אין געריכט, אז ער האָט איהם צעבלוטיגט, פלעגט דער ריכטער זאָגען צום קלעגער: באצאָהל איהם פאַרוואָס ער האָט געטהאָן די ארבייט פון א דאָקטאָר און דיר בלוט גע־לאָזען. אין אונזערע איצטיגע מאָדערנע געריכטען קען מען נאָך געפינען פיעל ערגערע זאַכען ווי דאָס: כאַבאַר, גרעפט און „פול", דאָס זיינען די דריי הויפּט זיילען, וועלכע האַלטען אונטער אונזער בית־המשפּט.

5. אין סדום איז געווען א בעט פון א געוויסער לענג און יעדער אורח, וואָס איז אַהין געקומען, האָבען זיי איהם געלייגט שלאָפען אין דיעזען בעט. און אויב דער אורח איז געווען לענגער ווי דאָס בעט, פלעגט מען איהם קירצער מאַכען... און אויב ער איז געווען קירצער, האָבען זיי איהם אזוי לאַנג געצויגען, ביז ער איז געוואָרען די זעלבע מאָס ווי דאָס בעט. א סך, א סך מאָדערנע לענדער אונזערע זיינען אזוי אונטאָלעראַנט, אז טאָמער געפינט זיך איינער, וואָס האָט דעם קוראַזש צו ערקלעהרען, אַז ער איז ניט איינשטימיג מיט די פיהרונגען פון לאַנד, מאכט מען איהם מיט א קאָפּ קירצער, אָדער מען ציהט איהם גליד פאַר גליד.

6. ווען אן אָרימאַן איז געקומען אין שטאָדט, האָט יעדערער איהם געגעבען א מטבע מיט זיין נאָמען אויסגעקריצט אויף איהר, אבער שפּע־טער, ווען דער אָרימאַן האָט געוואָלט קויפען ברויט פאר איהר, האָט איהם קיינער ניט פאַרקויפט. דער אָרימאַן איז געשטאָרבען פון הונגער און יעדערער איז געקומען נאכהער און צוגענומען זיין מטבע. אין אונזער מאָדערנער וועלטעל איז איצט אויך אַזוי. אָט איז פול אין אַלע צייטונגען אז אונזערע מיליאָנערען האָבען געגעבען מיליאָנען אויף „טשאַריטי". איינער האָט געגעבען אויף ביבליאָטעקען, דער צווייטער אויף דול־הייזער. און אין דער זעלבער צייט געהען אויס מיליאָנען פון הונגער און קיין רחמנות

## דר. י. ל. שניצער

פרעגט מיך א איד א קשיא:

איז ניטאָ! אין סדום האָט מען געגעבען האַרטע מטבעות, און איצט גיט מען ביבליאָטעקען, אוניווערזיטעטען און דול־הייזער. אָבער עס איז דער זעלבער פעטער מאָטע מיט דער אלטער בלאָטיגער קאַפּאָטע...

***

ווי מיר וויסען, איז אונזער פאָטער אברהם אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט גענומען גלויבען אין „מאָנאָטעאיזם", אין איין־איינציגען גאָט. ער איז אויך געווען אָריגינעל אין זיין גלויבען, ווייל ער האָט די גאָטהייט מיט זיין אייגענעם שכל אויסגעפונען, ניט גע׳ירש׳ענט פון זיין טאַטען, ר׳ תרח. פרעגט זיך א פראַגע: ווי קומט עס, אז אַזאַ דענקענדע פערזאָן ווי אברהם איז געווען, זאָל גלויבען בלינד און זאָל אפילו דעם נאָמען פון זיין גאָט ניט וועלען וויסען? ווייל אין א צייט שפּעטער געפינען מיר, אז גאָט האָט איהם ערשט זיין נאָמען געזאָגט, „אני אל שדי" — איך בין אל שדי, „אתהלך לפני והיה תמים". געה מיט מיר, וועסטו זיין א גאַנצער איד. וואָס איז ער ביז איצט געווען? א האַלבער איד?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם ארבייטער:

צו איינעם, א גביר, אין א גרויסער שטאָדט, איז געקומען א פרעמדער יונגערמאַן און האָט פאַרלאַנגט, אז ער זאָל איהם געבען א שטעלע אין זיין געשעפט. רופט זיך אָפּ דער גביר צו איהם: וואָס הייסט איך זאָל דיר געבען א שטעלע? איך ווייס דאָך אפילו ניט צי דו טויגסט צו עפּעס? זאָגט דער יונגערמאַן צו איהם: ווייסט איהר וואָס? נעהמט מיך צו אויף א חודש צייט אויף פּראָבע, וויפיעל איהר וועט מיר געבען א וואָך וועל איך זיין צופרידען, דערווייל אבער וועט איהר קענען אויסגעפינען צי איך בין פעהיג אָנצוהאַלטען די שטעלע אָדער ניט.

דעם גביר איז דער פאָרשלאַג זעהר געפעלען געוואָרען. ער האָט געטהאָן דעם יונגענמאַנ׳ס פאַרלאַנג און איהם אָנגעשטעלט אויף א חודש צייט אויף פּראָבע. די גאַנצע צייט פון דער פּראָבע זיינען ביידע זעהר צופרידען געווען. דער יונגערמאַן האָט געטהאָן אלעס וואָס ער האָט פאַר־

# מענש און תורה

שטאַנען צו טהאָן, און דער בעל הבית האָט איהם געצאָהלט וויפיעל ער האָט געוואָלט. אָבער אז דער חודש איז אריבער האָט זיך אָפּגערופען דער גביר צום יונגענמאן:

„ביז איצט איז געווען ביי אונז בלויז באַקאַנטשאַפט, איצט אָבער דאַרפען מיר אָפּמאַכען צווישען זיך א האַנדעלשאַפט. איך וויל, אז מיר זאָלען מאַכען א קאָנטראַקט, כדי צו וויסען אויף ריכטיג, וואָס דיין ארבייט איז, וויפיעל שטונדען א טאָג דו דאַרפסט ארבייטען און וויפיעל געהאָלט דו זאָלסט קריגען פאר דיין ארבייט".

אין אָנפאַנג האָט אברהם גענומען דינען גאָט אויף פּראָבע. ער האָט מיט זיין אייגענעם שכל אויסגעפונען, אז עס איז דאָ א באַשעפער אין הימעל, און דער אויבערשטער האָט איהם געצאָהלט דערפאַר. שפּעטער אָבער האָט דער אויבערשטער צו איהם א זאָג געהאָן: ביז איצט, אברהמ׳על, איז געווען צווישען אונז בלויז א באַקאַנטשאַפט... איצט אָבער וויל איך מיט דיר א קאָנטראַקט מאַכען! איך וויל, אז דו זאָלסט וויסען, אז „אני אל שדי", איך בין דיין בעל הבית, און דו ביזט מיין שטענדיגער ארבייטער, „אתהלך לפני" געה נאָר פאַרוועהרטס אזוי ווי דו ביזט אין דיינע פּראָבע טעג געגאַנגען, „והיה תמים" וועסטו זיין א גאַנצער איד... א איד צו זיין גאָט, א איד צו זיין פאַמיליע, און א איד אויך פאַר פרעמדע!....

„אב המון גוים", א טאַטע אבער פיעל פעלקער!...

# חיי שרה

קומען צו מיר צוויי יונגעלייט, איך זאָל ענטשיידען זייערע אַ דעבאַטע.

איינער זאָגט, אַז נאָך זיין שכל נאָך קומט אויס, אַז אידישקייט איז בלויז גוט־הערציגקייט, אַ באַוויז האָט ער: ווען אברהם האָט געשיקט זיין קנעכט אליעזר זוכען אַ פּאַסענדע פּרוי פאַר זיין זוהן יצחק, האָט אליעזר ניט געזוכט אויסצוגעפינען אויב רבקה בענטשט ליכט, אָדער נעהמט חלה, נאָר ער האָט געוואָלט זעהן צי זי וועט געבען אַ דאָרשטיגען רייזענדען אַ טרונק וואַסער. דאָס באַווייזט, אַז דער עיקר פון אידענטהום איז בלויז גוט־הערציגקייט.

זאָגט דער צווייטער, אַז פון אליעזר׳ן נעהמט ער קיין באַוויז ניט. ער נעהמט נאָר אַ באַוויז פון אברהם׳ן אליין. אַ גוטהארציגע פרוי מיט אַ שעהנעם כאַראַקטער האָט ער אויך געקענט געפינען ביי זיין פריינד ענר, אשכול און ממרא. אָבער אברהם האָט געקוקט אויף דער רעליגיעזער זייט פון דער פראגע: צי זי איז אַ אידיש קינד? אָט דעריבער האָט ער געשיקט אליעזר׳ן צו זיין פאַמיליע, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז דאָרטען וועט ער געפינען אַ ריכטיגע רעליגיעזע פרוי פאַר זיין זוהן.

אויסהערענדיג זייער דעבאַטע, האָב איך זיך צו זיי אָפּגערופען:

עס זיינען פאַראַן פיעל זאַכען אויף דער וועלט וואָס ווען איינער האָט בלויז אַ העלפט דערפון, האָט ער כמעט גאָרנישט. צום ביישפּיעל, אַ שערעל, ווען ביידע זייטלעך זיינען צוזאַמען, איז דאָס זעהר אַ נוצ־ליכער געגענשטאַנד, זאָל אָבער איינער האָבען איין זייטעל, און דער צווייטער דאָס אַנדערע זייטעל, איז דאָס גאָרנישט ווערטה! דאָס אידענטהום באַשטעהט אויך פון צוויי זייטען: דאָס געטליכע און דאָס מענשליכע. ווען ביידע זיינען צוזאַמען, הייסט עס אַ גאַנצער איד, אַ נוצליכער איד. ווען איינער אָבער איז זעהר פרום און האָט אַ פאַר־

## מענש און תורה

דאָרבענעם כאַראַקטער, דער צווייטער, ווידער, האָט אַ שעהנעם כאַ־אַקטער און איז ניט פרום, האָבעןביידע כמעט ווי גאָרניט. ווייל דעם מענשענ׳ס כאַראַקטער לאָזט זיך קנעטען ווי טייג. אַזוי לאַנג ווי דער מענש קומט ניט צו קיין נסיון, וועט זיין געוויסען איהם האַלטען ריין און אָרענטליך, קוים אָבער קומט צו אַ נסיון וועט דער ניט פרומער מיט קונצען און דריידלעך געפינען אַ היתר, אַז ער מעג עס טהון על פי יושר, און דער פרומער וועט געפינען אַ פשט׳ל, אַז ער מעג דאָס מאָל פאַרבויגען דעם שלחן־ערוך. דער איד אָבער, וואָס האָט ביידע זייטען אין זיך, דער איד איז אַ גאַנצער איד. ער וועט אימער אימשטאַנדע זיין בייצושטעהן דעם גרעסטען נסיון.

אלס ביישפּיעל קענען אונז דינען די צוויי פּערזאָנען פון אונזער תנ״ך: בלעם און אחאב. בלעם — אַ נביא צו וועלכען גאָט האָט זיך אייניגע מאָל באַוויזען און וועלכער האָט געשאָטען מיט מליצה אויף יעדען טריט און שריט, אָבער אין מידות און אין כאַראַקטער איז ער געוועזען איינער פון די ערגסטע. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקען אַפּעטיט צום גאָלד און זילבער וואָס בלק האָט איהם צוגעזאָגט, און האָט פּרובירט בייטען אייניגע מאָל זיין פּלאַץ טאָמער וועט איהם דאָך געלינגען אַ קללה אריינצוזאווארפען און כאַפּען אַ פּאָר דאָלאר.

אַחאָב, ווידער, איז געוועזען זעהר זינדיג געגען גאָט, אָבער ער האָט געהאַט אַ געוויסען אין זיך. אלס קעניג האָט ער געקענט צונעהמען אָן אונטערטאַהנ׳ס אייגענטום און קיינער וואָלט איהם קיין וואָרט ניט געזאָגט, דאָך אָבער ווען איהם איז געפעלען געוואָרען דער גאָרטען פון נבות היזרעאלי, האָט ער זיך געבעטען ביי איהם, אַז ער זאָל איהם פארקויפען, און ווען נבות האָט איהם ענטזאַגט, איז ער קראנק געוואָרען פון וועהטאָג, דאָס ווייזט, אַז אחאב איז געוועזען אַן אָרענטליכער מענש וואָס אין געוועהנליכע אומשטענדען וואָלט ער אַ פליעג אויף דער וואַנט ניט אָנגעריהרט, נאָר ווען עס איז געקומען צו אַ נסיון, האָט ער זיך גע־לאָזען איבעררעדען פון זיין ווייב איזבל און זי האָט דעם גאָרטען פאר איהם געקראָגען. אָט דאָס איז די פּרוכט פון יושר אָהן אמונה!

אברהם אבינו, וואָס ביי איהם האָבען זיך פאראייניגט ביידע זייטען פון אידענטהום, דאָס געטליכע און דאָס מענשליכע, האָט טאַקע באַ־

## דר. י. ל. שניצער

שוואַרען זיין קנעכט: בד׳ אלהי השמים ואלהי הארץ״ — אַז אין זיין זוהנ׳ס פרוי זאָלען זיך פאראייניגעןביידע זאַכען: דאָס געטליכע און דאָס מענשליכע, אָבער אליעזר האָט איינגעזעהן, אַז אמונה קען מען אין פינף מינוטען צייט ניט אויסגעפינען, מען מוז וואוינען מיט אַ מענשען יאָהרען־לאַנג ביז מען קען זאָגען אַ מיינונג וועגען זיין פרומקייט, האָט ער זיך וועגען פרומקייט פאַרלאָזען אויף אַ נס, און האָט בלויז גע־נומען בעאָבאַכטען די גוטהערציגקייט און די מענשליכע זייט פון יצחק׳ס כלה.

**
*

פרעגט מיר אַ איד אַ קשיא:

ווי מיר וויסען, האַלטען מיר זיך אידען פאר דעם אויבערשטענ׳ס אויסדערוועהלט פאָלק, און מיר האָבען אויך אַ רעכט זיך צו רופען מיט דעם נאָמען, ווייל ווען דער אויבערשטער האָט געוואָלט געבען די תורה אויף דער וועלט האָט ער אַרומגעפעדעלט מיט איהר צווישען אלע פעל־קער און קיינער האָט זי אין האַנד ניט געוואָלט נעהמען, נאָר מיר אידען האָבען אַ געשריי געטאָהן: „נעשה״, נאָך איידער מיר האָבען אפילו געוואוסט וואָס דאַרטען טהוט זיך. איז דאָך נאָכ׳ן שכל נאָך דאַרפען מיר אליין האָבען אַ גרויסען זכות ביי דעם רבונו של עולם, צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז ביי יעדער געלעגענהייט בעטען מיר גאָר ביי דעם אויי־בערשטען, אַז ער זאָל עס טהון פאר אונז צוליעב דעם זכות פון אונזער פאָטער אברהם. מיט וואָס איז דאָס אברהם׳ס זכות גרעסער ווי אונזער אייגענער זכות?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם ריכטער׳ס זוהן:

אַ יונגער פריץ האָט גע׳ירשנ׳ט פון זיין פאָטער אַ גאַנצען שטאָדט מיט הייזער, נאָר אזוי ווי דער יונגער פריץ האָט זיך ערצויגען פון קינד־ווייז אָן אין פאַריז, האָט ער ניט געוואוסט אז די שטאָדט־לייט דאַרפען איהם צאָהלען יעהרליך געוויסע צינזען און שטייערען פאר זיינע הייזער. אַלע האָבען געוואוינט אָהן געלד.

## מענש און תורה

עס איז אַוועק אַ שטיקעל צייט, האָט זיך דער פריץ געגומען אַרומזעהן, אַז ער האָט פון זיין ירושה קיין שום איינקונפט ניט, איז ער אַוועק צום גרעסטען ריכטער פון דער שטאָדט, וועלכער איז געווען זיין פאָטער׳ס אַ גוטער פריינד און איהם געבעטען ער זאָל איהם ערקלעהרען ווי אַזוי האָט זיין פאָטער געקענט דורכקומען מיט דער הוצאה, אַז די גיטער ברענגען גאָרנישט אַריין?

דער ריכטער האָט איהם אָנגעקוקט ווי משוגע, און איהם אַ פרעג געטאָהן:

„וואָס הייסט זיי ברענגען גאָרנישט אַריין? וואו זיינען די ציגזען און די שטייערען וואָס דו מאָהנסט איין יעדען יאָהר פון די איינוואוינער?"

„וואָס פאַר אַ ציגזען? וואָס פאַר אַ שטייערען? — האָט דער פריץ איהם געענטפערט — איך הער איצט דאָס ערשטע מאָל, אַז מען דאַרף מיר צאָהלען ציגזען און שטייערען".

— לאָז דאָס איבער צו מיר — האָט דער ריכטער געזאָגט — דו וועסט שוין זעהן וואָס פאַר אַן איינקונפט דיינע גיטער וועלען דיר אַריינברייינגען.

און ער האָט גלייך אַרויסגעלאָזען אַ באַפעהל, אַז פון היינט אָן און ווייטער מוז יעדער איינוואוינער צאָהלען דעם פריץ זיינע שטייערען; אַלא ניט, וועט מען איהם איין תפיסה אַריינזעצען. ער האָט אויך אָנגעשטעלט מענשען, שטייער־איינמאָהנער, אַז זיי זאָלען אויפפאַסען, אַז יעדער איינער זאָל צאָהלען זיינע שטייערען אין צייט.

מיט יאָהרען שפעטער האָט זיך געמאכט, אַז אַן אייניקעל פון יענעם ריכטער האָט ניט געקענט באַצאָהלען זיינע שטייערען און דער שטייער־איינמאָהנער האָט איהם אין תפיסה אַריינגעזעצט. די שטאָדט־לייטע האָבען גענומען אַפעלירען צום פריץ ער זאָל האָבען אַביסעל איינזעהעניש מיט איהם, ער איז זעהר אַן אָרענטליכער און געבילדעטער מענש, און איז אויך דער בעסטער לעהרער ביי זיי אין שטאָדט, ווען ניט ער, וואָלטען זייערע קינדער געבליבען אייביגע עם־הארצים. אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפען, דער פריץ האָט זיך ניט וויסענדיג געמאכט. האָט דער אייניקעל פון תפיסה אָנגעשריבען אַ בריעף צום פריץ, איהם אויסגעשריבען זיין פינסטערע ביי־טערע לאַגע, און פאַרענדיגט דעם בריעף מיט די פאָלגענדע ווערטער: „אמת, איך פאַרדין טאַקע אַ שטראָף פאַר ניט צאָהלען מיינע שטייערען,

# דר. י. ל. שניצער

אָבער איך וויל דיר דערמאָנען, אַז איך בין אן אייניקעל פון יענעם ריכטער וואָס האָט איינגעפיהרט אַז מען זאָל דיר צאָהלען די שטייערען, ווען ניט ער, וואָלסטו פון קיינעם גאָר נישט באקומען. בכן דארפסטו ארויסווייזען אַביסעלע חסד צו מיר און מיר באַפרייען פון זיין שטראָף״.

אָט דער בריעף האָט אויף דעם פריץ געווירקט און ער האָט איהם פון תפיסה ארויסגענומען.

איידער אברהם אבינו איז געקומען, האָט דער אויבערשטער גאָר קיין הכנסה ניט געהאָט פון די מענשען, קיינער האָט איהם קיין שטייערען ניט געצאָהלט. דאָס הייסט, קיינער האָט איהם ניט געדיענט. אברהם איז געוועזען דער ערשטער, וועלכער האָט געלערענט די וועלט, אז מען דאַרף דינען גאָט און איהם צאָהלען צינזען מיט תורה און מצוות. דעריבער איז ביי דעם אויבערשטען זעהר פיעל אָנגעלעגט אברהם אבינו׳ס ארבייט, און אז עס מאַכט זיך אמאָל ביי אונז א צרה, אז מיר פאַרפעהלען איהם צו צאָהלען אונזערע צינזען, דערמאָנען מיר דעם אויבערשטען, אז ער זאָל געדענקען דאָס וואָס אונזער זיידע האָט אַמאָל פאַר איהם געטאָהן.

# תולדות

יעקב און עשו.

די לעבענס־באַשרייבונגען פון די צוויי ברידער און זייערע סכסוכים צווישען זיך קוקען אויס איבערפלעכליך עפּעס אזוי ווי א קינדערשע מעשה׳לע.

רבקה האָט געבוירען א צווילינג, צוויי אינגלאך, איינער א ווייסינקער און דער צווייטער א רויטינקער. די מאַמע האָט ליעב געהאַט דעם ווייסינקען, דער טאַטע דעם רויטינקען. די מאַמע, צוזאַמען מיט׳ן ווייסינקען, האָבען אָפּגענאַרט דעם טאַטען מיט׳ן רויטינקען.

ווען אָבער מען טראַכט זיך אריין אביסעלע טיפער אין דער געשיכטע פון די צוויי ברידער, וועט מען געפינען, אַז אין דער היינטיגער סדרה איז געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון דער ארענע, וואו צוויי ברידער מיט צוויי באַזונדערע כאַראַקטערען האָבען גענומען קעמפען איינער אַנטקעגען דעם אַנדערען און דער קאַמף געהט נאָך אָן ביז דעם היינטיגען טאָג.

ערשטענס, דאַרפען מיר פאַרשטעהן, צוליב וואָס אייגענטליך האָט יעקב באַשווינדעלט עשו׳ן. האָט ער געזוכט ביי איהם געלד, ירושה, אָדער אַנדערע מאַטעריעלע אייגעננוצען? — ניין! פון די אַלע זאַכען האָבען מיר קיין שום אָנמערקונג ניט אין אונזער תורה. נאָר וואָס דען? דאָ האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אן אידעאַל וואָס עשו האָט איהם ניט פאַר־שטאַנען און ניט געקענט ריכטיג אָפּשאַצען.

דאָס וואָרט „בכורה״ מיינט אַ „דערהויבונג״, אַזוי ווי דער בכור (דער ערשט געבוירענער) איז דער ליבלינג פון פאָטער און ער שטעהט אין זיינע אויגען העכער ווי זיינע איבעריגע קינדער, אזוי דאַרף דער מענש זיך אַוועקשטעלען גייסטיג העכער פון אלע באַשעפענישען און ווערען דער בכור, דער ליבלינג פון דעם באַשעפער.

# דר. י. ל. שניצער

עשו אָבער איז געווען בלויז א מבין אויף גוט עסען און טרינקען, דער ענין פון בכורה, זיך צו שטעלען גייסטיג העכער פון אַלע באַשעפענישן, האָט ביי איהם קיין ראָלע ניט געשפּילט, ווייל ער זאָגט צו יעקב׳ן: „הנה אנכי הולך למות ולמה זה לי בכורה״, איך ווייס אז איך בין א שטערב־ליכער מענש, טאָ וואָס טויג מיר די גליקען פון בכורה? א טאָפּ לינדזען איז ביי מיר מעהר סחורה, ווי דער גאַנצער אידעאַל פון בכורה.

נאָכדעם אָבער ווען ער האָט באַמערקט וועלכע אָנשטרענגונגען יעקב האָט געמאַכט די בכורה צו קריגען, האָט ער אָ טראַכט געטהאָן: אז דאָס איז גוט פאר יעקב׳ן פיליכט איז דאָס טאַקע וואָס ווערטה? — איז ער איהם דערפאַר א שונא געוואָרען.

איצט לאָמיר זעהן, ווי די צוויי ברידער האָבען דעם קריעג געפיהרט, — עשו איז אַרומגעגאַנגען מיט מאָרד געדאַנקען, „יקרבו ימי אבל אבי ואהרגה את יעקב״, זאָל נאָר דער טאַטע שטאַרבען, וועל איך יעקב׳ן ער־מאָרדען. יעקב אָבער האָט אויסגעקליבען בעסער צו פארלאָזען זיין פאָ־טער׳ס הויז, איידער בלוט צו פאַרגיסען, ווייל בלוט פאַרגיסונג איז געווען אָפּשטויסענד צו יעקב׳ס כאַראַקטער.

און דער קאַמף צוליעב די בכורה געהט נאָך היינט אויך אָן. די „בני עשו״ ווילען יעקב׳ס קינדער צו בילדונג ניט צולאָזען, מאַכען זיי צו די טהירען פון די שולען און אוניווערזיטעטען פאר אידישע קינדער, אָבער אזוי ווי די „בני יעקב״ קענען אָהן בילדונג ניט אויסקומען, ווענדען זיי אָן פאַרשידענע געקינסטעלטע פּלענער ווי אזוי די „בכורה״ די נויטיגע בילדונג פאר זייערע קינדער צו קריגען, די בני עשו שרייען: שווינדלער! איהר נאַרט אונז אָפּ! אָבער מיר שעהמען זיך ניט מיט אזעלכע שווינדלען! אונזער פאָטער יעקב האָט זיך אויך ניט געשעהמט ווען ער האָט אויס־גענאַרט די בכורה פון עשו׳ן.

אָט אזוי געהט אָן דער קאמף פון די צוויי ברידער אין יעדען דור און אין יעדער לאַנד. יעקב גיט עשו׳ן א טאָפּ לינדזען און דרינגט אריין מיט זיינע פעהיגקייטען און ענערגיע אין די פאַרשידענע געביטען פון לעבען, בויט שטעדט און שטעדטלאך, שאַפט נייע קוואַרטאַלען און ריזיגע געשעפטען, א פעטען טאָפּ לינדזען דאַכט זיך דערלאַנגט ער עשו׳ן, אָבער עשו איז נאָך אַלץ ניט צופרידען.

## מענש און תורה

אין מאַנכע לענדער, ווידער, האָט שוין יעקב גענומען געבען עשו׳ן צוריק גאַנצע שטיקער בכורה אויך. מען איז געוואָרען אמעריקאַנער, ענגלענדער, דייטשען, פּאָליאַקען, פראַנצויזען און גענומען פאַרשעהנערען און פאַראיידעלען עשו׳ס שפּראַך און שלייפען זיינע סטילען; נאַ, עשו׳קע, געניס אויך פון דער אמאָליגער בכורה, וואָס דער טאַטע יעקב האָט פון דיר צוגענומען! אָבער עשו׳קע וויל דערפון ניט וויסען, ער האָלט נאָך אין איין שרייען: שווינדלער, גנב און באַטריגער!

די אַלטע ניגונים, די אַלטע קליידער,
די אַלטע מחלוקה צווישען די ברידער.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים״, אַלעס ווענדעט זיך אָן דעם אויבערשטען, אויסער פרומקייט, אויף פרומקייט איז דער מענש אליין בעל הבית. פרעגט זיך די פראַגע: וויבאַלד אז אויף פרומקייט האָט דער אויבערשטער גאָרניט וואָס צו זאָגען, טאָ וואָרום בעטען מיר איהם דריי מאָל א טאָג: „השיבנו אבינו לתורתך״, ער זאָל אונז פיהרען צו תורה, צו פרומקייט און צו תשובה?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם פּאַסטוך:

א קעניג האָט אַמאָל געמאַכט א רייזע איבער זיין אימפעריע. דורכ־פאָהרענדיג א דאָרף האָט א יונגער פּאַסטוך אריינגעוואָרפען א שטיין אין דער קעניגליכער קאַרעטע. דעם קעניג׳ס באַגלייטער האָבען גלייך געוואָלט דערשיסען דעם פּאַסטוך אויפ׳ן אָרט. אָבער דער קעניג האָט זיי צוריקגע־האַלטען. ער האָט געהייסען אריינזעצען דעם פּאַסטוך אין זיין קאַרעטע און איהם מיטנעהמען אויף זיין רייזע.

דורכפאָהרענדיג פאַרשידענע שטעדט און זעהענדיג מיט וואָס פאַר אַן עהרע די מענשען עמפּפאַנגען דעם קעניג, האָט אָנגעהויבען דעם פּאַס־טוכ׳ס געוויסען אביסעל צו פּלאָגען, ער האָט פאַרבראַכט זיין גאַנצען לעבען אין א דאָרף און האָט קיין וועלט ניט אָנגעזעהן, זיין קליין קעפּעלע האָט

## דר. י. ל. שניצער

ניט פֿאַרשטאַנען וואָס א קעניג איז, דעריבער האָט ער דעם שטיין אין דער קעניגליכער קאַרעטע געוואָרפֿען.

ווען דער קעניג איז אָנגעקומען אין זיין רעזידענץ שטאָדט, האָט ער אריינגעגעבען דעם פֿאַסטוך אין א שול און מען האָט גענומען מיט איהם לערנען, און אזוי ווי זיין קאָפּ איז גראדע ניט געווען קיין שלעכטער, האָט ער גענומען שטייגען אין בילדונג, און וואָס מעהר ער האָט געשטיגען אלץ גרעסער און גרעסער איז זיין חרטה געווען אויף זיין אמאָליגע האַנדלונג. סטייטש? ווי אזוי האָט ער געקענט וואַרפען א שטיין אין דעם קעניג'ס קאַרעטע?...

ווען ער האָט געענדיגט דעם אוניווערזיטעט און געוואָרען א געביל־דעטער מענש, האָט ער זיך שוין מעהר ניט געקענט באַהערשען, ער איז געקומען צו לויפען צום קעניג, געפאַלען איהם צו די פיס און געבעטען אז דער קעניג זאָל איהם מוחל זיין אויף דעם גרויסען פאַרברעכען וואָס ער איז אַמאָל געגען איהם באַגאַנגען.

אמת טאַקע, אלעס ווענדט זיך אָן דעם אויבערשטען אויסער פרומקייט, געפינען זיך פּראָסטע, גראָבע, ניט קיין געבילדעטע מענשעלאך, וואָס וואַרפען שטיינער אין דער קעניגליכער קאַרעטע און שרייען: אז עס איז ניטאָ קיין גאָט, ניטאָ קיין פיהרער, נאָר אלעס ארבייט זיך פון זיך אליין.

אָבער דער גוטער קעניג ווערט ניט אין כעס אויף די מענשעלאך, „כי לא אחפוץ במות הרשע", ער וויל ניט, אז דער פֿאַסטוך זאָל שטאַרבען. ער ווייס ניט און פֿאַרשטעהט ניט די גרויסקייט פון דעם באַשעפער. זיין קעפּעלע איז צו קליין צו באַגרייפען אַזעלכע הויכע זאַכען, לאָזט ער איהם לעבען און נעהמט אויך זיין השפּעה פון איהם ניט אוועק, ווייל — „ורחמיו על כל מעשיו", ער האָט רחמנות אויף אלע זיינע באַשעפעניש׳ען, „אדם ובהמה תושיע", ער העלפט איהם אזוי גוט ווי דער בהמה.

בעטען מיר ביי דעם אויבערשטען דריי מאָל אין טאָג, אז ער זאָל אונז ניט לאָזען אין דער בחירה פון דער בהמה, נאָר — „השיבנו אבינו לתורתך", גיב אריין גאָטעניו אין אונז א געדאַנק, אז מיר זאָלען לערנען דיין תורה און ווערען פאָרטגעשריטענע און געבילדעטע מענשען, דאַן וועלען מיר שוין ניט וואַרפען קיין שטיינער אין דער קעניגליכער קאַרעטע.

# ויצא

אונזערע חכמים זאָגען: „מעשה אבות סימן לבנים, ומה שאירע לאבות אירע לבנים״, די לעבענס־געשיכטע פון די אבות, איז אזוי ווי א נבואה פאר די קינדער. איבערהויפּט שפּיגעלט זיך אָפּ דאָס לעבען פון אונזער פאָטער יעקב, דאָסזעלבע ווי דאָס לעבען פון דאָס אידישע פאָלק. ישראל האָט אויך פאַרלאָזען זיין פאָטער׳ס הויז שוין באַלד צוויי טויזענט יאָהר — ישראל וואַנדערט אויך אין דער ווילדערניש וואו מענשען זיינען פאַר־וואנדעלט געוואָרען אין שלאַנגען און אין רויב־טהיערע. מען טרייבט איהם אויך פון לאַנד צו לאַנד, מען לאָזט איהם אָנזאַמלען אויף א וויילע אביסעל רייכטום, נאָכדעם רויבט מען עס אוועק פון איהם. מען רייסט אוועק זיינע קינדער פון איהם. מען באַליידיגט איהם אויף יעדען טריט און שריט. און ישראל לעבט אלעס איבער. זיינע קינדער זיינען א גרויס און שטאַרק פאָלק געוואָרען, און אין דער לעצטער צייט באוויזען זיך נאָך סימנים פון דעם „ושבתי בשלום אל בית אבי״, איך וועל זיך אומקעהרען צוריק אין פרידען צו מיין פאָטער׳ס הויז. פרעגט זיך די פראגע:

וואָס האָט דעם אידען געגעבען די קראַפט אריבערצוטראָגען אזוי פיעל צרות און צו בלייבען לעבען ביז היינטיגען טאָג?

נאָר דער תירוץ איז: אז דאָס אידישע פאָלק האָט אין אלע צייטען געהאַט אַ גייסטיגע וועלט, אין וועלכער עס האָט זיך איבערגעטראָגען ווען עס איז איהם ענג געוואָרען אין דער מאַטעריעלער וועלט צווישען די פעל־קער. אום עס בעסער צו פאַרשטעהן, וועלען מיר איינטיילען די אידישע היסטאָריע אויף פיער פעריאָדען און אין יעדע פעריאָדע האָט דאָס אידישע פאָלק אַן אנדער סאָרט אידעאלע וועלט געהאַט.

די ערשטע פעריאָדע — א קורצע צייט פאר חורבן בית שני. רוים האָט אָנגעפאנגען צו שמידען די קייטען פאַר דאָס אידישע פאָלק און גאַנץ אָפט איז דער אידישער שטאָלץ שוין געטראָטען געוואָרען אונטער די פיס. דער אידישער מוט איז געוואָרען געבראָכען און א געפיהל פון פארצווייפ־

## דר. י. ל. שניצער

לונג האָט גענומען אָנפילען יעדעס אידיש הארץ, דאָך אָבער דער געדאַנק אז ירושלים שטעהט אין גאַנצען אין איהר פולער פראַכט, און דער בית המקדש אויף זיין אָרט, אָט דער געדאַנק האָט פאַרטריבען די פינסטערע מחשבות און ערמונטערט דעם גייסט פון דאָס אידישע פאָלק דורך די אידעאַלע לעהרען פון די אידישע געלעהרטע, און זיך געלאָבט מיט זייערע נחמה־רייד וואָס זיי האָבען פאַרשפרייט צווישען דעם פאָלק.

די צווייטע פעריאָדע — נאָכ'ן חורבן, ווען די פאַרפאָלגונגען און אונ־טערדריקונגען זיינען געווען אזוי שרעקליך, אז זיי האָבען געקענט טרייבען דאָס גאַנצע פאָלק צו פאַרצווייפלונג, האָט זיך אָבער א נייע גייסטיגע וועלט געעפענט פאַר'ן אידען, און דאָס איז די שטאַרקע האָפנונג אויף „ביאַת המשיח", זיי האָבען געגלויבט, אזוי ווי דער פריהערדיגער גלות האָט גע־דויערט בלויז 70 יאָהר, אַזוי וועט דער גלות אויך זיין אַ קורצער, אַז אַט־אַט קומט דער גואל צדק וואָס וועט זיי אויסלייזען פון די רוימער און זיי צוריקברייגען אין ארץ ישראל.

די דריטע פעריאָדע — נאָכדעם ווי דאָס אידישע פאָלק האָט זיך עטליכע מאָל אָפּגענאַרט מיט די פאַלשע משיחים, און זעהענדיג אז דער גלות פארציהט זיך אָהן אַ סוף, האָט דאָס אידישע פאָלק געפונען א נייע גייסטיגע וועלט אין דעם טיפען ים התלמוד מיט זיינע נושאי כליו.

מאַנכע משכילים זיינען זעהר שטאַרק ברוגז אויף רב יוחנן בן זכאי און זאָגען: סטייטש, דו האָסט געהאַט אַזאַ גאָלדענע געלעגענהייט צו בעטען אז דער פעלד־מאַרשאַל אספאסיאַנוס זאָל אָפּטרעטען פון דער שטאָדט ירושלים, ווארום האָסטו עס ניט אויסגענוצט? נאָר דער תירוץ איז, אז דער גייסטיגער ריעז האָט זעהר גוט געוואוסט וואָס עס איז נויטיג פאר זיין פאָלק. ער האָט געפיהלט, אז זיין מאַטעריעלע וועלט מוז חרוב ווערען אום דאָס פאָלק זאָל ניט אונטערגעהן, דאַרף מען פאַר איהם באַשאַפען א גייסטיגע וועלט, און אַזאַ וועלט האָט ער טאַקע פאַר איהם באַשאַפען. די תנאים און אמוראים זיינען געווען פאַר דאָס אידישע פאָלק וואָס די קעניגע, כהנים און נביאים זיינען פאַר זיי געווען בעפאָר דעם חורבן. קורץ, די גדולי ישראל האָבען דאָס אידישע פאָלק ארויסגעהויבען פון זיין ביטערער מאַטעריעלער וועלט און איבערגעטראָגען אין א זיסע גייסטיגע וועלט.

די פערטע פעריאָדע — איז די השכלה פעריאָדע, ווען די אידישע

# מענש און תורה

יוגענד האָט אוועקגעוואָרפעןביידע זאכען: די אמונה אין משיח'ן און דעם שטודיום פון תלמוד. דער גלאַנץ פון פרעמדע חכמות און פרעמדע קולטור האָט זיי פארבלענדעט, אלעס וואָס איז אידיש האָבען זיי אָפגעטרייסעלט פון זיך און אלעס וואָס קומט פון פרעמדע קוועלען האָבען זיי צוגעצויגען צו זיך, איז געקומען דער ציוניזם און האָט גערעטעוועט מיליאָנען אידישע יונגעלייט פון אסימילאציע.

און דאָס קען זיין האָבען אונזערע חכמים געמיינט מיט די ווערטער: אמר ר' יהושע דסיכנין בשם ר' לוי, נטל הקב"ה שיחתן של אבות ועשאן מפתח לגאולתן של בנים". גאָט האָט גענומען די געוועהנליכע רייד פון די אבות און עס געברויכט אלס שליסעל צו די ערלייזונג פון זייערע קינדער, דו יעקב האָסט געברויכט די ווערטער „והיה ד' לי לאלהים". שווער איך ביי דיין לעבען אז אלע גוטע זאַכען און אלע ברכות וואָס איך וועל אַמאָל געבען צו דיינע קינדער, וועל איך זיי צוזאָגען מיט דעם אויסדרוק: דאָס הייסט, אזוי ווי יעקב אבינו האָט געהאט צו פאַרדאַנקען זיין לעבען און זיין אויסדויער צו אן אידעאַלע קראַפט — זיין אמונה אין גאָט, אזוי האָט דאָס אידישע פאָלק אויך צו פאַרדאַנקען זיין לאַנגען לעבען און אויסדויער, צו דעם פאַקט, אז צו יעדער צייט ווען עס האָט געהאלטען ביים אונטער־גאַנג האָט זיך געעפענט פאַר איהם א גייסטיגע וועלט וואָס האָט געמאכט פאַרגעסען זיינע צרות.

**
*

פרעגט מיך א איד א קשיא:

מיט 15 יאָהר צוריק איז ער געקומען קיין אמעריקא און האָט זיך באַזעצט אין ניו יאָרק. די גאַנצע צייט האָט ער דאָ געארבייט שווער און ביטער, אָבער מעהר ווי פון האַנט אין מויל האָט ער ניט געהאט. איצט פאַרלאַנגט זיין פרוי פון איהם, אז זיי זאָלען זיך באַזעצען אין אַן אַנדער שטאָדט. זי זאָגט: „משנה מקום משנה מזל", אז מען ענדערט דעם פלאַץ, ענדערט זיך אויך דער מזל. פרעגט זיך די פראגע: צי זאָל ער טאָן זיין ווייב'ס ווילען און זיך באַזעצען אין אַן אַנדער שטאָדט, אָדער ניין. „אין מזל לישראל", א איד טאָר אין מזל ניט גלויבען?

אלס ענטפער אויף זיין פראַגע האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע צוויי רייזענדע אגענטען:

## דר. י. ל. שניצער

א סוחר האָט געהאַט צוויי רייזענדע אַגענטען, איינער פלעגט פאָהרען איינקויפען סחורה און דער צווייטער פלעגט פאָהרען פאַרקויפען די סחורה. דער וואָס פלעגט ארומפאָהרען פאַרקויפען די סחורה, האָט געהאַט גרויסע צרות, ווייל דער קויפער, פלעגט איינקויפען די ערגסטע סחורה און ער פלעגט דאָס מוזען פאַרקויפען. ער האָט אַלץ געזוכט א געלעגענהייט מיט יענעם זיך צוזאַמענטרעפען און אויסריידען איהם פאַרוואָס ער קויפט אויף אזעלכע שלעכטע סחורה. אָבער עס האָט זיך איהם אלץ די געלע־גענהייט ניט געמאַכט מיט יענעם זיך צוזאַמענצוטרעפען.

דאַרף זיך טרעפען, אַז ביי דעם פאַרקויפער איז איבערגעבליבען א סך סחורה, און ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן מיט דעם, האָט ער געשיקט א בריעף צום בעל הבית און איהם אָנגעפרעגט: היות ווי ביי איהם איז געבליבען א סך סחורה פון די סאַמע ערגסטע, וואָס זאָל ער טהאָן מיט דעם? האָט דער בעל הבית איהם געענטפערט: פאַרקויף ביליג! אפילו אונטער'ן קרן, אבי ווער פטור פון דעם.

דאַרף זיך טרעפען, אַז אין דער זעלבער אכסניא איז אָנגעקומען דער צווייטער אַגענט, וואָס פלעגט ארומפאָהרען איינקויפען די סחורה. און אזוי ווי זיי האָבען זיךביידע ניט געקענט, האָט דער פאַרקויפער איהם געפרעגט, צי ער וואָלט וועלען קויפען ביי איהם סחורה זעהר ביליג. ער וועט איהם אוועקגעבען אונטער'ן קרן. און ווען יענער האָט דערהערט דעם וואָרט „ביליג", האָט ער זיך אָנגעכאפּט אָן דעם און האָט אָפּגעקויפט פון יענעם די גאַנצע סחורה וואָס ער האָט געהאַט. דער פרעהט זיך וואָס ער איז פטור געוואָרען פון זיין פעקעל צרות, און יענער פרעהט זיך וואָס ער האָט איינגעהאַנדעלט א ווילדע מציאה.

אין א פּאָר וואָכען ארום איז, נעביך, דעם פאַרקויפער פינסטער און ביטער געוואָרען פאר זיינע אויגען. ער האָט דערזעהן, אַז ער האָט צוריק דאָס זעלבע פעקעל שמאַטעס וואָס ער האָט פאַרקויפט.

דאָס זעלבע איז אויך מיט די „משנה מקום" מענשען. זיי דענקען, אַז זיי וועלען ענדערען דעם מקום, וועט זיך ענדערען דער מזל. ניין, מיין פריינד, אַז עס איז איינעם באַשערט שמאַטעס, וועט ער עס קריגען וואו ער וועט זיין.

# וישלח

ווען מען טראַכט זיך גוט אריין אין דער היינטיגער סדרה, קען מען זעהן, אז דער שרעק וואָס אונזער פּאָטער יעקב האָט זיך אַמאָל געשראָקען, איז איצט מקוים געוואָרען. ווען מען האָט איהם אָנגעזאָגט אז זיין ברודער עשו געהט איהם אנטקעגען מיט די פיער הונדערט, האָט ער זיך זעהר שטאַרק דערשראָקען. „ויירא יעקב מאוד ויצר לו" — יעקב האָט זיך זעהר שטאַרק דערשראָקען און עס האָט איהם וועה געטהאָן. פרעגט זיך די פראַגע: ווי קומט עס אַז אַזאַ מאַן ווי יעקב מיט אַזאַ געוואַלדיגען בטחון צום רבונו של עולם זאָל זיך אזוי פאַרלירען? און צווייטענס, וואָס נאָך עפּעס „ויצר לו" — עס האָט איהם וועה געטהאָן? אדרבא ביי איהם האָט דאָס גאָר געדאַרפט זיין די גרעסטע עהרע, אז די פיער הונדערט געהן איהם אַנטקעגען. נאָר דער תירוץ איז: אז אונזער פאָטער יעקב האָט זעהר גוט געקענט די מענשליכע נאַטור, ער האָט געוואוסט, אז קוים ווערט מען אביסעל רייכער, אזוי ווערט די מאָראַלישע און רעליגיעזע זייט פון מענשען איבערגעפיהרט. גיסט ער אויס זיין שווער ביטער הארץ פאר'ן רבונו של עולם און זאָגט: „קטנתי מכל החסדים ומכל האמת אשר עשית את עבדך" — אמת טאַקע, גאָטעניו, דו האָסט מיר אמאָל זעהר פיעל ליעב־שאַפט ארויסגעוויזען, אָבער ווען איז דאָס געווען? ווען איך האָב געשלאָפען אויף א שטיין אין דער מדבר, ווען מיין גאַנצער פאַרמעגען איז באַשטאַנען בלויז פון א שטעקען, ווען איך בין געווען אַן אָרימער פאַסטוך ביי לבנ'ען און געליטען צרות, מאַנגעל און נויט פון לבן'ס משפחה. איצט אבער אז איך בין געוואָרען א רייכער גוט־באַזיצער, קען זיין אז איך בין גאָר פיעל קלענער, ערגער און פראָסטער געווארען. און אויב אפילו דער גלאַנץ פון מיין עשירות האָט אויף מיר פערזענליך ניט אַזאַ גרויסע ווירקונג געמאַכט, האָב איך אָבער קינדער. און ווען מען האָט קינדער, ווערט דאָס הויז צוטיילט אויף צוויי מחנות. „ועתה הייתי לשני מחנות" — דאָס וואָס

## דר. י. ל. שניצער

די עלטערען דענקען, דענקען ניט די קינדער, און דאָס וואָס די קינדער דענקען, דענקען ניט די עלטערען. מעגליך, אז זיי האָט „פּראָספּעריטי״ פון וועג אראָפּגעפיהרט. נאָך מעהר האָט איהם וועה געטהאָן דאָס האַרץ ווען ער האָט דערהערט אז די פיער הונדערט געהן איהם אנטקעגען, ער האָט געוואוסט אז די אריסטאָקראטישע פיער הונדערט זיינען אימער אנט־קעגען די יעקב׳ס, נאָר זיי מאכען כלומרשט מיט איהם אן אויסנאהם צו־ליעב זיין עשירות. אָט דאָס האָט איהם זעהר וועה געטהאָן. און זיין שרעק איז טאָקע ניט געווען קיין אומזיסטער. די פּראַקטיק האָבען מיר אין זיך אליין, אין אונזער איצטיגען דור.

מיר זיינען אויך פאַרוואָגעלט געוואָרען פון אונזער פאָטער׳ס הויז און זיך געוואָלגערט א לאַנגע צייט אין גלות, מיר זיינען געווען אָרעם און שפל און אין שטענדיגער סכנות נפשות.

פּלוצלונג איז געקומען אן ענדערונג אין אונזער לאַגע, דעם אייביגען וואַנדערער איז ערלויבט געוואָרען צו געניסען פון דעם ליכט פון דער פרייער צייט. די באַגרענצונגען זיינען באַזייטיגט געוואָרען — און די קייטען פון זיינע פיס זיינען ארונטערגענומען געוואָרען, מיר וואוינען נאָך אפילו אין פרעמדע לענדער, אבער אונזער מצב איז א סך, א סך בעסער געוואָרען. מיר האָבען זיך דאָ אין אמעריקא ארייגעקליבען אין אלע געביטען פון לעבען און ארויסגעוויזען אונזערע פעהיגקייטען און אונזער ענערגיע. מיר זיינען דאָך רייך און גרויס געוואָרען, אָבער וואָס רייכער מיר זיינען געוואָרען, אלץ מעהר האָבען מיר גענומען זינקען אין די מ״ט שערי האסימילאציע! דאָס אידענטום האָט זיך צוטיילט אין צוויי מחנות: די גאַנץ רייכע און געהויבענע לייט אונזערע האָבען גענומען בויען טעמפּלען און זיך א נאָמען געגעבען „רעפאָרמער״ און די אויפגעקומענע אָרטאָדאָקסישע לייטע אונזערע האָבען גענומען בויען כלומרשט שוהלען און זיך א נאָמען געגעבען „קאָנסערוואַטיווע״.ביידע מחנות האָבען פאַרנאַכלעסיגט דעם יונגען דור, די יוגענד וועלכע איז ביי אלע פעלקער די ציהרונג און שטאָלץ, דאָס ליכט און האָפנונג, דער יסוד און אויך דער בנין. די דאָזיגע יוגענד האָט זיך דערוויטערט פון אונז און איז אוועק אין פרעמדע פעלדער.

יעקב׳ס שרעק, יעקב׳ס מורא און יעקב׳ס ווערטער פאַסען זיך איצט זעהר ריכטיג צו דעם אַמעריקאַנער „דזשודאַאיזם״. קטנתי מכל החסדים

ומכל האמת אשר עשית את עבדך" — קליין און נידעריג זיינען מיר אנט־קעגען די אמאָליגע וואוילטהאַטען און אנטקעגען דער אַמאָליגער אויפריכ־טיגקייט וואָס עס האָט עקזיסטירט ביי אונז. „כי במקלי עברתי את הירדן" — דער שטעקען איז געווען אונזער גאַנצער פאַרמעגען ווען מיר זיינען אַריבער דעם ים און געקומען דאָ אין אמעריקא. „ועתה הייתי לשני מחנות" — און איצט האָט „פּראָספעריטי" אונז צוטיילט אין צווי מחנות: רעפאָרמער און קאָנסערוואטיוון!

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען „אם יאמרו לך יש חכמה בגוים תאמין, תורה בגוים אל תאמין" — אז מען וועט דיר זאָגען אז עס געפינט זיך חכמה ביי די פעלקער, דאָס מעגסטו גלויבען, אָבער אז מען וועט דיר זאָגען אז עס געפינט זיך א תורה ביי די פעלקער, דאָס זאָלסטו ניט גלויבען. נו, פרעג איך אייך: איז דאָס ניט א קינדערשע מימרא? ווען מיר בלעטערען דורך די וועלט־געשיכטע, געפינען מיר אז די אומות העולם האָבען געבראַכט די מענשהייט צו דער העכסטער שטופע פון פּראָגרעס. די גריכען, צום ביי־שפיעל, האָבען אונז געגעבען קונסט, געשמאַק, שעהנקייט; די רוימער האָבען אונז געגעבען געזעץ און אָרדנונג, און נאָך היינט געפינען מיר צווישען די אומות העולם אזעלכע גרויסע געלעהרטע וועלכע באלייכטען אונז דאָס לעבען אין אלע זיינע פארבען און גראדע אָהן א תורה. טאָ ווי קומט עס אז אונזערע חכמים זאָלען מאכען אַזאַ מין באמערקונג?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט דעם פאַבעל פון דעם שפּין מיט דער ביען:

אַ שפּין און א ביען האָבען געהאַט א ויכוח צווישען זיך וועגען זייער גרויסקייט. דער שפּין זאָגט: „דו שפּיעלסט זיך עפּעס מיט מיר? ווייסטו דען ניט אז מיין זיידע האָט געראַטעוועט דוד המלך פון טויט?"

„ווי קומט דיין זיידע צו דוד המלך?" — האָט די ביען איהם א פרעג געטהאָן.

„אָט וועל איך דיר דערצעהלען — האָט דער שפּין איהר געענטפערט — ווען שאול המלך האָט ארומגעזוכט דוד'ן און איהם געוואָלט ערמאָרדען,

## דר. י. ל. שניצער

האָט דוד זיך באַהאַלטען אין א הייל, און מיין זיידע האָט פּאַרוועבט דעם ארייננאַנג צו דער הייל מיט שפּינוועבס און ווען שאול מיט זיינע קריעגער זיינען צוגעקומען צו דער הייל, האָבען זיי א טראַכט געטהאָן, אז עס איז קיין פּעולה ניט איהם צו זוכען אין דיזער הייל, ווייל די שפּינוועבס אויף דער טהיר באווייזט אז דאָ איז קיין מענש ניט געווען פאר א לאַנגער צייט, און דוד איז געראַטעוועט געוואָרען. און דאָס איז נאָך ניט אלעס — האָט דער שפּין ווידער מיט גדלות א זאָג געטהאָן — מיינע עלטער־באָבעס האָבען געהאָלפען דעם גרויסען קעניג שארלמאַן באַזיעגען זיינע שונאים.

„ווי אזוי איז דאָס געווען? — האָט די ביען א פרעג געטהאָן.

„אָט וועל איך דיר דערצעהלען — האָט דער שפּין איהם געענטפערט. אין איינע פון זיינע מלחמות וואָס שארלמאַן האָט געפיהרט, האָט זיין חיל אויסגעפעהלט שטריקלאך צו זייערע פייל און בויגענס, האָבען זיי גענומען שפּינוועבס און האָבען דערפון געמאכט שטריקלאך, און ער האָט די שלאַכט געוואונען".

„דעם אמת זאָגענדיג — האָט זיך די ביען צו איהם אָפּגערופען, — בין איך ניט אזוי שטאַרק באַהאַוונט אין היסטאָריע ווי דו, און איך ווייס ניט צי מיינע זיידעס און באָבעס האָבען אויפגעטהאָן אזעלכע וואונדער ווי דיינע, נאָר איין זאַך ווייס איך, אז מיינע זיידעס און באָבעס האָבען געגעבען האָניג און מיר גיבען האָניג, און די גאַנצע וועלט לאָבט זיך מיט אונזער פּראָדוקט".

„אמת טאַקע, קונסט, טאַלאַנט, געשמאַק און נאָך אזעלכע גרויסע חכמות, דאָס באַלאַנגט צו די אומות העולם, אָבער האָניג גיבען מיר! מאָראַל, עטיק און נאָך אזעלכע זאַכען האָבען זיי גענומען פון אונזער תורה און עס פארפאַרבט, פאַרפּוצט און עס איבערגעטראָגען צו זיך, אָבער דאָס איז אונזער פּראָדוקט, אונזער האָניג!

# וישב

ווען מיר לערנען די געשיכטע פון יוסף מיט זיינע ברידער, געפינען מיר, אַז די ברידער האָבען זיך פאַנאַנדערגעטיילט אין דריי קלאַסען. די גרויסע מאַיאָריטעט פון זיי, האָבען איהם געוואָלט אָפּראַמען פון דער וועלט; ראובן האָט געזוכט פּלענער ווי אזוי איהם אומצוקעהרען צוריק צום פאָטער; יהודה האָט געמאַכט א פשרה צווישען זיי, אז מען זאָל איהם פאַרקויפען פאַר אַ קנעכט און זיין פאָרשלאג איז אָנגענומען געוואָרען.

קומט דאָך אויס נאָכ׳ן שכל נאָך, אז יהודה׳ס פּלאַן איז געווען דער בעסטער, ווארום איידער איהם צו ערמאָרדען, איז דאָך פארקויפען איהם פאר אַ שקלאַף געוויס בעסער. קומט אָבער די גמרא און פאַרטייטשט דעם פסוק: „ובוצע ברך נאץ ד׳״, אז דער וואָס לויבט יהודה דעם פשרה־מאַכער, איז א גאָט לעסטערער!...

פרעגט זיך די פראַגע, ווארום פאַרדאַמט די גמרא דעם פשרה־מאַכער? סטייטש, א פשרה פיהרט דאָך צו פאַרשטענדיגונג, צו פרידען און צו איי־ניגקייט?

נאָר דער תירוץ איז: אז אין געלט זאַכען איז א פשרה טאַקע א גוטע זאַך, אָבער ווען עס האַנדעלט זיך וועגען א מענשענס לעבען, אָדער וועגען א וויכטיגען פרינציפּ, טאָר מען קיין פשרות ניט מאכען. אין א קאמף פאר אן אידעע, טאָר א מענש זיך ניט צופרידען שטעלען מיט א האלבען געווינס, אפילו ווען ער איז איינער געגען א רבים און ווייס, אז ער קען געגען זיי גאָרנישט אויספיהרען, איז זיין פליכט צו קעמפען ביז דער ענדע. בעסער פאַרלירען די מלחמה, איידער איינצוגעהן אויף א פשרה און אָפּגעבען מיט׳ן גוטען ווילען א טייל פון אמת אָדער פון גערעכטיגקייט.

דיזען כלל איז זעהר וויכטיג צו געדענקען; מיר לעבען אין א צייט ווען דער מענשליכער כאַראַקטער איז ווייך ווי טייג; אין א געזעלשאפט וואָס איז ניט קאַלט און ניט וואַרעם, ניט מילכיג און ניט פליישיג; א

## דר. י. ל. שניצער

געזעלשאפט וואָס האַנדעלט מיט אידעאַלען אזוי ווי מיט אלטע קליידער; מען דינגט זיך, מען לאָזט נאָך אביסעל... און מען קומט דורך פאַר א האַלבען פרייז...

גאַנץ אָפט וועט מען הערען, ווי א איד באַריהמט זיך, אז ער קען אויסקומען מיט אלעמען, קומט ער צווישען אָרטאָדאָקסען איז ער אן אָרטאָ־דאָקס, צווישען רעפאָרמער, איז ער א רעפאָרמער, צווישען פריי־דענקער, איז ער א פרייער... און די וועלט האַלט איהם פאַר א גרויסען חכם; אָט דאָס הייסט א מענש פון היינטיגער וועלט!... פאַרקערט ווידער, דער וואָס קעמפט פאַר זיינע אידעען הייסט ביי דער וועלט „א משוגענער קרענק״... „געהערט אביסעל״, שרייען אלע, „א מענש זאָל זיך קריגען מיט דער גאַנצער וועלט!... און איבער וואָס? איבער אן אידעע וואָס איז אומבאַקאַנט צו איהם״!

אָבער באמת איז די זאַך פאַרקערט! דער מענש וואָס שאָקעלט צו מיט זיין קאָפּ צו יעדען׳ס מיינונג, איז ענטוועדער א פוסטע קאָפּ, וואָס האָט קיין מיינונג ניט וועגען אירגענד וועלכע פראַגע, ביי איהם איז אלעס רעכט, אָדער ער איז א היפּאָקריט און ער פאַרשטעלט זיך, אז ער איז מסכים מיט אלעמען צו געווינען א גוטע מיינונג פון דער וועלט.

דער יעניגער אָבער וואָס האָט געפאַסט אַ באַשלוס וועגען א וויכטיגע פראַגע, און קעמפט פאַר איהר מיט זיין גאַנצע קראַפט און איז גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר זיין אידעע, אָט אַזאַ מענש איז דער גייסטיגער ריעז פון זיין צייט, צו אזעלכע העלדען האָבען מיר צו פאַרדאַנקען דעם גאַנצען פּראָגרעס פון דער מענשהייט, ווען ניט זיי וואָלט די וועלט געשטאַ־נען אויף איין אָרט!...

***

מכירת יוסף!

אין תולדות און אין וישלח ווערט גערעדט וועגען דער שנאה וואָס אונזער פאָטער יעקב האָט געהאַט אויסצושטעהן פון פרעמדע... פון זיין ברודער עשו און פון זיין זיסען פעטער „לבן״. אין היינטיגער סדרה רעדט זיך וועגען דער שנאה פון אייגענע ברידער... וואו איין איד פאַרקויפט דעם צווייטען...

# מענש און תורה

יאָ, מכירת יוסף עקזיסטירט נאָך היינט אויך. אין אַלע דורות און אין אַלע צייטען חזר׳ט זיך דאָס איבער, נאָר אין אַן אנדער נוסח.

ניט נאָר די „עשרה הרוגי מלכות״ האָבען אַ שייכות צו מכירת יוסף, נאָר זי איז דער דירעקטער און אונדירעקטער גורם פון טויזענטער און טויזענטער קרבנות און חורבנות אין אידישען לעבען. ביז היינטיגען טאָג ציהט זיך נאָך די געגענזייטיגע אידישע שנאה פון איין גרופּע צו דער אנדערער... און דאָס טרויעריגסטע דערביי איז, וואָס די פאַרביסענע שנאה שטיצט זיך דאָס מעהרסטע אויף „חלוקי־דעות״ וועגען אבסטראַקטע ענינים, אויף נעכטיגע טעג און חלומות.

„ויוסיפו עוד שנוא אותו על חלומותיו ועל דבריו״, מען קריגט זיך און מען הרג׳עט זיך אַרום צוליב קלייניגקייטען, צוליב זאַכען וועלכע האָבען קיין ממשות ניט אין רעאַלען לעבען, פריהער ווערט געבוירען די שנאה, נאָכדעם זוכט מען די סיבה און דעם אויסרייד, וואָס זאָל די שנאה באַרעכטיגען און פאַרענטפערען: פריהער איז: „וישנאו אותו ולא יכלו דברו לשלום״ און ערשט נאָכדעם — „ויקנאו בו אחיו״, מען האָט זיך פיינט און מען גיט זיך זאָגאר ניט די מיהע אויסצוהערען און צו פאַרשטעהן איינער דעם צווייטען, „ויראו אותו מרחוק, ובטרם יקרב אליהם ויתנכלו אותו להמיתו״, מען מיידט אויס יעדע דערנעהנטערונג, מורא האָבענדיג אז די דערנעהנטערונג זאָל ניט העלפען אויפדעקען דעם סוד, אז די גאַנצע שנאה איז ניט מעהר ווי אַ „שנאת חנם״, וואָס האָט קיין זין און קיין יסוד ניט, און ברענגט שאדען און חורבן פאר אַלע צדדים אָהן אַן אויסנאהם.

**
*

והנה תועה בשדה:

דו זוכסט דיינע ברידער, יוסף? דו בלאָנדזשעסט, ברודערקע! עס איז ניטאָ קיין ברידער. „נסעו מזה״, זיי זיינען אוועק פון ברודערשאפט! עס איז ניטאָ קיין ברידער!

**
*

לך ראה את שלום אחיך:

ווי מיר ווייסען, האָט יוסף געבראַכט צום טאַטען אימער די שלעכטע טהאַטען פון זיינע ברידער, (ויבא יוסף את דבתם רעה אל אביהם), האָט יעקב

## דר. י. ל. שניצער

צו איהם געזאָגט: ניין מיין זוהן, מען טאָר ניט קוקען אויף יענעם מיט שלעכטע אויגען, „לך ראה את שלום אחיך”, זוכען זאָלסטו ביי דיינע ברידער דאָס שלימות, די גוטע זייטען, די מעלות און ניט די חסרונות.

און דאָס קען זיין איז די מיינונג פון דער גמרא: „מעולם לא ראתה חמה פגימתה של לבנה”, די זון האָט קיינמאָל ניט געזעהן די פגימה פון דער לבנה, דער אמת'ער גרויסער מענש, דער מאור הגדול, די גרויסע ליכט, זוכט קיינמאָל ניט קיין חסרונות און קיין פגם אויף דעם, וועלכער איז קלענער פון איהם! חסרונות זוכט נאָר דער קליינער מענשעלע, און דער פראָסטער מענשעלע.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ווען זיין בן יחיד איז געוואָרען בר מצוה, האָט ער געלייענט די הפטורה וועלכע מען האָט איהם אויסגעלערענט, די זיסע אמעריקאנער עברי האָט געפּערעלט פון זיין מויל. נאכהער האָט ער דערלאנגט א ספּיטש אין ענגליש וואָס זיין רבי האָט מיט איהם איינגעשטודירט.

דער עולם איז געוועזן ענטציקט פון זיין דרשה, מען האָט באַוואונדערט זיין פּיסק און נאָך מעהר זיין דרייסטקייט, מען איז צוגעלאָפען צום טאַטען און צו דער מאַמען, געדריקט זייערע הענד און געשריען:

„ער וואַקסט!... און וואַקסט... א... א... גדול בישראל!”...

זיינע פריינד ראַטהען איהם, אז ער זאָל איהם מאַכען פאַר אַ לאָיער. מיט זיין פּיסק זאָגען זיי, וועט ער „ביטען” מאַקס סטויער אין „פּיסעס”... ער אָבער האָט חשק איהם צו מאַכען פאר א ראַבאַי.

„איך מיין ניט קיין רב וואָס זאָל שמעקען טאַבאַק און זיך קראַצען די באָרד — האָט ער צו מיר א זאָג געטהאָן — איך מיין א רב פון ריכטיגען שטאָף, ווי ראַבאַי וויז, אָדער ווי ראבאַי זילבער אין קליוולאנד. בין איך דאָס איצט געקומען צו אייך, אז איהר זאָלט מיר זאָגען, וואָס איך האָב צו טהאָן אין דעם ענין און ווי אזוי גרייט מען איינעם צו, צו אַזאַ מין קאַריערע?”

אלס ענטפער אויף זיין בקשה, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה פון יענעם „בערעלע”:

א פריץ האָט געפונען אין וואַלד א קליין בערעלע, האָט ער איהם

## מענש און תורה

געבראַכט אהיים און געשיקט רופען זיין אידישען שניידער און צו איהם אזוי געזאָגט:

„הער אויס מאָשקע... איך וויל אז דו זאָלסט מאַכען פון דעם בערעלע א לייט, דו מוזט איהם אויסלערנען טאַנצען, שפּרינגען און נאָך אזעלכע שעהנע זאַכען וואָס פּאַסט זיך פאר א בער".

„אדוני פּריץ'ל!... האָט מאָשקע זיך אָבגערופען, טאַנצען און שפּרינגען ווייס איך ניט צי איך וועל איהם קענען אויסלערנען, ווייל איך אליין בין קיין טענצער און קיין שפּרינגער ניט, אלעס וואָס איך קען איהם אויסלערנען איז, דאַוונען אין א סידור".

„ווי לאַנג דאַרף עס נעהמען מאָשקע?"

„ביי א צוויי אָדער דריי מאָנאַטען צייט!"...

„גוט, מאָשקע דו קריגסט ביי מיר א הונדערטער אז דו וועסט אויס־לערנען דעם בערעלע דאַוונען".

מאָשקע האָט גענומען דאָס בערעלע צו זיך אהיים און איהם געלאָזען הונגערען א טאָג צייט, נאַכהער האָט ער גענומען זיין ווייב'ס קרבן מנחה סדור און האָט אריינגעלעגט דאָרטען שטיקער ברויט, ביי „אדון עולם" א שטיקעל, ביי „ברוך שאמר" א שטיקעל, ביי „יוצר אור" א שטיקעל, און אזוי ווייטער און ווייטער, ער האָט צוגעטראָגען דעם סדור צום בערעלע און אויפגעמישט פאר איהם „אדון עולם", דער בערעלע האָט דאָרטען גע־פונען א שטיקעל ברויט, האָט ער א ברום געטהאָן און עס אויפגעגעסען, ביי „ברוך שאמר" אויך דיזעלבע, אזוי האָט ער געטהאָן צוויי מאָנאַטען צייט, ביז דער בערעלע האָט זיך שוין אזוי צוגעוואוינט צום סדור, אז ער פלעגט איהם נאָר דערזעהן, פלעגט ער נעהמען טאנצען פון שמחה מישען די בלעטער מיט זיינע לאַפּעס, בורטשענען און ברומען.

ענדע צוויי מאָנאַטען האָט מאָשקע געבראַכט דעם בערעלע צום פּריץ, ער האָט איהם צוויי טעג צייט ניט געגעבען עסען, און ווי ער האָט גענומען דעם קרבן מנחה סדור און אוועקגעלעגט פאר'ן בערעלע, האָט ער גענומען בלעטערען דעם סדור און ברומען.

אָט אזוי איז אויך מיט אייער זוהן, מיין פריינד! מאָשקע דער שניידער, דער מלמד אייערער האָט גענומען אייער ווילדען בערעלע, וועלכער קען קיין עברי ניט און ווייס ניט וואָס אידישקייט איז און איהם אויסגעלערענט

## דר. י. ל. שניצער

אן הפטרה מיט א רעדע. און דער טאַטע דער גרויסער בער, די מאַמע די גרויסע בעריכע... מיט נאָך א סך בערעלאך זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין שוהל און האָבען געהערט ווי דער בערעלע האָט געברומט און געבור־טשעט.

שיקט פריהער אייער בערעלע אין א חדר, זאָל ער זיך אויסלערנען עברי׳ און וויסען וואָס אידישקייט איז, נאָכדעם וועט איהר זוכען פאר איהם א קאַריערע.

# חנוכה

שוין איבער צוויי טויזענט יאָהר ווי ס׳אָרעם אידיש דיאַספּאָרא פאָלק לעבט מיט די עבר׳דיגע נצחונות, מיט דעם נאַציאָנאַליזם פון די עבר׳דיגע גבורים און מאַרטירער; מיט די פייער־טעג פון יענע זיסע צייטען, ווען מיר זיינען געווען א פאָלק, ווען מיר האָבען א לאַנד געהאַט.

זכריה הנביא האָט פאַרגעשטעלט א פאַנטאַסטיש בילד: ער האָט געזעהן א גאָלדענע מנורה מיט זיבען ליכט. זאָגען אויף דעם אונזערע חכמים: „שבעה נרותיה כנגד שבע מצוות האמורות בתורה״ — די זיבען ליכט זיינען אנטקעגען די זיבען מצוות פון דער תורה: תרומה, מעשר, שמיטה, יובל, מילה, כבוד אב ואם און תורה.

א שרעקליכער גייסטיגער קאמף איז אַמאָל אָנגעגאנגען צווישען די אידען און די גריכען. די גריכען איז ניט געפעלען די אידישע תורה וואָס פרעדיגט, אז דו זאָלסט ניט לעבען בלויז פאר זיך אליין, נאָר דו זאָלסט אויך זאָרגען פאר׳ן צווייטען, דאָס איז תרומה און מעשר.

די גריכען איז ניט געפעלען די אידישע תורה, וואָס פארלאנגט פרייהייט, פולשטענדיגע הויכע מאָראַלישע פרייהייט; ניט איינער זאָל האָבען צופיעל און דער צווייטער גאָר ניט. ווארום, דער וואָס האָט צופיעל פארשקלאפט דעם צווייטען וועלכער האָט גאָר ניט, דאן איז שוין קיין פרייהייט ניטאָ. אָט דאָס איז דער סוד פון שמיטה און יובל.

מילה — דאָס איז דער סוד פון א געזונטען, ריינעם קערפער מיט א געזונטער, ריינער נשמה.

כבוד אב ואם — דאָס איז דער סימבאָל פון פארגעטערען אלעס וואָס איז אַלט, הייליג און טראַדיציאָנעל.

תורה — דאָס איז דער קדשי־קדשים פון אידען; תורה דאָס איז דער כח וואָס ברעכט דעם גריכישען גייסט און אויך דעם גייסט פון אנדערע פרעמדע פעלקער.

## דר. י. ל. שניצער

קורץ, יעדעס ליכטעל באלייכט א פרינציפּ און א יסוד פון אידענטום.

די אַמאָליגע גריכען האָבען געגרופען א גבור דעם יעניגען וועלכער איז באַזעסען ברוטאלע מאכט. דער איד אָבער ווערט ניט נתפעל פון דער שטאַרקייט פון אן אָקס. ביי איהם הייסט נאָר דער א גבור, וואָס ער קען קאָנטראָלירען די חיה וואָס זיצט אין איהם. און דאָס האָט אונז באַוויזען אונזער גייסטיגער אידישער גבור יוסף. ער האָט זיך אויך ניט געשעהמט מיט זיין אידישקייט, ער האָט דערצעהלט פאר אלעמען: „כי גנב גנבתי מארץ העברים", אז מען האָט איהם גע'גנב'עט פון דעם אידישען לאַנד. אַזאַ מאַן וועלכער שעהמט זיך ניט מיט זיין פאָלק, קען אויך הערשען איבער א פאָלק.

„לא בחיל, ולא בכח, כי אם ברוח" — ניט מיט אן ארמעע, און ניט מיט ברוטאַלער קראַפט וועלען מיר אידען זיגען, זאָגט אונז אונזער נביא, זאָנדערען מיט גייסט, מיט'ן געטליכען גייסט, און דאָס האָט יהודה המכבי געוויזען. מיט ברוטאלער קראַפט אליין וואָלטען מיר די גריכען ניט געוועזן געקענט באזיגען, ווייל זיי זיינען געוועזן פיעל, פיעל שטארקער פון אונז, נאָר מיר האָבען זיי באזיעגט מיט אונזער גייסט. גייסט גיט מוטה און פייער און אויך אַ גרויסען זיעג איבער דער שווערד.

הנרות הללו.

איהר נסים'דיגע גבורות'דיגע און נפלאות'דיגע ליכטלאך! „קודש הם" — איהר זייט הייליג, זעהר הייליג ביי אונז. איהר דערצעהלט אונז ניט אזוי פון די אמאָליגע חלוצים, פון די אמאָליגע מאקאביייער, נאָר איהר דערצעהלט אונז אויך פון אונזער איצטיגען חנוכת הבית, פון אונזערע איצטיגע חשמונאים וועלכע האָבען פארלאָזען זייערע היימען און זיינען געלאָפען בויען מיט מסירת נפש אונזער פאָטערלאנד. די ליכטעלאך דערצעהלען אונז אויך אז אידען פארלאָזען ביסלעכווייז דעם איינגעקריצטען צוויי טויזענד יאָהריגען גלות און לויפען אויפבויען די אידישע היים. דער הייליגער נאַציאָנאלער פייער האָט זיך איצט ביי אונז צופלאַקערט אַזוי ווי ביי אונזערע אַמאָליגע מכביים, און מיר דאַכט זיך, אַז איך הער אין דער לופטען דעם אלטען מתתיהו'ס שטימע, ווי ער שרייט צום פאָלק: „מי לד' אלי" — קומט, ברידער, לאָמיר צוזאַמען ברענגען די גאולה.

**
*

# מענש און תורה

פרעגט מיך א איד א קשיא:

מיר געפינען אין דער גמרא א מחלוקה צווישען בית שמאי און בית הלל. בית שמאי זאָגען, אז דעם ערשטען טאָג חנוכה דארף מען אָנצינדען אלע אַכט ליכטעלאך, און וואָס ווייטער און ווייטער אלץ וועניגער און וועניגער (יום ראשון מדליק שמונה מכאן ואילך פוחת והולך). און בית הלל זאָגען, אז דעם ערשטען טאָג חנוכה זאָל מען אָנצינדען בלויז איין ליכטעל און וואָס ווייטער אלץ מער און מעהר (יום ראשון מדליק אחד מכאן ואילך מוסיף והולך). פרעגט זיך די פראגע: מיר דארפען אין די אַכט טעג אָנצינדען 36 ליכטעלאך, טאָ וואָס איז אונז דער אונטערשיד ווי מיר צינדען זיי אָן: צי די 8 פריהער אָדער די 8 שפעטער?

אַלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע צוויי לאַנדסלייט:

בערעל און שמערעל האָבען פארלאָזען זייער אלט היימיש שטעדטעל און זיינען געקומען קיין אמעריקא. די ערשטע צייט האָבען זייביידע, נעביך, געאַרבייט שווער און ביטער, געטאָן כל עבודת פרך, ביז דער אויבערשטער האָט זיי געהאָלפען אז זיי האָבען זיך ארויפגעארבייט אויף א שטיקעל געשעפט און עס איז גראָד זעהר גוט אוועק. ביידע האָבען חתונה געהאַט און גענומען שעהנע אידישע טעכטער פאר פרויען און מען האָט אָנגעהויבען פיהרען א פאַמיליע־לעבען.

שמערעל האָט זיך זעהר גיך אמעריקאניזירט, ער האָט אראָבגעוואָרפען פון זיך דאָס אלטע ביסעל היימישע ערד און האָט זיך איבערגעפלאנצט אין אמעריקא. ער האָט אויך אָנגעהויבען משנה שם זיין. די שוהל, צום ביישפיל, האָט ער א נאָמען געגעבען „טעמפעל", דעם רב — „ראביי", דעם חדר — „היברו", דעם מלמד — „טיטשער" און האָט גענומען געבען זיינע קינדער א אידישע ערציהונג לויט דעם אמעריקאנער נוסח: א לעק, א שמעק, א נאַש און פארביסען מיט אן ענגלישען „ספיטש" צו בר־מצוה. דער עולם אין טעמפעל פלעגט באַגייסטערט ווערען פון די שעהנע נאַציאָנאַלע „ספיטשעס" וואָס זיינען זיהן פלעגען האַלטען צו זייערע בר־מצוות, און פלעגען שרייען: פרעה זיך טאַטע! פרעה זיך! דו האָסט א גרויסע אידישע מנורה ביי זיך אין הויז, אַ מנורה וואָס וועט באַלייכטען אַלע דיינע ווינקעלאך! אָבער ווי עס איז געקומען נאָך בר־מצוה, האָט די מנורה

## דר. י. ל. שניצער

אָנגעפאנגען טונקעלער ווערען, איין ליכטעלע נאָכ׳ן צווייטען האָט זיך געגומען אויסלעשען, ביז עס איז געבליבען א קליין פונקעלע, וואָס האָט קוים, קוים געזשיפּעט.

בערעל האָט זיך אויך איבערגעפלאנצט אין אמעריקא, אָבער ער האָט ניט אראָבגעוואָרפען פון זיך די אַלטע היימישע ערד. דעם רב, די שוהל, דעם חדר, דעם מלמד, האָט ער אויך ניט משנה שם געווען. זיינע קינדער האָט ער ערצויגען אזוי ווי זיין טאַטע האָט איהם ערצויגען. אמת, צו זיינע קינדער׳ס בר־מצוה האָט די מנורה ניט אזוי געפלאַקערט, דערפאַר אָבער איז נאָך בר־מצוה די מנורה ניט טונקעל געוואָרען, פארקעהרט, פון טאָג צו טאָג האָט די מנורה אָנגעפאנגען לייכטען אלץ מעהר און מעהר, אז עס איז געווען א פאַרגעניגען א קוק צו טאָן.

בית שמאי און בית הלל האָבען געזעהן פאר זיך צוויי פארשידענע גלות־אידען. פאר בית שמאי׳ס אויגען איז געשטאנען אזא איד ווי שמערעל, וואָס בלויז צו בר־מצוה גיט די מנורה א פלאַקער, אָבער וואָס ווייטער און ווייטער איז „פוחת והולך״ — געהט אלץ שוואַכער און שוואכער. שמע־רעל וויל ניט וויסען פון דעם אידישען עבר. ער איז אן אמעריקאנער און האָט נאָר אין זינען די „ימים הנכנסים״, זיין מאַטעריעלע צוקונפט אין אמעריקא.

די בית הלל אָבער האָבען געזעהן פאר זיך אַזאַ אידען ווי בערעל, וואָס ביי איהם שפּילט די הויפּט ראָלע דער אידישער עבר, און ער האַלט, אז אונזער יוגענד איז אויך אונזער מאָרגען. דעריבער איז „מוסיף והולך״ — פון ערשטען טאָג אָן ווי דאָס קינד הויבט אָן צו געהן אין חדר, צינדט ער אין איהם אָן דעם ריינעם אידישען בוימעל, יעדען טאָג א ליכטעלע מעהר ביז די גאַנצע מנורה ווערט אָנגעצונדען, אַזאַ איד קוקט אויף די „ימים היוצאים״, ווי מען פלאַנצט איין די קינדער אין זייערע יונגע יאָהרען. אזוי בלייבען זיי אויך אויף דער עלטער.

# ויגש

**אל תרגזו בדרך.**

ווען יוסף האָט זיך געלאָזט דערקענען פון זיינע ברידער און האָט זיי אוועקגעשיקט ברענגען דעם טאַטען מיט זיין פאַמיליע אין מצרים, האָט ער זיי אָנגעזאָגט: „אל תרגזו בדרך", איהר זאָלט זיך ניט קריגען אויפ׳ן וועג. זאָגען אויף דעם אונזערע חכמים, אז יוסף האָט זיינע ברידער דריי תקנות געגעבען: ערשטענס, זאָלט איהר ניט דיספוטירען וועגען א דין, אין דער צייט ווען איהר זייט אין וועג; צווייטענס, זאָלט איהר ניט שטעלען קיין צו גרויסע טריט; דריטענס, זאָלט איהר אריינברענגען ליכטיגקייט אין שטאָדט.

ווען מען טראַכט זיך גוט אריין אין אונזערע חכמים׳ס ווערטער, קען מען זעהן מיט וועלכע פסיכאָלאָגישע בלומען זיי האָבען יוסף׳ס ווערטער באפוצט.

יעקב׳ס געזינדעל איז געשטאַנען אויפ׳ן שוועל פון ערשטען גלות, הגם זייער אָנקומען אין מצרים איז געווען א טריאומף־צוג. דער אַלטער טאַטע איז געגאַנגען צו זיין זוהן דעם הערשער, אָבער יוסף מיט זיין פראָ־פעטישען אויג האָט געזעהן די צוקונפט וואָס זיי ערוואַרטעט אין מצרים, האָט ער זיי דריי קלוגע עצות געגעבען.

„אל תתעסקו בדבר הלכה", פיהרט ניט קיין מחלוקת צוליעב רעליגיאָן, ברענגט ניט קיין שפּאַלטונגען אין רעליגיעזע פראגען, קעמפּט ניט קיין רעליגיעזע מלחמות, אזוי לאַנג ווי איהר זייט אין וועג, אין גלות.

„אל תפסיעו פסיעה גסה", מאַכט ניט קיין צו גרויסע טריט, זוכט ניט צו גיך רייך אָדער גרויס צו ווערען אין גלות, ווייל דער גוי וועט קוקען מיט ערשטוינונג אויף דעם שנעלען פראָגרעס פון זיין אידישען שכן. ער וועט ניט זאָגען, אז דאָס האָט דעם אידען׳ס פעהיגקייט געבראַכט צו אזא מין שטופּע, נאָר ער וועט זאָגען, אז דער איד האָט דערגרייכט זיין ציעל

## דר. י. ל. שניצער

דורך קרומע וועגען און דורך שווינדעל. זיין קנאה וועט פּאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ ביטערע שנאה און פון דעם וועלען אַרויסוואַקסען אַנטיסע־מיטען אויף דער וועלט.

„והכניסו חמה לעיר", ברענגט אריין ליכטיגקייט אין אַ שטאָדט, די זון גיט ארויס פון זיך צוויי זאַכען: ליכט און ווארימקייט. ליכט איז דער סימבאָל פון וויסענשאַפט און ווארימקייט איז דער סימבאָל פון ברידער־ליכקייט.

האָט יוסף געראַטהען זיינע ברידער, אז אין יעדער שטאָדט, וואו זיי וועלען אריינקומען, זאָלען זיי זעהן אריינצוברענגען וויסענשאפט און פריינד־שאפט צווישען די באַפעלקערונג. אויב אייך איז שוין יאָ באַשערט צו זיין אין גלות, זאָלט איהר זעהן צו פאַרטרייבען די שאָטענס פון אונוויסענהייט און אָפּשוואַכען די אייביגע שנאה פון די מענשען איינער צום אַנדערען.

די ערשטע צוויי עצות וואָס יוסף האָט אונז געגעבען, האָבען מיר אין גלות ניט אָבגעהיט, דעריבער האָט עס טאַקע שרעקליכע רעזולטאַטען גע־בראַכט.

די שטענדיגע רעליגיעזע מחלוקת האָבען א סך, א סך אידען פון אונז אָבגעריסען, די „קראים", די „פראנקיסטען" און נאָך אזעלכע, אין אנדערע פעלע האָבען די מחלוקת געגעבען א שווערד אין די הענד פון אונזערע שונאים צו פאַרגיסען אידיש בלוט אָדער פארניכטען אידישע ספרים, ווי עס איז באַוואוסט צו אַלעמען, אז צוליעב די מחלוקת וואָס האָט זיך צו־פלאַקערט צווישען די חכמי צרפת וספרד וועגען דעם רמב"ם'ס ספרים, האָ־בען די קאטוילישע גלחים געפונען א גוטע געלעגענהייט צו ברענען אידישע ספרים אָהן אונטערשיעד, און צו מאָרדען און פארניכטען אידישע געמיינ־דעס.

מיט די שנעלע טריט, ווידער, וואָס דער איד האָט געמאכט אויף דעם עקאָנאָמישען געביט, האָבען מיר א סך אנטיסעמיטען געקראָגען. דערצו נאָך זיינען א סך, א סך אידען אוועק פון זייער גאָט און זייער פאָלק. אין אָנפאנג בלויז אין א קריסטליכע געזעלשאפט, שפּעטער אָבער מיט א קריסטליכען איידעם און מיט א קריסטליכער שנור.

יוסף'ס דריטע עצה אָבער האָבען מיר יאָ אויסגעפאָלגט. אין מיטעל־אלטער, ווען א דיקע פינסטערניש האָט די ערד צוגעדעקט, זיינען מיר

# מענש און תורה

אידען געווען די לעהרער פון דער וועלט, מיר האָבען פארשפרייט די אידעען פון אונזער תורה און פון אונזערע נביאים צווישען די פעלקער און געטהאָן אונזערע שליחות באמונה, מיר האָבען אריינגעבראכט ליכט און וואַרימקייט אין יעדער לאַנד וואו מיר זיינען געקומען, און אפילו איצט, ווען די מענשען דענקען, אז זיי האָבען שוין דערגרייכט די העכסטע שטופע פון וויסענשאפט, ערפילט אויך דער איד זיין אויפגאבע און פרעדיגט פרידען און פריינדשאפט צו די פעלקער.

*****

פרעגט מיך א איד א קשיא:

שלמה המלך זאָגט: „עטרת תפארת שיבה בדרך צדקה תמצא״, א שעהנע קרוין אויף די עלטערע יאָהרען קען מען דורך צדקה געפינען, הייסט עס, אז דער וואָס גיט צדקה, דער וועט האָבען א שעהנע עלטער און דער וואָס גיט ניט קיין צדקה, דער וועט ניט האָבען קיין שעהנע עלטער. לאָזט זיך אָבער אויס פונקט קאפויר, ער קען לייט, וועלכע האָבען זעהר א סך צדקה געגעבען און האָבען, נעבעך, א ביטערע עלטער: פארקעהרט, ווידער, לייט, וועלכע האָבען גאָר קיין צדקה ניט געגעבען, און האָבען זעהר א גוטע עלטער. פרעגט זיך די פראגע: וואו איז דאָ דעם קלוגען שלמה׳ס באַמערקונג?

אלס ענטפער אויף זיין פראַגע האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם צדקה גבאי:

אין א געוויסער מדינה איז געווען איינגעפיהרט, אז די רעגירונג פלעגט אַכטונג געבען אויף די אידישע צדקה געלדער. יעדען יאָהר פלעגט אראָפּקו־מען א בעאמטער פון דער רעגירונג און איבערקוקען די צדקה־ביכער.

דאַרף זיך טרעפען, אז אין א שטאָדט איז געווען א צדקה־גבאי, זעהר אן אָרענטליכער און א גאָטספאָרכטיגער מאַן, נאָר נעביך, זעהר א גרויסער אָרעמאַן, און ווען דער רעגירונגס בעאמטער האָט נאָכגעזעהן זיינע צדקה־ביכער, האָט ער אויסגעפונען, אז עס פעהלט הונדערט גילדען.

דער גבאי איז, נעביך, געבליבען זיצען ווי א געלעהמטער, ער האָט געוואוסט, אז דאָס שמעקט מיט א יאָהר געפענגניש אויב ער וועט ניט

# דר. י. ל. שניצער

גוט־מאַכען די הונדערט גילדען, אָבער וואו קען ער שאפען הונדערט גילדען? איז צוגעלאָפען זיין בן־יחיד און א זאָג געטאָן צום בעאמטען:

„איך האָב די הונדערט גילדען צוגענומען. ניינציג גילדען האָב איך פאַרשפּיעלט אין קאָרטען און צעהן גילדען האָט איך ביי זיך און דאָ האָט איהר זיי!"

דער זוהן איז גלייך ארעסטירט געווארען און איז פאר'משפט געווארען צו א יאָהר געפענגניס.

דער פאָטער איז אומגעגאנגען ווי אויס מענש. ער האָט זיך גאָרניט געקענט פאַרשטעלען, אז זיין זוהן, דער גוטער, דער שטילער, דער רוהיגער, דער געלערענטער זאָל זיין א גנב און נאָך א קאָרטען שפּילער דערצו, אָבער ער האָט זיך דאָך אליין מודה געווען אין זיין פאַרברעכען.

אין א פּאָר וואָכען ארום האָט מען געכאפּט דעם שבת־גוי ביי א גנבה און אויספרעגענדיג איהם האָט ער אויסגעזאָגט, אז ער האָט די הונדערט גילדען ביים גבאי אויך גע'גנב'עט. פאַרשטעהט זיך דאָך, אז מען האָט דעם גבאי'ס זוהן גלייך פרייגעלאָזען און מען האָט דעם גוי אוועקגעזעצט אויף זיין אָרט. און אז מען האָט דעם בן־יחיד א פרעג געטהאָן: „סטייטש? ווי אזוי האָסטו ארויפגענומען אויף זיך אזא מין בלבול?" האָט ער זיי געענטפערט: „איך האָב באמערקט ווי מיין פאָטער איז שרעקליך בלייך געווארען, האָב איך גערעכענט, אמת טאקע, מיין טאַטע איז זעהר אן אָרענטליכער מענש, אבער צוליעב זיין אָרעמקייט האָט ער פיעלייכט דאָס געלד גענומען, דעריבער האָב איך גענומען די באשולדיגונג אויף זיך, כדי מיין פאָטער זאָל אין געפענגניש ניט געהן".

„אָבער וואו האָסטו די צעהן גילדען גענומען?" האָט דער פאָטער איהם א פרעג געטהאָן.

„שוין איבער א יאָהר צייט ווי איך קלייב פרוטה צו פרוטה צו קויפען דיר א מתנה אויף דיין זעכציג יעהריגען געבורטסטאָג, האָב איך שוין צעהן גילדען געהאט צוזאמענגעקליבען".

ווען דער גביר פון שטאָדט האָט דערהערט די געשיכטע, האָב ער דעם זוהן צוגענומען פאר אן איידעם און איהם געמאכט פאר א שותף אין זיין געשעפט, און ווען דער גבאי איז זעכציג יאָהר אלט געוואָרען, האָט דער גביר געפּראוועט זיין געבורטסטאָג ביי זיך אין הויז, ער האָט פאר די אלע

## מענש און תורה

פאַרזאַמעלטע דערצעהלט די עדעלקייט פון זיין אידעם און האָט פאַרענדיגט מיט שלמה המלך׳ס ווערטער: „עטרת תפארת שיבה בדרך צדקה תמצא״ א שעהנע קרוין אויף די עלטערע יאָהרען האָט דער פאָטער דורך די צדקה געפונען.

איהר פאַרשטעהט, מיין פריינד? א שעהנע קרוין אויף די עלטערע יאָהרען מיינט גראָד ניט צו האָבען וואָס צו עסען. א שעהנע קרוין קען אויך זיין, ווען מען האָט גוטע קינדער וועלכע גיבען אָפּ כבוד דעם טאַטען.

# עשרה בטבת

אן אלטע געשיכטע וואָס האָט פּאַסירט מיט 25 הונדערט יאָהר צוריק. א סך וואַסערען זיינען שוין אריבערגעלאָפען זינט יענער צייט. גרויסע מלוכות זיינען געבוירען געוואָרען און געשטאָרבען, גרויסע מלחמות זיינען אויסגעפאָכטען געווארען, די מענשהייט האָט כלומרשט ארויפגעצוואונגען אויף זיך א נייעם בגד, אָבער אונטערן בגד איז געבליבען די אלטע וואונדען און די אלטע וועהטאָגען.

פון בבל איז שוין לאנג קיין געדעכעניש ניטאָ, דאָס מעכטיגע לאַנד פון דעם דאמאָלסדיגען דיקטאַטאָר „נבוכדנאצר" מיט זיין פּרעכטיגער הויפּט־שטאָדט, אין וועלכער עס האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אלע וואונדער פון אַלטערטהום, איז היינט א שטיקעל טערקישע וויסטעניש מיט עטליכע איינגעהויקערטע ארעמע דערפלאַך, דער בבל'שער גלאַנץ איז שוין לאנג פארלאָשען געוואָרען, אפילו דער נאָמען איז שוין אויך כמעט ווי פארגעסען געוואָרען, ווי אונזערע נביאים האָבען פאָראויסגעזאָגט.

נאָר דער וועהטאָג פון „עשרה בטבת" איז ביי אונז אידען נאָך גע־בליבען, 25 הונדערט יאָהר פון וועלט איבערקערענישען און עס איז איינ־געקריצט געוואָרען אין אונזער זכרון דער לעצטער קאַמף געגען בבל, א וועהטאָג וואָס לאָזט זיך ניט פארגעסען.

דער אידישער קעניג „יהויקים" האָט זיך געלאָזט אויפהעצען פון עגיפּ־טען און פעניציע, וועלכע האָבען איהם פאַרשפּראָכען זייער הילף, וואָס זיי האָבען איהם קיינמאָל ניט געגעבען, און ווען ער איז געשטאָרבען, האָט זיין זוהן „יהויכין" מיט זיין מוטער „נחושתה" איבערגענומען די רעגירונג, פאָרטגעזעצט יהויקים'ס פּאָליטיק און געמאכט אלע פארבארייטונגען פאר א רעוואָלוציע געגען בבל, פאָלגענדיג די עצה פון עגיפּטען.

פון דעסטוועגען האָט נבוכדנאצר ניט געמאכט קיין חורבן פון דאָס אידישע לאנד, ער האָט בלויז צוזאַמענגענומען א 15 טויזענד אידען, וועלכע

# מענש און תורה

האָבען געהאט א נאָמען פאר רעוואָלוציאָנערען, געבראכט זיי אלס געפאנגענע אין בבל און באשטימט פאר א קעניג איבער די אידען „צדקיהו׳ן״, וועל־כער איז געווען אן אידעלער פרידליכער מענש מיט א רוהיגען כאַראַק־טער. ער האָט גענומען פון איהם א שבועה, אז ער וועט זעהן אָנצו־האַלטען דעם שלום און זיך ניט פארבינדען מיט די שונאים פון בבל.

צדקיהו וואָלט אויך זיין שבועה געהאלטען, ווען ניט די אידישע אריס־טאָקראַטען, וועלכע האָבען ארומגערייזט אין פרעמדע לענדער, איינגעזאפּט אין זיך פרעמדע געדאנקען און אָנגענומען אלע פרעמדע און שלעכטע מנהגים.

מען האָט אין ירושלים אָבגעהאלטען אן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ, די פאַרטרעטער פון אדום, מואב, עמון, צור און צידון האָבען געגעבען א הייליגען פאַרשפרעכען צו העלפען די אידען, אבי נאָר צו רעוואָלטירען געגען בבל.

פאַרשטעהט זיך דאָך שוין, אז צדקיהו מיט זיין שוואכען כאַראַקטער האָט זיך געלאָזען איבעררײדען, ער האָט די שבועה ניט געהאלטען און די מלחמה געגען בבל האָט זיך אָנגעפאנגען.

די אידען האָבען דאן דערזעהען די פאלשקייט פון זייערע „עלייעס״, קיין איינציגע פון די רעגירונגען וואָס זיינען געווען אויפ׳ן קאָנפערענץ אין ירושלים, האָט ניט געהאַלטען זייער פאַרשפרעכען און דעם צעהנטען טאָג אין טבת האָט נבוכדנאצר אָנגעהויבען צו שטורמען די פעסטונגען פון ירושלים, וואָס האָט זיך שפעטער געענדיגט מיט דעם מורא׳דיגען חורבן.

עשרה בטבת! דו ביזט דער אידישער יום הזכרון וואָס ווייזט, אז די אלע צרות וואָס מיר אידען האָבען געליטען, זיינען געקומען צוליב דעם וואָס מיר האָבען זיך צופיעל געמישט צווישען די שכנים׳שע פעלקער, גע־גלויבט אין זיי, זיך פאַרבונדען מיט זיי, אָדער ווי מען רופט עס אויף דעם דיפּלאָמאַטישען לשון, געשלאָסען מיט זיי אליאנצען, דורך דעם זיינען געקומען אונזערע אמאָליגע חורבונות און דורך דעם ליידען מיר אויך איצט אין גלות.

***

# דר. י. ל. שניצער

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער און זיין ברודער כאצקעל, זיינען אין איין צייט אין אמעריקא גע־קומען. ער איז א פרומער איד וואָס היט אָב יעדע מצוה פון דער תורה, און דאָך איז ער אן אָרעמאן און אביון, וואָס מאַטערט זיך פשוט אויף א טרוקען שטיקעל ברויט צו פאַרדינען, וועהרענד זיין ברודער כאצקעל האלט ניט פון קיין אידישקייט און איז א רשע מרושע פון דער נאַטור, ער לעבט פון פראָצענט, רייסט פון טויטע און פון לעבעדיגע, וויים ניט וואָס רחמנות איז און דאָך לעבט ער אזוי ווי גאָט אין פראנקרייך. פרעגט זיך די קשיא, וואו איז יושר? פארוואָס קומט איהם, דעם גוטען, דעם עהרליכען אזוי פיעל צו ליידען און זיין ברודער דעם רשע מרושע אזוי פיעל גוטעס?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה פון יענע צוויי גענעראַלען:

א קעניג האָט געהאט צוויי גענעראלען, וועלכע האָבען געפיהרט די מיליטערישע אבטיילונג פון זיין לאנד. איינער איז געווען אן עהרליכער מענש, געליבט דעם קעניג מיט דעם גאנצען הארצען און איז איהם געווען טריי און איבערגעבען. דער צווייטער אָבער איז געווען דער היפוך פון איהם, א פאלשע בריאה, א גרויסער עגאָאיסט און נאָך א כאַבאַרניק דערצו, פאר געלד וואָלט ער אפילו זיין אייגענעם טאטען פארקויפט.

צופעליגער ווייזע האָט גראדע דער קעניג אויסגעפונען וואָס פאר א נידעריגע בריאה דער צווייטער גענעראל איז, ער האָט פארקויפט רעגירונגס פלענער צו אנדערע מלוכות. אום אויסצומיידען אז דער קעניג זאָל איהם ניט באשטראָפען, איז ער אנטלאָפען געוואָרען און מען האָט איהם ניט געקענט געפינען.

דארף זיך טרעפען, אז דער איבערגעגעבענער גענעראל האָט זיך ארויס־געכאפט מיט א וואָרט אין פאַרלאַמענט, וואָס איז געווען זעהר א גרויסער פחיתות־הכבוד פאר׳ן קעניג. די מיניסטאָרען האָט עס זעהר שטאַרק פאַר־דראָסען און מען האָט באשלאָסען עס פאָרצוברענגען פאר׳ן קעניג, אז ער זאָל איהם באשטראָפען דערפאַר.

אונטער דער צייט איז דער קעניג געפאָהרען אויף זיין טעגליכען שפאַציר, איז איהם באפאלען א מאן מיט א רעוואָלווער אין האנד און איהם

# מענש און תורה

געוואָלט דערמאָרדען, איז אונטערגעלאָפען א פאַרמאַסקירטער מאן, ארויס־געריסען דעם רעוואָלווער פונ׳ם מערדער׳ס האַנד און האָט דעם קעניג׳ס לעבען געראַטעוועט.

ווען מען האָט ארונטערגענומען די מאסקע פון דעם רעטער׳ס פנים, האָט מען דערזעהען אז דאָס איז דער גענעראל וואָס האָט זיך אויסבאַ־האלטען פון דעם קעניג׳ס שטראף, און ווען מען האָט דיביידע גענעראלען פאַרגעבראכט פאר׳ן קעניג, האָט ער דעם פאָלגענדען אורטייל געגען זיי ארויסגעגעבען:

— דער גוטער גענעראל, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען דעם קעניג טריי און איבערגעבען, נאָר ער האָט זיך מיט אן איבעריגען וואָרט ארויס־געכאַפּט אנטקעגען דעם קעניג, זאָל מען איהם אוועקפיהרען אין א זייטיגען אָרט און איהם דארטען שטרענג פארהאַלטען פאר זיין פאַרברעכען, אבער עפענטליך, בפני כל עם ועדה, זאָל מען איהם מיט כבוד באהאנדלען.

דעם צווייטען גענעראל ווידער, זאָל מען אויך אוועקפיהרען אין א זייטיגען אָרט און איהם א מעדאל אָנהענגען דערפאר וואָס ער האָט דעם קעניג׳ס לעבען געראַטעוועט, אבער עפענטליך, בפני עם ועדה, זאָל מען איהם באשטראָפען ווי ער האָט פארדיענט!

דער צדיק דיענט דעם אויבערשטען מיט׳ן גאנצען הארצען און איז איהם זעהר שטארק איבערגעבען, נאָר „אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא״, דער גרעסטער צדיק טהוט אמאָל אן עברה, שטראפט מען איהם דאָ אביסעל אין דער פינסטערער וועלט, אבער אין דער ליכטיגער וועלט וועט מען איהם גרויס כבוד אָבגעבען.

דעם רשע אָבער טהוט מען אָן דאָ אויף דער פינסטערער וועלט א מעדאל, אָבער אין דער ליכטיגער וועלט וועט ער באשטראָפט ווערען פאר זיין פאַרראַט!

# ויחי

ויחי יעקב.

יעקב האָט געלעבט און איז געשטאָרבען. יוסף האָט געלעבט און גע־קעניגט און איז אויך געשטאָרבען. אָנגעפאַנגען האָט זיך דער ערשטער טייל פון אונזער חומש מיט „בראשית ברא״ מיט שאַפען און בויען און געענדיגט האָט ער זיך „בארון במצרים״, מיט א זאָרג און מיט א טויטען־קאַסטען. ווי געוועהנליך, וואָס ווערט פון אונזער שאַפען, בויען און זאַמלען ? א זאָרג און טויטען־קאַסטען.

***

ויחי יעקב.

רש״י פרעגט : „למה פרשה זו סתומה ?״ — פאַרוואָס איז ניטאָ אין דער תורה קיין הפסק, קיין אָפּשטעל צווישען די סדרה „ויגש״ און „ויחי״ ? ווייל די פרשה „ויחי״ איז א פאַרבלענדעטע. יעקב האָט געוואָלט אויס־זאָגען זיינע קינדער דעם „קץ״, ווען זיי וועלען אויסגעלייזט ווערען פון גלות, איז פאַרבלענדעט געווארען פון איהם די נבואה, דאָס הייסט, ער איז פאַרבלענדעט געווארען פון דעם לוקסוס, אין וועלכען זיי האָבען זיך געפונען אין די צייטען פון יוסף׳ס ממשלה. געה דערצעהל קינדער א מעשה פון גלות און צרות אין דער צייט, ווען זיי לעבען אין לוקסוס און אין „פּראָספּע־ריטי״.

***

ווען מען טראַכט זיך גוט אריין אין היינטיגער סדרה, קען מען זעהן וואָס פאר א שטיק פילאָזאָפיע יוסף האָט זיינע ברידער דערלאנגט. „ויאמר אליהם יוסף אל תיראו, כי התחת אלהים אני, ואתם חשבתם עלי רעה אלהים חשבה לטובה למען עשה כיום הזה להחיות עם רב״. יוסף זאָגט צו זיינע ברידער :

# מענש און תורה

„האָט קיין מורא ניט, פארנעהם איך דען דעם פּלאַץ פון גאָט? ווען איהר האָט אפילו געדענקט מיר שלעכטעס צו טהאָן, האָט אָבער דער אויבערשטער אומגעדרעהט אייערע פּלענער צו גוטען צו דערהאַלטען ביים לעבען א גרויסע באַפעלקערונג."

אין דיזע פּאָר ווערטער ליגט א טיפע לעהרע צו מענשען, אז זיי זאָלען זיך ניט לאָזען באַאיינפלוסען פון זאָרג, ווייל זאָרג איז אן אילוזיע, א נאַרישע פאָרשטעלונג, וועלכע עקזיסטירט בלויז אין דער פאַנטאַזיע. און גאַנץ אָפט טרעפט עס אז דאָס וואָס מיר באַטראַכטען א זאַך פאר אן אונגליק, קען גאָר זיין, אז אין דער נאָהענטער צוקונפט איז דאָס גאָר דער גרעסטער גליק. דאָס הייסט: אז מיר, מענשעלאך, זיינען קיין מבינים ניט צו פאַרשטעהן, וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז שלעכט פאר אונז.

זאָרג איז איינע פון די ערגסטע פּלאגען אויף דער וועלט, און פון אלע פעלקער האָט דאָס אידישע פאָלק מעהר אריינגעצויגען אין זיך דיזע קראנקהייט. עס קוקט אויס, אז ווען דער אויבערשטער האָט באַשאַפען די וועלט, האָט ער געגעבען די פעלקער די ברירה זיך אויסצוקלייבען פּראָפעסיעס. איינע האָט אויסגעקליבען ערד־ארבייט, א צווייטע פיה־צוכט, דאָס אידישע פאָלק אָבער האָט אויסגעקליבען מסחר. און מסחר איז אָבהענגיג פון ווינד, וועטער, פייער, וואַסער, מזל, קאפריז און נאָך אזעלכע זאַכען. אָט די דאגות האָבען דעם אידען געמאכט (ווי מאנכע מעדיצינער באהויפּטען) קליין אין וואוקס, שמאָל אין ברוסט, אויסגעצעהרט אין קערפּער און נערווען אין טעמפּעראמענט. דעריבער איז דער איד מעהר אויסגעזעצט צו געוויסע קראנקהייטען ווי אויסצעהרונג, מאָגען־צרות, צוקער, קענסער, און נאָך אזעלכע קראנקהייטען.

ווען א מענש זאָל גענוי אונטערזוכען און אַנאַליזירען זיינע דאגות, וועט ער אויסגעפינען, אז זיי עקזיסטירען בלויז אין זיין פאַנטאַזיע, אין דער אמת׳ען אָבער זיינען דאָס בלויז שאָטענס, וועלכע זעהען אויס פון ווייטען ווי גרויסע בערג.

אָט די טיפע פילאָזאָפיע האָט יוסף געזאָגט צו זיינע ברידער, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז זיי שרעקען זיך טאָמער וועט ער זיך איצט, נאָך זייער פאָטער׳ס טויט, זיך אָפּרעכענען מיט זיי.

# דר. י. ל. שניצער

— שרעקט אייך ניט פאר קיין מענשען — האָט ער צו זיי געזאָגט — בין איך דען א גאָט, אז איך זאָל אייך קענען א רעה טהאָן אפילו, ווען איך זאָל וועלען? נעהמט די פּאַסירונג אין אונזער פאַמיליע אלס ביישפּיל: איהר האָט געמיינט מיר צו טהאָן שלעכטעס, אָבער גאָט האָט פון דעם פּלאַן אַרויסגעבראַכט א גליק פאַר אונז און אויך פאר דער גאַנצער באַפעלקערונג.

ווען אונזערע גייסטיגע פיהרער וואָלטען געווען גוטע פּסיכיאַטאָרען און וואָלטען דערלאַנגט פריי־טאָג־צו־נאַכט אַזאַ קאַפּיטעל באלזאַם זייערע צו־הערער, אַנאַליזירען זייערע דאגות, אויפווייזען זיי, אז קיינער האָט נאָך פּאַרלויפיג קיין זאַך ניט אויסגעזאָרגט, וואָלטען א סך ווייניגער פאַרבי־טערטע נשמות ארומגעגאַנגען צווישען אונז.

דאָס דערמאָנט מיר די לעגענדע מיט יענעם צויבערער:

אלכסנדר מוקדון האָט באַזוכט אן אינדיאַנישען פרינץ, וועלכער האָט געהאט א נאָמען אלס גרויסער צויבערער. ער האָט געוואָלט זעהן, ווי אזוי ער באַווייזט זיינע נסים ונפלאות. איז ערשינען פאר׳ן צויבערער א מאַן און האָט געבעטען, אַז ער זאָל איהם העלפען. גאָט האָט איהם געבענשט מיט רייכטום און מיט גדולה, נאַר איין שווארצער וואָלקען פאַרפינסטערט זיין לעבען. ער איז שוין איבער 10 יאָהר פאַרהייראט מיט זיין פרוי און זיי האָבען קיין קינדער ניט. ווען ער דערמאָהנט זיך, אז זיין גאַנצער פאַר־מעגען וועט בלייבען אין פרעמדע הענט, געהט איהם זיין לעבען ניט איין. איז ער דאָס איצט געקומען פרעגען דעם צויבערער, צי ער האָט נאָך וועלכע האָפנונג, אז זיין ווייב זאָל איהם א קינד געבוירען?

— גוט, מיין פריינד — האָט דער צויבערער זיך צו איהם אָפּגערופען — איך וועל אריינקוקען אין מיין צויבער־גלאָז און זעהן וואָס די צוקונפט האָט פאַר דיר אָנגעגרייט. איך זעה, אז אונגעפעהר אין א יאָהר ארום פון היינט וועסטו האָלטען א קינד, דיין קינד אויף דער האַנט.

דער מאַן האָט אָנגעפאַנגען טאַנצען פון גרויס שמחה, און האָט א זאָג געטהאָן:

— איך מוז לויפען אָנזאָגען מיין ווייב די פרעהליכע בשורה!

— וואַרט אויס, מיין פריינד, איך בין נאָך מיט מיין נבואה ניט פאַרטיג — האָט דער צויבערער געזאָגט — איך זעה נאָך עפּעס, וואָס וועט דיר נאָך מעהר הנאה טהאָן. איך זעה, ווי דיין זוהן איז שוין אן ערוואַקסענער יונגער־

# מענש און תורה

מאַן, ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אין דער ארמעע, און ער איז דערהויבען געוואָרען צום ראַנג פון א גענעראַל.

— מיין גאָט! — האָט דער מאַן מיט פרייד אויסגערופען — מיט וואָס האָב איך פאַרדינט אזוי פיעל גליק? מיין זוהן וועט זיין דער באַשיצער פון מיין פאָטערלאַנד!

— דאָס איז נאָך ניט אלעס — האָט דער צויבערער ווייטער געזאָגט — איך זעה ווי דיין זוהן איז אין עלטער פון 55 יאָהר, דערהויבען געוואָרען אַלס אויבערקאָמאַנדיר, און איז אַוועק מיט אַ ריעזען־אַרמעע צו קעמפען געגען די שונאים פון אונזער לאַנד.

— אה, עהרווירדיגער, גרויסער פראָפעט! — האָט דער מאַן באַגייסטערט אויסגערופען — איך קען מעהר די פרייד אליין ניט איבערטראָגען, איך מוז לויפען טיילען די פרייד מיט מיין ווייב.

— וואַרט אויס! אָ, וואַרט אויס! — האָט דער צויבערער געזאָגט — איך האָב נאָך אן אינצידענט פון זיין לעבען, וואָס דו מוזט וויסען, איידער דו לויפסט דיין ווייב אָנזאָגען, איך זעה ווי דיין זוהן שטעהט אין אן איינ־זאַמען פּלאַץ אין א פינסטערע נאַכט מיט דעם קאָמאַנדיר פון שונא, און פאַרראַטה אונזער פאטערלאנד פאר 5 מיליאָן גאָלד־שטיקער. דיין זוהן ווערט אָבער געכאַפּט ביי זיין פאַררעטערישען געשעפט, מען שמידט איהם אין קייטען, מען שטעלט איהם פאר א קריעגס־געריכט, מען פאראורטיילט איהם צום טויט, און זיין נאָמען ווערט צו שאַנד און צו שפּאָט ביי יעדען איינעם...

דער מאַן איז געוואָרען ווייס ווי קאַלך און האָט מיט א ציטערענדיגער שטימע זיך אָפּגערופען:

— העלף מיר, פּראָפעט, העלף מיר! האָב רחמנות און ראַטעווע מיין נאָמען פון דעם שענדליכען פלעק! טויטע בעסער מיין זוהן אין זיין מוטער׳ס בויך, איידער ער זאָל געבוירען ווערען און אָנטהאָן מיר אַזאַ שרעקליכע שאַנד!

— איך וועל פּרובירען זעהן וואָס איך קען טהאָן פאַר דיר — האָט דער צויבערער איהם געענטפערט. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אין א ווינקעל, פאַרגלאָצט זיינע אויגען און געמורמעלט א שטילע תפילה, ווען

## דר. י. ל. שניצער

ער האָט נאכהער ווידער אין זיין צויבער־גלאָז אריינגעקוקט האָט ער מיט פרייד אויסגערופען:

— עס פרעהט מיך דיר אָנצוזאָגען די גוטע בשורה, אז גאָט האָט צו־געזעהן דיין צער און האָט געענדערט די גזרה. קיין זוהן וועט דיר ניט געבוירען ווערען.

— דאנקען גאָט, דאנקען גאָט! — האָט דער מאַן מיט שמחה אויסגע־רופען — איך וועל מעהר צו דיר קיין טענות ניט האָבען, גאָטעניו, פאַרוואָס דו האָסט מיר קיין זוהן ניט געגעבען. איצט מוז איך לויפען אָנזאָגען מיין ווייב, אז זי זאָל זיך ניט שרעקען, קיין זוהן וועט ביי אונז ניט געבוירען ווערען.

ווען דער מאַן איז אוועק, האָט זיך אלכסנדר מוקדון אָפגערופען צום צויבערער:

— ווען איך האָב אין מיין לאַנד ווייניגסטענס א פאָר אזעלכע קלוגע מענשען ווי דו ביזט, וואָלטען ווייניגער מרה־שחורה׳ניקעס זיך ארומגעדרעהט דאָרטען!...

# שמות

אין היינטיגער סדרה פאַנגט זיך אָן די געשיכטע פון אידישער שקלאפעריי אין מצרים. איידער דאָס אידישע פאָלק האָט אָנגעפאַנגען זיין עקזיסטענץ אלס פאָלק, האָט עס געמוזט דורכמאַכען א שקלאפעריי פון הונדערטער יאָהרען, ווייל צרות, מאנגעל, נויט און גלות זיינען די אחדות־פעדים וואָס האַלטען צוזאַמען די ליידענדע צווישען זיך.

וואָס מעהר צרות, וואָס מעהר יסורים, אלץ נעהענטער און נעהענ־טער ווערט די פאַמיליע צווישען זיך. אפילו ביי ווילדע רויב־טהיערע איז אויך די זעלבע, ווען עס קומט א פאַרפלייצונג, א פייער, אדער אן ערד־ציטערניש, טוליען זיי זיך איינע צו די אנדערע און מען פאַרגעסט אויף א ווייל דאָס רייסען זיך און בייסען זיך.

דעריבער האָט דאָס אידישע פאָלק געמוזט דורכמאַכען א גלות, לייטע־רען פריהער זייערע אייגענע נשמות, און נאָכהער געהן און פרעדיגען פאר דער וועלט דעם געטליכען אמת פון ליבע און רחמנות, פון רעכט און גערעכטיגקייט.

***

אונזערע חכמים זאָגען: „הזאב מחליף שערו ולא טבעו״ — דער וואָלף בייט זיינע האָר, אָבער ניט זיין נאַטור. עס איז דאָך שוין אזוי פיעל הונ־דערטער יאָהרען אוועק פון גלות מצרים, ישראל איז דאָך שוין איצט דער ריעז אין דער מענשליכער משפחה, דער גבור וועלכער האָט אין אלע צייטען און אין אלע לענדער געקענט ביישטעהן אלע אונגליקען, אלע שרעקען, אלע רציחות און זיינע כחות זיינען ניט אויסגעשעפּט געווארען. אָט ביי דעם איצטיגען גבור, ביי דעם איצטיגען ריעז איז אבער פארבליבען, אָן אַלטע כראָנישע קראַנקהייט, וואָס ער האָט גע׳ירש׳ענט פון דעם אלטען מצרים׳דיגען שקלאַף. ווען משה קומט צום פאָלק איהם וועקען און רופען איהם צו פרייהייט, הערט זיך דאָס פאָלק צו איהם ניט צו. „מקוצר רוח

## דר. י. ל. שניצער

ומעבודה קשה" — עס איז ניטאָ קיין צייט! מיר זיינען צופיעל באַשעפּ־טיגט! אָט דער קוצר רוח און עבודה קשה שפּיגעלט זיך נאָך איצט אויך אָפּ אין מאַנכע פאַמיליען לעבענס דאָ אין אמעריקאַ.

קומט צו קינדער־ערציהונג, גיט כאַצקעל דאָס איבער צו דער ווייב. ער האָט קיין צייט ניט, ער איז א פאַרנומענער מענש.

שמערעל האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט אוועקגעזעצט מיט זיינע דער־וואַקסענע קינדער און געהאַט מיט זיי אַן ערענסטען געשפּרעך ווי אזוי זיי זאָלען זיך פיהרען אין לעבען און אויף וואָס פאַר א וועג זיי זאָלען געהן. יאָ, ער איז א גוטער טאַטע, ער גיט אויס א סך געלד אויף זיינע קינדער, אָבער אויף א האַרץ צו האַרץ געשפּרעך האָט ער קיין צייט ניט, ער איז אַ פאַרנומענער מענש.

בערעל דענקט אז ער טהוט זיין פולע פליכט צו זיין ווייב דערמיט וואָס ער גיט איהר עסען, טרינקען און קליידער. ער האָט פאַרגעסען אז די פרוי האָט א נשמה, וועלכע דאַרף געשפּייזט ווערען אזוי גוט ווי דער קערפּער. זי דרעהט זיך ארום איינע אליין איבער די אויסגעפּוצטע צימערען און האָט ניט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדען, דער מאַן איז קיינמאָל אין דער היים ניטאָ. ער האָט קיין צייט ניט, ער איז א פאַר־נומענער מענש.

חיים דער פרומער דענקט, אז די גאַנצע אידישקייט איז א עגאָאיס־טישע מאַכעררייקע צו פאַרזאָרגען בלויז דעם אייגענעם איך. ער זאָל האָבען א ריכטיגען פּלאַץ אין גן עדן. ער זאָל האָבען דעם שור־הבר און דעם יין המשומר. פאַר דער ערציהונג פון דעם נייעם דור אַרט איהם גאַנץ ווייניג. ער איז צופיעל פאַרטהאָן אין עבודת הבורא, ווי תפילה, כשרות, הכשירים, ערוב תחומין, ערוב תבשילין און נאָך אזעלכע זאכען, אויפצופּאַסען אויפ'ן חנוך האָט ער קיין צייט ניט, ער איז א פאַרנומענער מענש.

***

גאַנץ אָפט פרעג איך זיך די פראגע: פאַרוואָס ליידען מיר, אידען אזוי פיעל? פון וואַנעט נעהמט זיך דער ווילדער האַס? פאַרוואָס זיינען מיר דער געגענשטאַנד פון פאַראַכטונג און פאַרפאָלגונג? זיינען מיר דען ניט קיין געטרייע און אָפּפערווילליגע בירגער? שטעהן מיר דען ניט מיט'ן

# מענש און תורה

פאַרמעגען און בלוט גרייט, ווען דאָס פאָטערלאנד פאָדערט? צאָהלען מיר דען ניט קיין שטייערען צוגלייך מיט אלע? צו גיבען מיר ווירקליך אַ גרונד פאַר דעם האַס, אַזוי אַז פון אונז איז אָבהענגיג דורך אונזער האַנדלונג איהם אויסצומיידען?

אריינטראכטענדיג זיך אָבער אין היינטיגער סדרה, האָב איך דעם תירוץ געפונען. „ויגדל משה ויצא אל אחיו וירא בסבלותם, וירא איש מצרי מכה איש עברי, ויפן כה וכה וירא כי אין איש, ויך את המצרי". — ווען משה איז גרויס געוואָרען, איז ער ארויסגעגאַנגען צו זיינע ברידער זעהן זייערע ארבייט, האָט ער באַמערקט ווי א „איש מצרי", א מצרי'שער מאַן שלאָגט א „איש עברי", א אידען, יעדען פון זיי האָט ער געהאַלטען פאַר אַן „איש", פאַר א מענשען מיט כאַראַקטער און מיט פּרינציפּ. ווען ער האָט זיך אָבער געווענדעט צו בײדע צדדים און האָט אויסגעפונען אז „כי אין איש" — דער שלעגער איז גאָר קיין מענש ניט, נאָר סתם א — הוליגאַן וואָס שלאָגט אידען אָהן אַן אורזאַכע, „ויך את המצרי" — האָט ער דעם מצרי דערשלאָגען, דאָס וואָרט „איש" איז שוין דאָ ניט דערמאָנט, ווייל דאָס איז געווען אַן אנטיסעמיטישע בריאה וואָס האָט געשלאָגען און גע'הרג'עט אָהן פּרינציפּ און אָהן מענשליכקייט, א מוסטער פון אונזערע איצטיגע מאָדערנע אנטיסעמיטען.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא: ווי מיר ווייסען איז די לעהרע פון בודהא אָדער קאָנפוציוס אזוי אַלט ווי תורת משה און אפשר נאָך עלטער, טאָ פאַרוואָס האָבען די קריסטען און די מחמדאנער גענומען גראדע זייערע רעליגיאָנען פון תורת משה און ניט פון בודהא און קאָנפוציוס?

אלס ענטפער אויף זיין פראַגע האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע מוזשיקעס:

אין א שטעדטעל איז געווען א פּריץ, זעהר א גרויסער שונא ישראל, די אידען פון שטעדטעל האָבען געהאַט פון איהם געברענטע צרות, און אזוי ווי די אידישע קרעמער האָבען געצויגען זייער חיונה פון די פּראָסטע מוזשיקעס, האָט דער פּריץ זיך מישב געווען און געפּעפּענט א גרויסען געוועלב מיט די זעלבע סחורה וואָס די אידישע קרעמער האָבען געהאַלטען,

## דר. י. ל. שניצער

מ'יט דעם צוועק אונטערצוגראָבען די עקזיסטענץ פון די אידישע קרעמער, דאָס לעצטע ביסען פון זייערע מיילער ארויסצורייסען.

ווען די אידישע קרעמער האָבען דאָס דערזעהן, איז זיי פינסטער און ביטער געוואָרען פאר די אויגען, ווייל זיי האָבען געדענקט, אז זייערע קריסטליכע קונדען פון וועמען זיי האָבען געצויגען זייער חיונה וועלען געוויס געהן האנדלען אין דעם פריץ'ס געוועלב, אָבער זייער שרעק איז געוועזן אומזיסט, דאָס גרויסע געשעפט פון פריץ איז געשטאַנען ליידיג, וועהרענד ביי די אידישע קרעמער איז דאָס געשעפט אַנגעגאנגען ווי פריהער. און אז מען האָט געפרעגט די מוזשיקעס וואָרום זיי געהן ניט צום פריץ אין געוועלב, האָבען זיי געענטפערט: אז דאָרטען וועלען זיי מוזען שטעהן אָהן א היטעל און נעהמען וועלכע סחורה מען וועט זיי געבען, און נאָך באצאָהלען פאר אלעס מיט מזומן, וועהרענד ביי די אידישע קרעמער איז ער דער בעל הבית, ער קען דורכוואָרפען א גאַנצע פעסעל הערינג ביז ער קלייבט אויס איינעם און באצאָהלען קען ער דערפאר ווען ער וועט אראָפּנעהמען די תבואה פון זיינע פעלדער, און אויב דער איד פרעסט איהם צופיעל פאר געלד, ברעכט ער איהם גוט אָן די ביינער און פאַרטיג!

דאָס זעלבע איז אויך געשעהן ווען די שטאַרקע פעלקער פון דער פאַרצייטיגער וועלט האָבען אָנגעפאנגען זוכען א רעליגיאָן, פון די אַנדערע שטאַרקע פעלקער האָבען זיי ניט געקענט באָרגען, צוליב דעם זעלבען טעם וואָס די מוזשיקעס האָבען ניט געוואָלט קויפען זייערע סחורה ביים פריץ; טאָמער, טאָמער וועט יענע פאָלק שטאָלצירען איבער זיי און זאָגען, אז איהר האָט אייער גאָט געליהען ביי אונז. זיינען זיי געקומען צום אידישען פאָלק, דאָס שוואכסטע און אָרימסטע פון אלע פעלקער. פון זיי האָבען זיי געקענט באָרגען אָהן שום מורא. זיי האָבען אויך געקאָנט אויסקלייבען די גרינגסטע און די באקוועמליכסטע זאכען פון דער אידישער רעליגיאָן, פונקט ווי די מושזיקעס האָבען דורכגעמישט דאָס גאַנצע פעסעל הערינג ביז זיי האָבען איינעם געפונען. און אויב דער איד וועט מאכען א באַמערקונג אז אונזער גאָט איז זייערער, הייסט עס, אז ער וויל באַצאָהלט דערפאר, וועלען מיר איהם באצאָהלען דערפאר מיט א פּאָר פּאָגראָמעלאך און פארטיג!

# וארא

ווען מען טראַכט זיך גוט אַריין אין היינטיגער סדרה, זעהט מען אַז די מעשה מיט די מכות איז עפּעס ניט אַזוי גלאַטליך. ווען פּרעה האָט זיך דערשראָקען און האָט געגומען שרייען אַז ער באַפרייט שוין די אידען, האָט גאָט איהם געדאַרפט האַלטען ביים וואָרט און נעהמען זיין פאָלק ישראל און געהן מיט זיי. פאַרוואָס האָט ער האַרט געמאַכט פּרעה׳ס האַרץ אַז ער זאָל חרטה האָבען אויף זיינע רייד? נאָך דער האַנדלונג קוקט גאָר אויס אַז גאָט האָט עקסטרא דאָס געטהאָן כדי איהם צו דערלאַנגען די פולע צעהן מכות.

נאָר ווען מיר זאָלען אַביסעל אַ טראַכט טהאָן וועגען דער ענטוויקלונג פון די מענשען, וועלען מיר געפינען אַן ענטפער צו דער פראַגע.

די ענטוויקלונג פון די מענשען קען מען איינטיילען אין צוויי פעריאָ־דען. די ערשטע פעריאָדע איז געווען די ערא פון כאַאָס. די מענשען־קינדער האָבען נאָך דאַן ניט געוואוסט פון קיין הערשער, ריכטער און וועכטער, דער פויסט איז געווען דער רעגירער און דער שטיין, אַדער דאָס מעסער — דער ריכטער. איין מענש האָט געקוקט אויפ׳ן אַנדערען ווי אויף אַ נאַטירליך געבאָרענעם שונא, בלוט האָט זיך געגאָסען ווי וואַסער און אָפּפער זיינען געפאַלען אין די מיליאָנען. קורץ, עס איז געווען אַ געזעלשאַפט פון „כל דאלים גבר״ — ווער עס איז געווען שטאַר־קער, דער האָט עקזיסטירט און דער שוואַכער איז אונטערגעגאַנגען.

די צווייטע פעריאָדע קען באַצייכענט ווערען אַלס די ערא פון געזעץ אין דער פעריאָדע איז שוין דאָ אַ רעגירונג אויף דער וועלט, וועלכע האָט אָנגענומען אַ רייהע געזעצען צו האַלטען דם עפּעבעל אין צוים. מען האָט אָנגעשטעלט גאַנצע מחנות מיט ריכטער, פּאָליציאַנטען און וועכטער אויס־צופיהרען די געזעצע. אין די צייטען פון פּרעה צום ביישפּיל, איז שוין געווען אַ שטאַרקע רעגירונג אין לאַנד מיט פעסטגעשטעלטע געזעצען.

## דר. י. ל. שניצער

אויבערפלעכליך קוקט אויס אז די ערא פון געזעץ פארווירקליכט שוין דעם העכסטען אידעאל, צו וועלכען די מענשהייט קען גרייכען. א באַווייז האָט איהר, אַז אפילו אין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט האַלטען מיר נאָך אויך אָן דיזעלבע כאַליאַסטרע ריכטער, פאַליציאַנטען און וועכטער ווי אַמאָל. אָבער דאָס איז א טעות. די הערשאפט פון געזעץ, אפילו ווען זי זאָל ענטוויקעלט ווערען ביז צום העכסטען פונקט, איז נאָך אלץ ווייט פון דעם ציעל וואָס גאָט וויל אז די מענשען זאָלען דערגרייכען, ווייל דאָס געזעץ, אפילו איצט ווי עס איז שוין אויסגעפיינערט געווארען, איז געגליכען צו א שפין וואָס זיצט אויף איהר געוועב און וואַרט אויף דער פליעג. זי געהט ניט כאַפּען די פליעג, אפילו ווען זי זאָל וועלען, קען זי דאָס אויך ניט טהאָן, נאָר ווען און ווינד איז, נעביך, דער פליעג, ווען זי שטעלט ארויף איהר פיסעלע אויפ׳ן שפינ׳ס געוועב! ווען איינער זאָל קומען, צום ביישפיעל, צו א ריכטער און איהם זאָגען: אזוי ווי ער איז דער וועכטער פון געזעץ, זאָל ער איהם זעהן צו באַזאָרגען מיט ארבייט כדי ער זאָל ניט גנב׳ענען און ברעכען דאָס געזעץ, וועט דער ריכטער איהם ענטפערען: מיין פליכט איז צו באשטראָפען א מענשען נאָכדעם ווי ער איז שוין באַגאַנגען א פאַרברעכען, אָבער אזוי לאנג ער איז נאָך קיין פאַרברעכען ניט באגאנגען, בין איך מיט איהם קיין מחותן ניט. ווייל דער ריכטער איז ווי די שפין. כאַפּען די פליעג קען ער ניט, נאָר ווען די פליעג האָט שוין ארויפגעשטעלט א פיסעל אויף זיין געוועב, דאן איז ער דער גאַנצער מאַכער!

אונזערע חכמים זאָגען: „במדה שאדם מודד מודדין לו״, — מיט דער מאָס וועלכע איהר מעסט איינער דעם צווייטען. מעסט מען אייך, דאָס הייסט, ווי איהר האַנדעלט מיט אייערע מיטמענשען, אזוי האנדעלט דער אויבערשטער מיט אייך. „אהיה אשר אהיה״, האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן, איך וועל מיך פיהרען מיט די מענשען ווי איהר פיהרט זיך איינער מיט׳ן צווייטען. אין דער ערא פון כאָאָס איז די גאנצע וועלט געווען פול מיט געוואלדטהאטען, האָט גאָט געהאַנדעלט פונקט מיט דערזעלבער הנהגה. ער האָט געגעבען פרייהייט צו די ווילדע עלעמענטען פון דער נאַטור. אין נח׳ס צייטען א מבול, א צומישונג און א צושפּרייטונג ביי דעם טורעם פון בבל. שוועבעל און פייער ביי סדום און עמורה. קורץ, ער האָט די

# מענש און תורה

ווילדע עלעמענטען געלאָזען בושעווען אָהן א דין און אָהן א חשבון, פונקט ווי די מענשען האָבען געהאנדעלט צווישען זיך. שפעטער, ווען די מענשען האָבען אוועקגעזעצט דאָס געזעץ אויפ׳ן טראָהן און מענשליכע ריכטער האָבען גענומען איינפיהרען אכזריות׳דיגע געזעצען, א לעבען פאר א לעבען און נאָך אזעלכע איינריכטונגען, האָט גאָט אויך אָנגענומען דעם זעלבען מאסשטאב אין זיין פיהרונג מיט די מענשען־קינדער. פרעה האָט געוואָרפען אידישע קינדער אין וואַסער, זיינען זיי אליין אין וואסער דערטרונקען געווארען. יעדע מכה וואָס ער האָט געקראָגען איז געווען א מדה כנגד מדה אָבצאָהלונג לויט דעם פרינציפ פון דאמאָלסדיגען געזעץ! און ווען א מענשליכער ריכטער זעצט אריין א פארברעכער אין געפענגניס אויף 10 יאָהר און ער זיצט אָפ דריי טעג און זאָגט אַז ער האָט חרטה, וועט איהם דער ריכטער באפרייען? ניין, פרעה! דו מוזט אָפזיצען די גאַנצע 10 יאָהר! אזוי ווי דו האַנדעלסט מיט דיינע אונטערטהאַנען, אזוי וועל איך האַנדלען מיט דיר.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

מילא, אמאָליגע צייטען זיינען מיר מחויב געווען דעם אויבערשטען צו דינען, ער האָט אונז ארויסגענומען פון מצרים, געשפייזט אונז אין דער מדבר, געגעבען אונז א לאַנד, געוויזען אונז א סך נסים ונפלאות, איז אונזער פליכט געווען איהם צו באצאָהלען דערפאר מיט מצוות און מעשים טובים. איצט אבער, אז מיר זיינען אין גלות, אָהן א לאַנד, אָהן א היים, צוזייט און צושפרייט איבער דער גאַנצער וועלט און מיר ליידען צרות, יסורים, נויט און פאָגראָמען, מיט וואָס פאר א רעכט פאַרלאַנגט ער איצט פון אונז געצאָהלט?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם בן־יחיד:

א פאָטער האָט געשיקט זיין איין־איינציגען זוהן לערנען אין א ישיבה, וועלכע האָט זיך געפונען אין אַנדער שטאָדט, דער פאָטער האָט ניט געוואָלט אז זיין בן־יחיד זאָל עסען טעג, איז ער אוועק צו איינעם א באַקאַנטען בעל־הבית און האָט אָפגעמאכט מיט איהם, אז ער זאָל האלטען

זיין זוהן ביי זיך און געבען איהם עסען, טרינקען און א צימער צום שלאָפען פאר א געוויסע סומע א חודש, און דאָס געלד זאָל באצאָהלט ווערען ווען דער זמן וועט זיך ענדיגען.

דאַרף זיך טרעפען, אז אין א פּאָר מאָנאַטען ארום איז דער זוהן זעהר קראַנק געוואָרען אויפ׳ן מאגען, ער האָט פאַרלאָרען דעם גאנצען אפּעטיט און האָט אויף עסענוואַרג ניט געקענט קוקען. 6 אָדער 7 וואָכען צייט האָט זיין קראנקהייט אָנגעהאלטען, נאָכדעם איז ער צוריק געזונד געוואָרען.

סוף זמן, ווען דער פאָטער איז געקומען אָפּנעהמען זיין זוהן אויף יום־טוב אהיים, האָט איהם דער בעל־הבית דערלאַנגט א רעכענונג פאר דעם גאַנצען זמן קעסט וואָס דער בן־יחיד האָט ביי איהם געגעסען. דער פאָטער אָבער האָט די גאַנצע סומע ניט געוואָלט באצאָהלען. זיין טענה איז געווען, אז זיבען וואָכען צייט האָט דער זוהן זיינער קיין עסען ניט פאַרזוכט, טאָ פאַרוואָס קומט איהם צו צאָהלען אומזיסטע געלט?

נאָך א קורצע האמפעריי איז ביי זיי געבליבען, זיי זאָלען געהן צום רב האָבען א דין תורה, און ווי דער רב וועט פסק׳ענען אזוי זאָל זיין. ווען דער רב האָט אויסגעהערטביידע צדדים, האָט ער געגעבען זיין פסק, אז דער פאָטער מוז באצאָהלען דעם בעל־הבית די גאַנצע סומע וואָס ער פאַרלאַנגט, ווייל פלעגען און אַרומגעהן אַרום אַ קראַנקען איז מעהר ווערטה ווי צו געבען עסען א געזונטען מענשען. על פי יושר האָט ער נאָך געדארפט זעהר שעהן באַדאַנקען דעם בעל־הבית פאר זיין מיה וואָס ער האָט אָנגעווענדעט אויף זיין קראנקען זוהן, און ניט וועלען נאָך אראָפּ־נעהמען פון קרן ווי זיי האָבען זיך באדונגען.

אין דעם רב׳ס פּסק ליגט אן ענטפער אויף דער קשיא. ארומגעהן ארום אן אונגליקליכען קראנקען קאָסט מעהר מיה און געזונד ווי ארומ־צוגעהן ארום א געזונטען מענשען און עס קען אויך זיין, אז דער אויבער־שטער טהוט מיט אונז איצט מעהר נסים ונפלאות ווי ער האָט אמאָל געטהאָן, נאָר דער פארביטערטער קראנקער זעהט עס ניט, אָדער ער איז צו בלינד עס צו פאַרשטעהן. איז לאָ־די וואָס מיר גיבען איהם קיין הוספה ניט פאר זיין מיה און ארבייט, דארפען מיר איהם וועניגסטענס געבען די זעלבע סומע ווי פריהער.

# בא

**בנערינו ובזקנינו נלך.**

יעדע באַוועגונג מוז האָבען אין איהרע רייהען יונגע און אלטע. די אלטע זיינען די מאַרך פון דער באַוועגונג און די יונגע זיינען די הענד וועלכע פיהרען דורך זייערע פלענער. די אלטע געהן מיט'ן קאַלטען רע־כענונג און די יונגע מיט'ן פייער פון באגייסטערונג. ווען די ביידע געהן צוזאַמען, דאן איז יעדער באַוועגונג זיכער מיט אן ערפאָלג.

ווען גאָט שיקט משה'ן צו די אידען, זאָגט ער צו איהם: „לך ואספת את זקני ישראל", געה און זאַמעל צונויף דעם אלטען עלעמענט און גיב זיי איבער דעם פאַסיר־וואָרט פון „פקד פקדתי", און אז דו וועסט קריגען דעם צוטרויען פון די זקני ישראל, פון דעם „מאַרך־טראַסט", דאן וועט דער יונגער עלעמענט אויך צושטעהן צו זיי.

די אידישע שקלאַפען פון מצרים האָבען א סך, א סך חסרונות געהאַט, אָבער איין מעלה האָט משה ביי זיי געפונען, וואָס די אלטע און די יונגע זיינען ניט געווען צוטיילט אין צוויי פּארטייען. אפילו די פרויען פון יענעם דור זיינען אויך באטיטעלט געוואָרען פון אונזערע חכמים מיט'ן נאָמען „צדקניות", און אז צוליעב זייער זכות זיינען מיר אידען אויסגע־לייזט געוואָרען פון מצרים בעפאָר די באשטימטע 400 יאָהר (בזכות נשים צדקניות שהיו באותו הדור נגאלו ישראל ממצרים קודם זמנם), דעריבער האָט משה געקענט מיט שטאָלץ און מיט זיכערקייט א זאָג טהאָן צו פרעה'ן: בנערינו ובזקנינו נלך.

גאַנץ אנדערש אָבער האָבען געהאַנדעלט אונזערע שפּעטערדיגע פרייע אידען, יונג און אלט זיינען קיינמאָל ביי זיי צוזאמען ניט געגאנגען. די מיינונגס פארשיעדענהייט צווישען יונג און אַלט האָט געבראַכט די שפּאַל־טונג פון אידישען פאָלק נאָך שלמה המלך'ס טויט.

# דר. י. ל. שניצער

די מיינונגס־פארשידענהייט צווישען יונג און אלט, האָט אריינגע־בראַכט די רוימער אין ירושלים און חרב געמאכט אונזער בית המקדש, און אפילו נאָך היינט, ווען קיין מאַטעריעלע מלוכה איז שוין ביי אונז ניטאָ, ווערט אויך דיזעלבע אונאייניגקייט צווישען יונג און אלט פאָרטגעזעצט און צעשטערט אונזער ארבייט אויפ'ן גייסטיגען געביעט. ווען די אלטע פיהרען, שליסען זיי אויס אלע אידעען פון די יונגע, און ווען די יונגע קריגען אריין די הערשאפט אין זייערע הענד, פאַראַכטען זיי און פאר־שטויסען די אלטע.

עס איז די מעשה וואָס די גמרא דערצעהלט אונז מיט יענעם מאַן וואָס האָט געהאט צוויי ווייבער, איינע א יונגע און די צווייטע אן אַלטע, די יונגע האָט געריסען פון זיין קאָפּ די ווייסע האָר און די אלטע האָט געריסען פון זיין קאָפּ די שווארצע האָר. זיי האָבען אזוי לאנג געריסען זיינע האָר ביז ער איז געבליבען אין גאַנצען פליכעוואַטע.

אָט אַזוי איז אויך מיט דעם איצטיגען אמעריקאנער דזשודעאיזם. די ווילען א רב און די א ראַבאַי. די ווילען א חדר און די א היברו סקוהל, די ווילען א שוהל און די א טעמפעל, די ווילען א חזן און די אן אָרגען. ביני לביני בלייבט די גאַנצע אידישקייט פליכעוואטע!...

ניין, אין אונזער איצטיגען גלות קענען מיר ניט זאָגען „בנערינו ובזקנינו נלך", ווייל מיר זיינען אַ צוריסענע מאסע און א צופליקטעס פאָלק, צופיצעלט און צוריסען אויף טויזענדער שטיקלאך.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אז דער אויבערשטער האָט שוין יאָ געוואָלט מכבד זיין פרעה'ן מיט קלעפּ פאר ניט ווען ארויסלאָזען די אידען פון זיין לאַנד, האָט ער שוין גאָר ניט געקענט געפינען פאר איהם קיין אנדער שטראָף ווי נאָר אזעלכע אויסערגעוועהנליכע און זאָנדערבארע מכות? אלא וואָס דען? די מכות האָבען ווארשיינליך א געוויסען ציעל און א געוויסען צוועק, וואָלט ער ווען ווילען וויסען וואָס איז דער ציעל פון די מכות?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם „בן יחיד":

# מענש און תורה

א גרויסער גביר האָט געהאַט איין־איינציגען זוהן, וואָס איז נעביך משוגע געוואָרען. זיין משוגעת איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיך איינגערעדט, אז ער איז א האָהן. ער פלעגט א פאַטש טהאָן מיט זיינע הענד און א קרעה טהאָן קוקעריקו.

דער פאָטער איז אויסגעווען מיט איהם ביי די גרעסטע פראָפעסאָרען, אָבער קיינער האָט איהם ניט געהאָלפען, עס איז געקומען אזוי ווייט, אז ער האָט ארויפגעקלעטערט אויפ׳ן בוידעם, געגעסען פון דער ערד און אלע ווילע א קרעה געטהאָן.

איין טאָג איז געקומען צום גביר א יונגערמאן און האָט געזאָגט, אז ער נעהמט זיך אונטער פאר א געוויסע סומע אויסצוקורירען זיין זוהן. פאַרשטעהט זיך, אז דער גביר האָט זיך אָנגעכאפּט אָן דעם און דער געשעפט איז געשלאָסען געוואָרען.

דער יונגערמאן איז ארויפגעקראָכען אויפ׳ן בוידעם און האָט אָנגע־פאַנגען צו קרעהען נאָך פיעל בעסער ווי דער בן־יחיד. אויף דעם בן־יחיד׳ס פראגע: ווער ער איז? האָט דער יונגערמאן איהם געענטפערט:

א שעהנער האָהן ביזטו!... ווען דו וואָלסט געווען א ריכטיגער האָן, וואָלסטו גלייך דערקענט אז איך בין אויך א האָן!...

דער בן־יחיד האָט איהם איינגעלאדען לעבען זיך אויפ׳ן בוידעם אוןביידע הענער האָבען גענומען צוזאמען קרעהען, און צוזאמען עסען פון דער ערד, אזוי ווי ריכטיגע הענער.

אין א פאָר טעג ארום, זאָגט דער יונגערמאן צום בן־יחיד:

הער אויס מיין טייערער קאָלעגע. אמת טאקע מיר זיינען ביידע הענער, אָבער ווי קומט צו אונז זיך צו חבר׳ן אויפ׳ן בוידעם מיט די קליינע מיאוסע כפרות הענדלאך?... ניין טייערער חבר מיינער, מיר מוזען ארונ־טערגעהן אונטען אין הויז און זיך באזעצען אין א שעהנעם חדר, און דאָרטען וועלען מיר טהאָן אונזערע הענערשע ארבייט גאַנץ אנדערש ווי די נידעריגע קליינע כפרות הענדלאך. דער בן־יחיד האָט זיך געלאָזט איבעררעדען און מען האָט זיך באזעצט אין הויז, אין א שעהנעם צימער.

א קורצע צייט שפּעטער, זאָגט דער יונגערמאן צום בן־יחיד:

טייערער קאָלעגע. איך בין נאָך אלץ ניט צופרידען מיט אונזער אויפפיהרונג. אמת טאקע, מיר דארפען אונזער עסען פיקען, אָבער פאַר־

# דר. י. ל. שניצער

וואָס אויף דער ערד אזוי ווי אלע נידעריגע הענער ? לאָמיר ארייננשטעלען א טיש אין צימער און פיקען פון טיש.

שפעטער האָט ער איהם איינגערעדט צו עסען פון א טעלער מיט א לעפעל, שלאָפען אין א בעט, און קרעהען איז געננוג איין מאָל אין טאָג. אָט אזוי האָט דער יונגערמאן מיט דער מעטאָדע געבראכט דעם בן־יחיד צוריק צו זיין נאָרמאלען צושטאַנד, ביז ער איז אויסגעקורירט געווארען.

די אַמאָליגע עגיפּטער האָבען געדיענט צו אלע קרעפטען פון דער נאַטור.

„אנחור" צום ביישפּיעל איז געווען א זון־גאָט. „סעט" אן ערד־גאָט. „אזיריס" דער נילוס־גאָט. „געפּער" א תבואה־גאָט. „אפאפּיס" דער וואָל־קען גאָט, א לופט גאָט, א וואַלד גאָט, א געיעג גאָט. זיי האָבען אויך גע־דיענט צו א שעהנע מענשליכע פיגור, און אויך צו בכורים.

מיט דעם כאַראַקטער פון די מכות, האָט דער אויבערשטער געוואָלט באַווייזען צוויי זאכען: ערשטענס, צו דערלאנגען פרעה'ן א פּאָר גוטע קלעפּ, און, צווייטענס, אויסצוקורירען די עגיפּטער, און ווייזען זיי ווי אונבאהילפיג זייערע געטער זיינען. מיט דער מכה פון „דם" האָט ער געשלאָגען דעם וואָסער גאָט. מיט „צפרדע" דעם גאָט פון נילוס, מיט „כנים" דעם גאָט פון ערד, מיט „ערוב" דעם גאָט פון וואַלד, מיט „דבר" דעם גאָט פון לופט, מיט „שחין" די שעהנע מענשליכע פיגור, מיט „ברד" דעם וואָלקען גאָט, מיט „אַרבה" דעם תבואה גאָט, מיט מכת בכורות" די פארגעטערטע קעניגע וועלכע זיינען אלע בכורים געווען.

מיט שוואַכזיניגע מענשען מוז מען שוואַכזיניגע מיטלען אָנווענדען!

# בשלח

**אז ישיר משה.**

שטעהט פאר מיינע אויגען דער גרויסער משה, אויפגעהויבען זיינע הענד צום הימעל און זינגט א ליעד, א באגייסטערט ליעד צו דעם אלמעכ־טיגען גאָט, וואָס ער האָט זיינע ברידער באַפרייט.

ביי אנדערע פעלקער ווערען זייערע פיהרער שיער פארגעטערט, העל־דען ליעדער זינגט מען צו זיי, מאָנומענטען ווערען פאַר זיי געשטעלט און מען וועקט די יונגוואַרג, אז זיי זאָלען זיך באגייסטערען פאר זיי. ביי אונז אידען אבער דערצעהלט דער „בעל הגדה" וועגען צעהן מכות, וועגען מרור און נסים, אָבער קיין וואָרט ניט פון דעם מענשען, וועלכער האָט פון א האָרדע שקלאַפען אויפגעבויט אן אייביג אידיש פאָלק, בלויז א וואונק געגעבען וועגען דעם גרויסען פאָלקס־מענש, וועלכער האָט זיך שטענדיג אָנגענומען פאר די פארפאָלגטע און געקריוודעטע.

א שווערען ביטערען קאַמף האָט ער אויף זיך ארויפגענומען, ער האָט פארלאנגט, אז עגיפטען זאָל באפרייען איהרע אידישע שקלאפען און ער האָט דעם קאַמף געוואונען. ער האָט דורכגעפיהרט א רעוואָלוציע, וואָס האָט קיין גלייכען ניט צו זיך אין דער וועלט־געשיכטע. א רעוואָלוציע, אין וועלכער עס איז ניט פארגאָסען געוואָרען קיין טראָפען מענשליך בלוט, בעת די היינטיגע רעוואָלוציע־מאַכער שניידען מענשליכע קעפּ און טרעטען איבער טויזענדער הרוגים. אום צו אָרגאַניזירען די באפרייטע אידען אלס א פאָלק, האָט ער זיי געגעבען א תורה, א קאָנסטיטושאָן וואָס יעדע געזעלשאפט מוז עס האָבען. ער האָט זיי צוגעבראכט צום בארג סיני און זיי געגעבען די צעהן געבאָט, וואָס דאָס איז דער פונדאַמענט פון דער אידישער תורה.

און נאָך די אלע גרויסע מעשים וואָס משה האָט באוויזען, נאָך די אָלע שווערע אָפּפער וואָס ער האָט געבראכט פאר זיין פאָלק, האָט ער

# דר. י. ל. שניצער

פאר זיך אליין גאנץ ווייניג אָנערקענונג געזוכט. „והאיש משה ענו מאד״, זעהר באשיידען איז משה געווען, ניט געזוכט קיין כבוד, פארגונען יעדען אידען צו ווערען א נביא און א פיהרער, געלעבט באשיידען, מען ווייס אפילו ניט וואו זיין קבר איז, כדי מען זאָל איהם ניט שטעלען קיין מאָנו־מענטען און ניט מאכען פון איהם קיין אָפּגאָט, ווי די אנדערע פעלקער טוען מיט זייערע הייליגע.

ניין!... עס איז ניטאָ קיין מאהלער אין דער וועלט, וואָס זאָל קענען מאָהלען א בילד פון אונזער גרויסען משה׳ן. יעדער איינער פון אונז מאָהלט איהם בלויז אין זיין פאַנטאַזיע, נאָך זיין האנדלונג נאָך און נאָך זיין תורה, וואָס איז באגרינדעט אויף גערעכטיגקייט, אויף ליבע צו מענשען, אויף גלייכקייט צווישען אלע וואָס זיינען געבאָרען אין גאָט׳ס פורעם און אויף רחמנות אפילו צו שטומע באַשעפענישען.

עס איז געווען אונזער משה, וואָס האָט אונז געלערענט, אז לאַנד טאָר ניט פאַרקויפט ווערען אויף אייביג און קיין מענש טאָר זיך פאר קיין שקלאַף ניט פארקויפען!

עס איז געווען אונזער משה וואָס האָט פארזאָגט, אז אין צייט פון מלחמה טאָר מען אפילו קיין פרוכט־בוים ניט אויסהאַקען, מען מוז זעהן ווי ווייט מעגליך דאָס געזונט אָפּצוהיטען און אכטונג געבען אויף דער ריינליכקייט פון פאמיליענלעבען.

עס איז געווען אונזער משה וואָס האָט אונז געזאָגט: אז ער גיט אונז א תורה, א ראַציאָנאַלע אמונה, וועלכע מען קען מיט׳ן שכל באגרייפען און ניט דארפען זוכען אין איהר קיין סודות.

— מיין תורה וואָס איך גיב אייך, האָט ער געזאָגט, איז פון אייך ניט פאַרבאָרגען און אויך ניט ווייט פון אייך, זי איז ניט אין הימעל און אויך ניט אויף יענער זייט ים, נאָר זי איז זעהר נאָהענט צו אייך, איהר קענט עס האלטען אין מויל און עס פיהלען מיט אייער הארץ.

יאָ, אונזער משה׳ס בילד שטעהט פאר אונזערע אויגען מיט אויפגע־הויבענע ריינע הענד, ניט באַשמירט מיט קיין בלוט... ער איז אן אויבער־מענש, וועלכער האָט אליין אויסגעארבייט אין זיך ערהאַבענע שעהנע מדות און זעלטענע זייטען, אָבער ער האָט זיך ניט ערקלערט פאר קיין הימעל־מענש... ניט ארומגערינגעלט ארום זיך א טראַיקע... און ניט געפּרע־

# מענש און תורה

דיגט פון א הימעלשע קעניגרייך... נאָר געווען א בשר ודם, בלוט און פלייש אזוי ווי מיר, א פריינד, א חבר און א לעהרער, וועלכער האָט אונז געלערענט ווי זיך אויפצופיהרען אויף דער ערדישער קעניגרייך!

*****

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער וואָלט וועלען וויסען, ווארום מיר אידען זוכען אימער נאָכצוטהאָן אונזערע שכנים?... ווי רייך די קריסטען זאָלען ניט זיין, וועלען זיי קיינ־מאָל ניט זוכען אונז נאָכצומאַכען, נאָר מיר אידען, ווי מיר ווערען נאָר אביסעלע אין די פעדערען, אזוי הויבען מיר אָן גלייך זיך צו קריסטלען... מיר ווערען מעמבערס אין זייערע אָרגאַניזאציעס, מאכען נאָך זייערע קיר־כען, פיהרען איין זייערע צערעמאָניעס און נאָך אזעלכע זאכען. פרעגט זיך די פראגע: ווארום איז דאָס אזוי?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם „מיניסטער":

א קעניג האָט געהאַט א מיניסטער, וועלכער איז געווען ביי איהם זעהר חשוב. אָהן איהם פלעגט דער קעניג גאָרנישט טהאָן. דער קעניג האָט אויך געהאט א זוהן, א בן־יחיד, וועלכען ער האָט זעהר שטארק ליעב געהאט, דאָך אבער, ווען דער קעניג פלעגט דארפען רעדען מיט דעם מיניסטער וועגען מלוכה אָנגעלעגענהייטען, פלעגט ער הייסען דעם בן־יחיד פארלאָזען דעם צימער.

דער מיניסטער האָט זיך אָנגעהויבען צו גאוה׳נען און זיך צו באריהמען פאַר די אַנדערע מיניסטאָרען:

— איהר זעהט ווי דער קעניג האָט מיך ליעב? פלעגט ער צו זיי זאָגען, אַז ער דאַרף מיט מיר עפּעס רעדען, שיקט ער ארויס זיין בן־יחיד!... דאָס ווייזט, אז איך בין ביי איהם טייערער ווי דער בן־יחיד.

ווען דער בן־יחיד האָט דערהערט די באַריהמעריי, האָט ער זיך שטארק גענומען צום הארצען און איז אריינגעפאלען אין א מרה־שחורה. די דאָק־טוירים, וועלכע האָבען איהם אונטערזוכט האָבען ערקלעהרט, אז ער איז זעהר מעלאנכאָליש געוואָרען, און די איינציגע רפואה פאר איהם איז, צו זעהן איהם פרעהליך צו מאַכען.

# דר. י. ל. שניצער

דער קעניג האָט געלאָזט ברענגען מוזיקער און פארשידענע קאָמע־דיאַנטען, זיי זאָלען דעם בן מלך אביסעל פרעהליכער מאכען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען, דער בן מלך איז געבליבען מעלאַנכאָליש ווי געווען.

ענדליך נאָך א לאנגען ישוב הדעת מיט זיינע מיניסטאָרען, איז ביי זיי געבליבען אָנצואווענדען די פאָלגענדע מעטאָדע. נעמליך, יעדער מיניסטער זאָל זיך פארשטעלען אויף א טאָג צייט פאר א ווילדע חיה און מאכען פאַרשידענע קונצען פאר דעם בן מלך, און אזוי ווי דער בן מלך וועט דאָך וויסען ווער די פארשטעלטע פערזאָן איז, וועט עס פאַרקומען ביי איהם זעהר קאָמיש און ער וועט דערפון געוויס לאכען.

די עצה איז דעם קעניג געפעלען געוואָרן און ער האָט באפוילען יענעם מיניסטער, אז ער זאָל זיך פארשטעלען פאר א „מאלפע" און טהאָן די זעלבע קונצען וואָס א מאלפע טוט.

פאַרשטעהט זיך דאָך שוין, אז דער מיניסטער האָט געמוזט פאָלגען דעם קעניג׳ס באַפעהל, און ווען דער בן־יחיד האָט דערקענט ווער די מאַלפע איז, האָט ער זעהר פיעל געלאַכט און איז געזונט געוואָרען.

אָט די „ורם לבבך׳ניקעס", ווען זיי קריגען אַריין די פאָר דאָלאַר אין האנד, ווערען זיי ביי זיך זעהר גדול׳דיק און ווייסען ניט וואָס צו טהאָן פון וואוילטאָג, פארוואנדעלט זיי „מאמאָן" דער געלט־גאָט אין מאלפעס און זיי זוכען נאָכצומאכען זייערע שכנים. איהר פארשטעהט מיין פריינד? דאָס זיינען ניט קיין מענשען, נאָר מאַלפעס!...

# חמשה עשר בשבט

דיספוטירען אונזערע צוויי גרויסע תורה ישיבות, אין וועלכען טאָג עס פאַלט אויס דער ראש השנה פאר די בוימער. בית שמאי זאָגען, אז דעם ערשטען טאָג אין חודש שבט, און בית הלל זאָגען, אז דעם פופצעהנ־טען טאָג אין חודש. פרעגט זיך די פראַגע: וואָס געהט דאָס אונז אזוי אין לעבען צו וויסען ווען דער ראש השנה לאילנות פאַלט אויס? וואָס איז אונז דער אונטערשיד צי דער ערשטער טאָג אָדער דער פופצעהנטער טאָג?

נאָר דער תירוץ איז, אז אין דער מחלוקה שפּיגעלט זיך אָב די טראַ־געדיע פון אונזער גלות־לעבען. ווען מיר דרינגען גוט אריין אין דער פסיכיק פון די פעלקער, און פאָרשען אויס זייערע נייגונגען צו דער נאַטור, זעהן מיר אז די שעהנקייט פון דער נאַטור לאָקט און פאנגט נאָר די הער־צער פון די גייסטיג־און־פאָליטיש־פרייע פעלקער, ווייל נאָר דאָס אמת'ע פרייע פאָלק ווערט נתפעל און האָט הנאה פון די שעהנע נאַטור־פּייזאזשען, וועלכע באפליגלען און באצויבערען די פויגעל־פרייע נשמה. פארקעהרט, אָבער די פעלקער וואָס האָבען פארלאָרען די פאָליטישע און גייסטיגע פריי־הייט און זיינען געוואָרען שקלאפען פון גרויזאמע הערשער, ווערען ניט ענטציקט אפילו פון די שעהנסטע נאַטור־לאַנדשאַפטען, ווייל דער שווערער יאָך וואָס זייערע גרויזאמע אונטערדריקערס האָבען אָנגעהאנגען אויף זייערע העלזער, פארטעמפט זייער גייסט, חושים און געפילען און דערלאָזט בכלל ניט זיי צו דערהויבען זיך און אָנקוועלען אמאָל פון די שעהנע באַצוי־בערענדע נאַטור־רייכטימער.

דאָס זעלבע איז אויך געשעהן מיט'ן פאָלק ישראל.

ווען ער איז געזעסען אין זיין אייגען לאַנד און נאָך ניט געוואוסט דעם טעם פון גלות, האָט צוזאַמען מיט זיין ליבשאפט צו זיין לאַנד געגעסטעט אין זיין הארץ אויך א שטאַרקע ליבע צו זיינע שעהנע בליהענדע בוימער, „כי האדם עץ השדה" — דער מענש און דער בוים זיינען איינס, האָט איהם דער אַלטער משה אָנגעזאָגט, און אזוי ווי דו טאָרסט דיין ברודער ניט

טויטען, אזוי טאָרסטו אויך קיין בוים ניט אויסהאַקען (לא תשחית את עצה לנדוח עליו גרזן), פלעגט ער טאַקע פייערן דעם ראש השנה לאילנות מיט דעם זעלבען פראַכט און גלאַנץ ווי זיין ראש השנה. דער טאָג האָט אויך געדינט אַלס סיגנאַל אַז מען מעג שוין פלאַנצען נייע בוימער, ווייל פאַר דעם ראש השנה לאילנות פלעגט מען קיין נייע בוימער ניט פלאַנצען.

אָבער ווען עס איז געקומען דאָס גרויסע נאַציאָנאַלע אונגליק און ישראל האָט זיין אונאָבהענגיגקייט פאַרלאָרען און איז מיט געוואַלט אין פרעמדע לענדער פארטריבען געוואָרען, דעמאָלט איז צוזאַמען מיט זיין פאַרלאָרענער פרייהייט אָבגעשטאָרבען אין איהם אויך זיין ליבשאפט צו דער גאַנצער נאַטור. אָבער אין א פּאָר דורות שפּעטער, ווען ער איז צוריק אויפגעריכט געוואָרען און איז צוריק געקומען פון בבל אין ארץ ישראל, האָט זיך ווידער דערוועקט ביי איהם די אַלטע ליבשאפט און צוגעבונדענ־קייט צו זיינע בוימער, אָבער ער האָט פאַרגעסען אין וועלכען טאָג אין חודש שבט פאַלט פּינקטליך אויס דער ראש השנה לאילנות. דעריבער קומען בית שמאי און בית הלל און האַמפּערען זיך וועגען דעם טאָג.

אָט דער טרויעריגער פאַקט פון פאַרגעסען דעם פּינקטליכען טאָג פון זיין שעהנסטען יום טוב, ווייזט ווי שרעקליך און ווי שעדליך גלות איז פאַר אַ פאָלק, און ווי ווייט ער פאַרווישט די שעהנסטע זכרונות פון זיין אַמאָליגען רוהמפולען און גלענצענדען לעבען.

**

ווען מען קוקט זיך איין אין היינטיגער סדרה, קען מען זעהן, אז ניט גראָד מאָראַל האָבען די פעלקער פון אונזער תורה גענומען, נאָר אפילו די נייע מאָדערנע איינריכטונגען. ווי צום ביישפּיל, די „טרעפיק סיגנאלען" זיינען אויך אונזערע!

דער ערשטער טרעפיק קאָמישאָנער איז געווען אונזער משה. ער האָט איינגעפיהרט די ערשטע טרעפיק סיגנאלען, דעם „עמוד ענן" און דעם „עמוד אש" (דעם פייער זייל, און דעם וואָלקען זייל). דער אונטערשיד איז נאָר געווען אין די פאַרבען, משה׳ס סיגנאלען זיינען געווען רויט און גרוי און די איצטיגע סיגנאלען זיינען רויט און גרין, אָבער די אידעע איז אונזערע.

**

# מענש און תורה

פרעגט מיך א איד א קשיא:

חמשה עשר בשבט איז א מנהג צו עסען באָקסער, פאַרוואָס עפּעס באָקסער? ווען מען וואָלט איינגעפיהרט, צום ביישפּיל, צו עסען דעם טאָג א מילגרוים, וואָלט נאָך געווען ווי עס איז צו דערליידען, ווייל אונזערע חכמים זאָגען, אז מיר אידען זיינען געגליכען צו א מילגרוים, ער האָט אין זיך 613 קערנער, און מיר האָבען א תורה מיט 613 (תרי״ג) מצוות. אָבער באָקסער איז דאָך גאָר געווען אן אכילה פון ציגען אין ארץ ישראל, וואָס פאר מחותנים זיינען מיר מיט ארץ ישראל׳דיגע ציגען?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די לעגענדע מיט אונזער אידישען „ריפּ־וואַן־ווינקעל״:

עס איז געווען אמאָל א מאַן מיט׳ן נאָמען „חוני־המעגל״, איז ער געגאנגען אין וועג און האָט אָנגעטראָפען א מאַן, וועלכער האָט געפּלאַנצט א באָקסער בוים. זאָגט ער צום מאַן: „ביז א באָקסער בוים גיט ארויס פרוכט געדויערט עס 70 יאָהר, דענקסטו, אז דו וועסט נאָך לעבען 70 יאָהר און געניסען פון דעם בוים?״

„איך ווייס ניט ווי לאַנג איך וועל לעבען״ — האָט דער מאַן איהם געענטפערט — „נאָר אז איך בין געקומען אויף דער וועלט האָב איך געפונען באָקסער בוימער וואָס מיינע עלטערען האָבען געפּלאַנצט פאר מיר, וויל איך פלאַנצען אזעלכע בוימער פאר מיינע קינדער״.

חוני־המעגל האָט א הויב געטהאָן מיט זיינע פּלייצעס, ווי איינער זאָגט: „עס זיינען דאָ פארשידענע משוגעים אויף דער וועלט. און האָט זיך אוועקגעזעצט עסען זיין מאָהלצייט וואָס ער האָט מיטגענומען אין וועג. ווען ער האָט אָבגעגעסען איז ער איינגעשלאָפען, און א שטיין איז אויסגע־וואַקסען ארום איהם און האָט איהם פאַרדעקט פון אלע זייטען און ער איז אזוי אָבגעשלאָפען 70 יאָהר. ווען ער האָט זיך אויפגעכאפּט, זעהט ער ווי א מאַן רייסט באָקסער פון דעם באָקסער בוים וואָס ער איז געשטאנען דערביי, ווען מען האָט איהם געפּלאַנצט. פרעגט דער מאַן: „האָסטו גע־פלאַנצט דעם בוים?״ האָט יענער איהם געענטפערט: „ניין, ניט איך, נאָר מיין זיידע האָט איהם געפּלאַנצט פאר מיר״. האָט חוני־המעגל פאַרשטאַנען, אז ער איז אָפּגעשלאָפען 70 יאָהר.

הויבט זיך אויף חוני־המעגל און געהט אוועק אין שטאָדט, ער קומט

# דר. י. ל. שניצער

צו לעבען זיין היים און גיט א פרעג: וואו איז חוני־המעגל׳ס זוהן, האָט מען איהם געענטפערט, אז זיין זוהן איז שוין לאַנג טוידט, נאָר זיין אייניקעל איז דאָ. קומט ער צום אייניקעל און דערצעהלט איהם ווער ער איז, לאַכט זיך דער אייניקעל אויס פון איהם און גיט א געשריי: „געהט אוועק, אלטער משוגענער! איך קען אייך ניט, און וויל אייך ניט קענען". איז ער אומגעגאנגען צווישען די מענשען פון שטאָדט צו שטאָדט און זיי דערצעהלט ווער ער איז, אבער קיינער האָט איהם ניט געגלויבט... איז ער אוועק אין דעם בית־המדרש וואו ער האָט מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק דאָרטען אַמאָל געלערענט, און האָט זיי דערצעהלט ווער ער איז, האָט מען איהם געענטפערט, אז אמאָל איז עפּעס יאָ געווען א איד מיט אַזאַ נאָמען, אָבער ער איז אוועק פון בית־המדרש און מען ווייסט ניט וואו ער איז אהינגעקומען. האָט ער אָנגעפאנגען שרעקליך וויינען און געבעטען ביי גאָט דעם טויט, און ער איז נעביך געשטאָרבען אין עלענד.

אָט די שרעקליך־טראַגישע פיגור זעהען מיר ניט נאָר אין דעם חוני־המעגל פון דער לעגענדע, נאָר אויך אין דעם ווירקליכען חוני־המעגל פון אַמעריקא. ער שאַפט גאַנץ ווייניג פאָר דער צוקונפט. ווען ער זעהט ווי יענער פלאַנצט פאר דעם צוקינפטיגען דור, לאַכט ער זיך אויס פון איהם, אָדער ער פאַרשטעהט איהם ניט. ניט ער לעבט, נאָר ער שלאָפט אָפּ גאנצע 70 יאָהר. נאכהער כאַפּט ער זיך אויף און זעהט ווי נאָריש ער האָט געלעבט. ער האָט א זוהן, אָבער ער איז פרעמד צו איהם, ער האָט אייניקלאך, אָבער זיי פאַרשטעהען איהם ניט. זיי לאכען זיך גאָר אויס פון איהם און רופען איהם „אלטער משוגענער". שלעפּט ער זיך, נעביך ארום אויף דער עלטער ווי א שאָטען און בעט אויף זיך דעם טויט.

ווען עס קומט חמשה עשר בשבט, די צייט ווען מען דאַרף פלאַנצען בוימער, זאָלסטו באַקסער עסען, ווייל די באָקסער איז אן אנדענקונג פון דיין זיידען. ער האָט דעם בוים מיט 70 יאָהר צוריק געפלאַנצט פאָר דיר. פלאַנץ דו אויך אַזאַ בוים פאר דיינע קינדער, דאַן וועסטו זיך עלענד ניט פיהלען, ווייל דיינע אייניקלאך וועלען געוויס געהן אין דעם זעלבען וועג וואָס זייער טאַטע און זייער זיידע האָבען פאר זיי אויסגעטראָטען. פלאַנץ פאָר דיינע קינדער, דאן וועסטו אליין אויך האָבען.

# יתרו

**עשרת הדברות.**

צעהן הויפט פונקטען, וועלכע שטעלען צוזאמען אונזער תורה, צעהן אונשטערבליכע הויפט פונקטען, וועלכע זיינען זעהר ניצליך אפילו אין 20טען יאָהרהונדערט. מיט אַלע אונזערע נייע פראָגרעסיווע אויפטהועכצען און מיט אלע אונזערע נייע מאָדערנע וויסענשאפטען און אויספאָרשונגען וואָלט די גאנצע ציוויליזירטע געזעלשאפט אָהן די עשרת הדברות געבליבען הינטערשטעליג.

מאַנכע באהויפטען, אז אונזער משה איז ניט געווען דער אָריגינעלער איבערברענגער פון די עשרת הדברות, נאָר ער איז געווען א נאָכמאַכער און אן איבערזעצער. ער האָט עס גענומען פון דעם אוראַלטען אסירישען קעניג, האמוראבי, אָדער פון די פארצייטיגע עגיפטער און כאלדעער. איז דאָך, נאָכ׳ן שכל נאָך, האָבען יענע פעלקער פון וועלכע משה האָט קאָפירט זיינע עשרת הדברות, געדארפט שטעהן אויף דער העכסטער שטופע פון ציוויליזאציע, ווייל זיי האָבען דאָך די עשרת הדברות פריהער געהאט, צום סוף לאָזט זיך אויס, אז א סך, א סך פון יענע פעלקער זיינען שוין גאָר אויף דער וועלט ניטאָ און אפילו די יעניגע וועלכע זיינען נאָך כלומרשט געבליבען באַזיצען ניט קיין שום ווילענסקראַפט, קיין שום העל־דען־מוטה, און קיין שום אָפּפערקייט. זיי זוכען ניט צו באַקעמפען די פארשידענע אומגינסטיגע אומשטענדען אין זייער לעבען. און אפילו די יעניגע, וועלכע באזיצען שוין יאָ ענערגיע, לעבענס־ווילען און אויסדויער־קראַפט, פאַרשווענדען זייערע קרעפטען בלויז אויף צו דערהאַלטען זייער עקזיסטענץ, מעהר קיין כחות איז ביי זיי ניט געבליבען.

און אפילו די אמאַליגע גרויסע גריכען, וועלכע האָבען בארייכערט די וועלט מיט שעהנקייט, מיט קונסט, מיט פילאָזאָפיע און לאָגיק, זיינען אויך אָפּהענגיג געווען פון אָרט און צייט. כל זמן זיי האָבען געלעבט

# דר. י. ל. שניצער

אין זייער לאַנד האָט געלויכטען זייער גייסט אויך פאר אנדערע, אבער ווי זיי האָבען פארלאָרען זייער לאַנד און זיינען אוועק אין גלות, איז זייער גלאַנץ פאַרשוואונדען געווארען. עס איז ניט געבליבען קיין כחות אפילו צו דערהאַלטען זייער עקזיסטענץ אלס א פאָלק.

נאָר איין פאָלק האָט באַזיעגט אלע באַדינגונגען, אלע שרעקליכע אומשטענדען, אונטער וועלכע עס איז איהם אויסגעקומען צו לעבען. ניט נאָר ער האָט דערהאַלטען זיין עקזיסטענץ אלס א פאָלק, נאָר ער האָט אויך געגעבען דער וועלט נייע אידעען, נייע לאָזונגען, נייע באַגריפען, רעוואָלוציעס אין מענשליכען מוח, אין דענקען, פארטיפונג אין שאַפען און דערהויבונג פאר׳ן גאַנצען מענשליכען מין, א ריעז אין דער מענשליכער משפחה, וועלכער האָט געקענט ביישטעהן אלע אומגליקען, אלע שרעקען און אלע רציחות. זיין גייסט רוהט קיינמאָל ניט, עס רייסט זיך ארויס פון זיין נשמה גרויסעס און ערהאַבענעס און די שטראהלען פון איהר ליכט שפאַרען זיך דורך אין אלע סענסיטיווע ערטער פון פאר־וואונדעטער מענשהייט. אן איבערפלוס פון נשמה־כחות, פון ענערגיע, און פון לעבענס־ווילען איז באהאלטען אין זיינע בלוטען.

ישראל איז דער ריעז, דער גבור אין דער מענשליכער משפחה! אַלע מאָל, אין אלע צייטען, און אין אלע לענדער פון דער ערשטער מינוט אָן ווי ער איז ערשינען אויף דער ארענע פון דער וועלט־געשיכטע ביז היינט זיינען זיינע כחות ניט אויסגעשעפט געוואָרען און זיין גבורה ניט אָפגעשוואַכט געוואָרען.

שטעהענדיג ביים באַרג סיני און הערענדיג די געטליכע שטימע: „אנכי ה׳ אלהיך״ — איך בין דיין גאָט וואָס האָט דיך ארויסגעצויגען פון מצרים, ניט אזוי דיין קערפער האָב איך באפרייט, נאָר אפילו דיין גייסט אויך, ווייל איך האָב דיך ארויסגעצויגען „מבית עבדים״, פון שקלאַפענהויז, וואָס פון דעם מיניסטער ביז דעם פראָסטען אויפזעהער זיינען געווען איינפאכע עבדים. אין אזא סביבה מוז דער גרעסטער גייסטיגער ריעז פאַרלאָרען געהן!

אנכי ה׳ אלהיך.

איך בין דער איינציגער גאָט פון דער אַבסאָלוטער גערעכטיגקייט, פון דער אַבסאָלוטער וואַרהייט, פון אַבסאָלוטער ליבע, און פון אבסאָלוטער

פרייהייט. נאָט איך די תורה וואָס איז דורכגעדרונגען מיט רחמים, א תורה וואָס קימערט זיך פאַר די אָרעמע און אונטערדריקטע, א תורה וואָס איהר ארבייט־געזעצגעבונג איז אַזאַ אידעאַל וואָס אונזער איצטיגע געזעלשאפט האָט עס נאָך ניט דערגרייכט.

באַרג סיני.

א העל שטראַהלענד ליכט איז אויף דיר אָנגעצונדען געוואָרען, א ליכט פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר אַלע מענשען־קינדער. און דו, איד, זיי דער פאַקעל־טרעגער פאַר דער גאַנצער וועלט. מען וועט דיר אָנטאָן צרות, יסורים, רדיפות און פאָגראָמען, אָבער דיין מיסיע וועט ניט אונ־טערגעהן, דו ביזט צוגעבונדען צו דער אייביגקייט מיט פינף שטארקע קניפּ. די קניפּ רופען זיך: צדק, משפט, חסד, רחמים און אמונה!...

**
*

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ווען יתרו האָט געגעבען משה'ן די עצה צו זעצען דיינים איהם ארויס־צוהעלפען, האָט ער איהם געזאָגט: „והיה כל הדבר הגדול יביאו אליך" — אַז עס וועט זיך מאַכען אַ גרויסע זאַך, דאָס הייסט, אַ גרויסע דין תורה, זאָלען זיי ברענגען צו דיר און קליינע דין תורה'לאך זאָלען זיי אליין פסק'ענען, אָבער ווען משה האָט איינגעפיהרט די דיינים, ווי דער שווער האָט איהם געהייסען, האָט ער זיי אָנגעזאָגט: „כל הדבר הקשה יביאון אלי" — נאָר א שווערע זאַך זאָלט איהר ברענגען צו מיר. פרעגט זיך די קשיא: פאַרוואָס האָט משה אנדערש געהאַנדעלט ווי דער שווער האָט איהם אָנגעזאָגט?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט רבי חיים שצוצינער:

אין שצוצין איז געווען אַ געוויסער רב חיים, א למדן, א חכם און א גרויסער גביר, ער האָט פאַר זיין געלד אויסגעבויט די גרויסע שצו־צינער שוהל און אויך פיעלע אַנדערע אינסטיטוציעס. ווען די צאָהל אידישע איינוואוינער אין שצוצין האָט זיך אָנגעפאַנגען צו פאַרגרעסערען און מען האָט געדאַרפט האָבען א רב, אָבער עס איז ניט געווען פון וואַנען צו צאָהלען, זיינען די בעלי בתים געקומען צו רב חיים'ען און איהם

# דר. י. ל. שניצער

געבעטען אז ער זאָל אָננעהמען שצוצינער רבנות. רב חיים האָט זיי צוליעב געטהאָן און אָנגענומען שצוצינער רבנות אָהן געלד.

צו יענער צייט האָט אין פוילען עקזיסטירט א ראַיאָן פון רבנים, וועלכע האָבען געהאַט צו שאַפען איבער די רבנים פון די קליינע שטעדט־לאַך. איינע פון די תקנות הגליל איז געווען, אַז די רבנים פון די קליינע שטעדטלאך טאָרען ניט פסק׳נען קיין דין תורה וואו עס האנדעלט זיך וועגען א סומע פון איבער פיער הונדערט גילדען.

דאַרף זיך טרעפען, אז רב חיים האָט עובר געווען אויף דער תקנה און האָט גע׳פסק׳ענט א דין תורה פון אַכט הונדערט גילדען, און אזוי ווי שצוצין איז דאַן געווען נכנע אונטער טיקטין, האָט דער טיקטינער רב אויפגעפאָדערט אז רב חיים זאָל קומען צו איהם און איהם געבען אן ערקלעהרונג וואָרום ער האָט עובר געווען אויף דער תקנה און גע׳פסק׳נט א דין תורה פון אַכט הונדערט גילדען.

ווען רב חיים איז געקומען אין טיקטין, האָט דער רב זיך גענומען קאָכען און שרייען אויף איהם, אז ער איז א פורץ־גדר, סטייטש, ווי טהוט עס אן עהרליכער איד אַזאַ מין עולה? ווער האָט אייך געגעבען דאָס רעכט דערצו?

„משה רבנו״, — האָט רב חיים איהם געענטפערט.

„איהר מאכט חוזק פון מיר?״

„חס ושלום! איך מיין עס גאַנץ ערענסט!״ — האָט רב חיים זיך צו איהם אָפגערופען. — „איך האָב זיך אימער געמאַטערט צו פאַרשטעהן דעם אונטערשיעד פון די צוויי פסוקים: יתרו האָט געזאָגט צו משה׳ן אז א גרויסע זאַך זאָל מען צו דיר ברענגען, און משה, ווען ער האָט באשטימט די שופטים, האָט ער צו זיי געזאָגט, אז א שווערע זאַך זאָל מען צו איהם ברענגען, איז דאָך א ווידערשפרוך פון איין פסוק צום צווייטען. איצט אָבער איז מיר אלעס פארענטפערט געוואָרען. יתרו, דער כהן מדין, דער געשעפטסמאַן, האָט געוואָלט איינפיהרען, אז פאר די קליינע רבנים׳לאך זאָל מען איבערלאָזען די גראָשענע דין תורות, אָבער אז עס וועט זיך מאכען א דבר הגדול, א דין תורה פון עטליכע טויזענד גילדען, זאָל מען דאָס בריינגען צו זיין איידעם רב משה׳לען. משה אָבער דער צדיק, דער עהרליכער מענש האָט ניט געוואָלט איינגעהן אויף אַזאַ מסחר, דעריבער

## מענש און תורה

האָט ער געזאָגט: „כל דבר הקשה יביאון אלי" — א שווערע שאלה זאָלט איהר ברייגנען צו מיר, ווייל דער עיקר איז די הארבקייט פון דער שאלה, צי עס האנדעלט זיך וועגען איין פּרוטה אָדער וועגען טויזענד פּרוטות. ווייל „דין פּרוטה כדין מאה". דערזעלבער סכסוך געהט איצט אָן צווישען אונזביידען. איהר, טיקטינער רב, האלט מיט יתרו'ן, איך אבער האלט מיט משה רבנו"...

# משפטים

דאָס פאָלק וואַנדערט אין דער מדבר, דורכגעמאכט א מלחמה מיט עמלק'ן, די ליפען זיינען פאַרשמאַכט, דאָס הארץ פאר'חלש'ט, די קליידער צעריסען און צעפיצעלט. אין מיטען דערינען דערלאנגט מען איהם א גאַנצע סדרה מיט משפטים און דינים.

מיר האָבען אויך דורכגעמאכט א מלחמה מיט עמלק'ען. מיר וואַנ־דערען איצט אויך אין דער מדבר פון „דעפרעסיע". טויזענדער און טוי־זענדער ארבייטסלאָזע געהען ארום מיט פאַרשמאַכטע ליפען, הונגעריג, נאַקעט און באָרוועס, און מען קאָרמעט אונז איצט אויך מיט משפטים און דינים: „נירא", „קאודס", „אינפלאציע" און „רעפלאַציע".

אויב מען טאַנצט שוין יאָ נאָך אונזער אלטען משה'ן, טאָ ווארום טאַנצט מען איהם ניט נאָך אין גאַנצען? ער האָט אויסדריקליך געזאָגט: „אם המצא תמצא בידו הגנבה שנים ישלם" — אויב מען וועט געפינען ביי איינעם א גנבה, מוז ער באצאָהלען כפל. און דאָ נעהמט מען כלומרשט די גנבים אויפ'ן צימבעל אין וואשינגטאָן, מען זוכט נאָך זייערע זיסע מעשים. ווי גרויס עס איז דער ציפער פון דער גנבה און מען לאָזט זיי לויפען. זאָל עס מעגליך זיין, אז וואשינגטאָן האַלט, אז דער „לא תגנוב" געהט נאָר אויף ארעמע לייט, א הונגעריגער טאָר ניט גנב'ענען, אבער א זאַטער מעג?

***

ואלה המשפטים.

פאַנגט אָן אונזער גרויסער געזעצגעבער זיינע ערשטע געזעצען מיט מענשליכער פרייהייט, ווייל ער האַלט, אז די אייביגע יוגענד פון א פאָלק איז פרייהייט! און ווער קען נאָך אזוי אָפשאַצען וואָס פרייהייט מיינט ווי זיין פאָלק וואָס האָט איצט פאַרלאָזען מצרים?

# מענש און תורה

אין יענער צייט איז דאָס לעבען פון א שקלאַף געווען הפקר. אפילו מיט זיבען הונדערט יאָהר שפּעטער האָט דער גריכישער פילאָזאָף „פּלאַטאָ" ערקלערט, אז א שקלאַף האָט גאָר קיין נשמה ניט, א שקלאַף איז א נידעריגע באַשעפעניש פאר וועלכער עס גילטען גאָר קיין געזעצען ניט.

גאַנץ אנדערש אָבער האָט אונזער גרויסער משה געדענקט. געוועהנ־ליך, ער האָט ניט געקענט אין גאַנצען אָפּשאפען שקלאפעריי, ווייל דאָס איז געווען איינגעוואָרצעלט זעהר טיעף אין דער דאמאָלסדיגער געזעל־שאַפט, אָבער ער האָט געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען צו אונטערדריקען און באקעמפען שקלאַפעריי.

די ערשטע זאַך האָט ער געענדערט דעם נאָמען פון שקלאַף אויף „שכיר", א געדונגענער, א מענש וועלכער פאַרדינגט זיך צו טהאָן געוויסע ארבייט און האָט דערביי געוויסע לוין־ארבייטער געזעצען געגעבען. „לא תעשק את רעך ולא תגזל לא תלין פעולת שכיר אתך עד בקר", דו זאָלסט ניט באשווערען דיין חבר, ניט באַ'גזלן איהם און אויך ניט איינהאַלטען זיינע שכירות ביז מאָרגען.

ווען עס געפינט זיך צווישען די איינער וואָס וויל זיין א שקלאַף און ניט קיין שכיר, ער האָט איינפאך ליעב קנעכטשאפט, דארף מען איהם צופיהרען צו דער טיהר און בויערען זיין אויער, ווייל מען האָט פאר איהם געעפענט די טיהרען פון פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט און ער וויל דערפון ניט געניסען, ער וויל ווייטער בלייבען א קנעכט און א שקלאַף, דארף מען איהם זיין אויער בויערען, זאָל די וועלט זעהן ווי נידעריג די בריאה איז געזונקען.

„לא תסגיר עבד אל אדוניו", דו זאָלסט ניט איבערגעבען קיין שקלאַף צו זיין האַר פון וועמען ער איז אנטלאָפען. מיט דעם אָנזאָג האָט אונזער אַלטער משה אונטערגעגראָבען דעם גאַנצען שקלאַפען־סיסטעם.

„אם כסף תלוה את עמי", אז דו וועסט אימיצען פון מיין פאָלק לייהען געלד, טאָ געדענק: „את העני עמך", עס איז דיין אָרימאַן, ער איז פאר־אָרעמט, ווייל דו האָסט צוזאַמענגעזאמעלט דאָס רייכטום... דערפאר זאָלסטו ניט זיין קיין שטרענגער מאָנער, נעהם ניט פון איהם קיין פּראָ־צענט, און אויב ער האָט דיר געגעבען זיין צודעק פאר א משכון, מוזטו עס

# דר. י. ל. שניצער

איהם אָפּגעבען צוריק נאָך איידער די זון געהט אונטער, ווייל עס קען זיין, אז דאָס איז זיין איינציגער צודעק צו פאַרדעקען זיין לייב.

א פרעמדען, אן אימיגראנט זאָלסטו ניט נאַרען און ניט אונטערדריקען, עמפּפאַנג איהם מיט א פריינדליכע האנד, אויך זאָלסטו קיין אלמנה און יתומים ניט פּייניגען, ווייל אויב זיי וועלען שרייען צו מיר, וועל איך געוויס דערהערען זייער שטים. איך בין א גאָט פון רחמנות, און א גאָט פון רחמנות קען ניט זיין קיין גאָט פון בלוט און ראַכע!

און אויב ביי אנדערע פאַרגעשריטענע און אויפגעקלערטע פעלקער איז די געשלעכטליכע מאָראל געוועזן א לויזע, אָדער גאָר קיין מאָראל ניט, האָט אונזער משה נאָך מיט קארגע פיער טויזענד יאָהר צוריק פארזאָגט, אז ווען א מאן, א שאַרלאַטאַן פארפיהרט א מיידעל, מוז ער מיט איהר געזעצליך חתונה האָבען, ווייל די עהרע פון דער פרוי מוז באַשיצט ווערען.

נו? איז עפּעס א וואונדער וואָס אונזערע שכנים קוקען אויף אונז מיט קנאה־שנאה אויגען? די אַלטע מתנות וואָס די פארשיידענע אלטע פעלקער האָבען געלייסטעט פאר דער מענשהייט איז שוין לאַנג, לאַנג ניטאָ מעהר קיין זכר פון זיי, אָבער די מתנה וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט בייגעטראָגען אין דער פאָרמע פון משפטים, דינים, עטיקס און מאָראל, דאָס געהט קיינמאָל ניט אונטער.

און דאָס קען זיין האָט דוד המלך געמיינט מיט די ווערטער: „יראת ד' טהורה עומדת לעד" — די עהרפרוכט פאר גאָט איז ריין, קלאָר און לויטער, דאָס שטעהט אויף אייביג. מיר האָבען איצט אויך שעהנע און גוטע געזעצע, וועלכע די רעגירונגען האָבען פאר אונז אויסגעארבייט, אָבער די געזעצע ווערען אָפּגעהיט בלויז אויס מורא, מען זאָל ניט באשטראָפט ווערען דערפאר, שטילערהייט אָבער ווערען די געזעצע ניט אָפּגעהיט... אָבער יראת ד'", די עהרפורכט פאר גאָט איז „טהורה", ריין און קלאָר, „עומדת לעד", זי עקזיסטירט ווידער אויף אייביג, סיי אין דער עפענטליכקייט, און סיי שטילערהייט, ווייל גאָט וויס אפילו וואָס ביי דיר אין דער מחשבה טהוט זיך, דו קענסט זיך פון איהם ניט באַהאַלטען.

***

# מענש און תורה

פרעגט מיך א איד א קשיא:

משה רבנו האָט אונז אָנגעזאָגט: „אחרי רבים להטות" — דו זאָלסט אימער נאָכגעהן נאָך דער מאַיאָריטעט נאָך, ווי די מאַיאָריטעט האנדעלט, אזוי זאָלסטו אויך האנדלען. פרעגט זיך די פראַגע: אויב דער באשלוס פון דער מאַיאָריטעט האָט אימער די אבסאָלוטע גערעכטיגקייט אויף איהר זייט, האָבען מיר, אידען, וועלכע זיינען בלויז א מינאָריטעט אויף דער וועלט, געדאַרפט שוין לאַנג אויפגעבען אונזער אמונה און אונזערע אידעאלען און בויגען אונזערע קעפּ פאר קריסטענטום אָדער פאר דעם מחמד'נישען גלויבען, ווייל דאָס איז די רעליגיע פון דער מאַיאָריטעט?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט דעם ראדזינער רבי'ן:

רב גרשון-העניך, דער ראדזינער רבי איז געווען זעהר א גרויסער חריף און בקי אין ש"ס און אין פוסקים. דערצו איז ער נאָך געווען א בעל מחבר, ער האָט געמאכט א חיבור וועגען „תכלת" און אויפגעוויזען אז עס איז די פליכט פון יעדען אידען צו טראָגען תכלת, אום צו קריגען אָנהענגער אויף זיין אויפטהועכץ איז ער אמאָל געקומען צו רב יהושע'לע קוטנער דורכצורעדען זיך מיט איהם וועגען דעם ענין פון תכלת, ער האָט געזוכט איהם אריבערצוציהען אויף זיין זייט, כדי ער זאָל מסכים זיין צו זיין אידעע, אז דער עולם זאָל אָנפאנגען צו טראָגען תכלת. רב יהושע'לע האָט איהם גאנץ געדולדיג אויסגעהערט און זיך צו איהם אָפּגערופען:

„איך גיב צו, מיין פריינד, אז אין אייערע באווייזע אין דעם ענין פון תכלת ליעגט גאונות, ליידער אָבער קענען מיר דאָס ניט טהאָן, ווייל די תורה האָט אָנגעזאָגט „אחרי רבים להטות" — מען דאַרף זיך פאר-קוקען אויפ'ן רבים, אויף דער וועלט. און קוים איז דער ענין פון תכלת אויף דער וועלט ניט אָנגענומען געוואָרען, וויל איך קיין אויסנאהמע ניט מאַכען".

הערענדיג דעם ענטפער, איז דער ראדזינער רבי צוגעגאנגען צום פענסטער און האָט אריינגערופען א אידען, א טרעגער און איהם געפרעגט: „זייט-זשע מוחל, רב איד, און זאָגט מיר, אין וועלכען דין ביי חמץ האָט רב מאיר מיט רב יהודה'ן א דיספּוט צווישען זיך, און אין וועלכען דין גלייכען זיי זיך ביידע אויס?"

## דר. י. ל. שניצער

דער טרעגער איז, נעביך, געבליבען שטעהן א צוטומעלטער און גע־הויבען מיט די פלייצעס, ער האָט ניט פארשטאנען וואָס דאָ קומט פאָר.

— זעהט איהר, קוטנער רב — האָט זיך דער ראדזינער רבי צו איהם אָפּגערופען מיט א שמייכעל — אין פסחים זאָגט די גמרא בפירוש: אז „כולא עלמא סברי מיהו חמש משש שעות ולמעלה אסור״. אָט האָט איהר א אידען פון דער כולא עלמא, פון דער מאַיאָריטעט און ער הויבט גאָר ניט אָן צו וויסען פון דער גאַנצער מעשה. אלא וואָס דען? „כולא עלמא מיינט מען מיך מיט אייך און נאָך אזעלכע אידען, וואָס זיצען און לערנען און אינטערעסירען זיך אין אזעלכע ענינים, אָבער ניט סתם אידען פון גאַס וועמען די אלע זאַכען ליגען גאָר אפילו ניט אין דער לינקער פאה. ניין, קוטנער רב! דער „אחרי רבים להטות״ געהט אויף פּראקטישער ארבייט, אבער וועגען פרינציפּען און אידעען קען מען זיך אויף דער מאַיאָריטעט ניט פארקוקען״.

און דער ראדזשינער רבי האָט גאנץ ריכטיג געזאָגט: א מאיאָריטעט דארף מען ניט צעהלען, נאָר וועגען אויפ׳ן וואָג!... און מעסטען די גייסטיגע וויכטיגקייט פון נאַציאָנען קען מען ניט נעהמען אין אנבעטראכט די צאָהל פון זייער באפעלקערונג, ווייל גאנץ אָפט טרעפט זיך, אז א פאָלק וועלכעס איז קליין אין צאָהל, זאָל אריבערוועגען פיעל גרעסערע פעלקער.

# תרומה

**העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט.**

ווען א גביר, צום ביישפיל, גיט א גרויסע נדבה פאר א שוהל, פאר א תלמוד תורה, פאר א בית יתומים, פאר א האָספיטאל, דאן ווערט עס שוין זיין אינסטיטוציע. און טאָמער פאנגט איינער אָן צו פּראָטעסטירען, גיט מען איהם א זאָג: „וויפיל צאָהלט איהר א יאָהר, רב כאצקעל? איהר מיינט, אז מיט אייער דאָלאר א יאָהר קען מען אויסהאלטען אזא אינ־סטיטוציע? „מאָני טאָקס!‟ ווער עס גיט די מטבע, דער האָט די דעה‟...

אָבער גאָנץ אנדערש האַנדעלט אונזער תורה. אָרעם און רייך — אלע גלייך. אויס מאכער, אויס קנאקער, אויס פילאַנטראָפּ, אלע זאָלען בלויז געבען א „מחצית השקל‟, א האַלבען דאָלאר, אלע גלייכע מטבעות, אלע גלייכע דעות.

***

**פרשה שקלים.**

רעדט היינט מיט ווענען איהר ווילט, וועט איהר הערען, ווי יעדער זיפצט אונטער דעם יאָך פון די שטייערען, וואָס מען רייסט פון איהם. עס פאַנגט זיך אָן א סדרה פון „סטייט־טעקס‟, „קאונטי־טעקס‟, „סיטי־טעקס‟, „פעדעראל־טעקס‟, און נאָך אזעלכע „טעקסעס‟.

גאַנץ אַנדערש אָבער איז משה׳ס „טעקס‟ געווען, א מחצית השקל און ניט מעהר. אמת, מיט דעם מחצית השקל אליין זיינען די אידען ניט אָפּגעקומען. זיי האָבען געהאט אויף זיך א סדרה פון „מעשר‟ און נאָך אזעלכע אָפּצאָהלונגען. און לויט דעם רעכענונג, זיינען צוואַנציג פּראָצענט פון דעם אידען׳ס איינקונפט געגאנגען פאַר די פארשידענע קהל׳שע באַ־דערפעגישען. נאָר דאָס איז געווען „פּרייוויליגע פאָדאטקעס‟, וואָס א איד האָט געצאָהלט לויט נאָך זיין קעשענע און לויט נאָך זיין גוט הארץ, דע־

## דר. י. ל. שניצער

ריבער האָט מען אזעלכע שטייערען אָנגערופען „מנחה", — א מתנה, א געשאַנק.

דער האלבער שקל אָבער איז געווען א חוב פאר יעדען אידען. אפילו די כהנים אין בית המקדש, וואָס זיינען געוועהנליך געווען פריי פון אלע צאָהלונגען, האָבען אויך געמוזט טראָגען אויף זיך דעם חוב. דער שקל־שטייער טעקס איז געגאנגען פאר דעם צוועק אויפצוהאלטען די צענטראלע אינסטיטוציע פון דעם אידישען פאָלק, דעם בית המקדש.

די געשיכטע דערצעהלט, אז נאָכ'ן חורבן האָבען די אידען אָפגעהיט צו צאָהלען דעם שקל נאָך מעהר ווי אין דער צייט פון זייער אומאָפּהענגיגקייט. פון אלע גלות לענדער האָבען זיי געשיקט דעם שקל פאר דער ישיבה אין יבנה, וואָס איז באַטראַכט געוואָרען פאר דעם נאַציאָנאַלען צענטער אָנשטאָט דעם צושטערטען בית המקדש, און ווען דער רוימישער קייזער האָט ארויסגעגעבען א באַפעהל, אז דער שקל־שטייער מוז אָפּגעגעבען ווערען צו דער רעגירונג, האָבען אידען אָנגעהויבען געבען צוויי שקלים: איינעם פאַר רוים און דעם צווייטען פאר יבנה.

דאָס אידישע לאַנד איז שוין לאַנג געווען חרוב ומוחרב, די אידען צושפרייט איבער דער וועלט, אָבער אונטער אַלע אומשטענדען האָט ער אָפּגעשיקט זיין שקל־טעקס, אין וועלכען ער האָט געזעהן א מיטעל אויפצוהאלטען די עקזיסטענץ פון זיין פאָלק.

די גמרא זאָגט אונז, אז דער באַשאַפער פון דער וועלט האָט געוואוסט, אַז עס וועט אויפשטעהן א המן און וועט אָנבאָטען א סך שקלים אויסצוראָטען דאָס אידישע פאָלק, האָט ער, דער באַשאַפער, אונטערגעאיילט די אידען מיט זייער שקל פאר המנ'ס שקלים.

דאָס ווייזט, אז דער שקל פאראייניגט א פאָלק אי קערפערליך און אי גייסטיג, און אזוי ווי אין יעדער צייט שטעהט אויף א המן געגען אידען, וועלכען מען מוז באַקעמפען, דארפען אידען שאפען א שטענדיגען פאָנד און זיין געגרייט מיט'ן שקל איהם צו באַקעמפען.

דער מאָדערנער המן, היטלער, פארמאָגט א סך שקלים פאר זיין קאַמף געגען אידען. ער שיקט אויך זיינע שקלים אין אמעריקא און אין אַנדערע לענדער זיין פראָפּאגאנדע דורכצופיהרען, אבער היטלער איז ניט ארויפגעשפרונגען אויפ'ן זאָטעל אין איין טאָג, עס האָט גענומען

## מענש און תורה

עלף יאָהר נאַצי־פּראָפּאגאנדע, ביז דייטשלאנד איז פארהיטלעריזירט געוואָרען, ווען די דייטשע אידען אבער וואָלטען זיך אונטערגעאיילט מיט זייערע שקלים, וואָלט דער נאַציזם געווען טויט.

שעקספּיר האָט געזאָגט: כאָטש די מאכט איז ווי א ווילדער בער, דאָך אָבער פיהרט איהם דאָס גאָלד פאר'ן נאָז. מיט א גאָלדען העמערעל קען מען אייזערנע טויערען צוברעכען.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: תלמידי חכמים שגגות נעשות להם כזדונות, געלערענטע מענשען ווען זיי טהוען אפילו אן עבירה בשוגג, אומגערען, רעכענט זיך אזוי ווי זיי וואָלטען עס געטאָן במזיד, מיט אן אַבזיכט. פרעגט זיך די קשיא: פאַרוואָס קומט, נעבעך, דעם תלמיד חכם אַזאַ מין פסק? לא די וואָס ער האָט געבראָכען זיין קאָפּ אויף לומדות און איז געוואָרען א געלערענטער מענש, דארף ער נאָך ליידען פאר אן עבירה, וואָס ער האָט אומגערען געטאָן. וואו איז יושר?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם סוחר:

א סוחר איז געפאָהרען ווינטער־צייט מיט עטליכע פוהרען, אָנגעלאָדען מיט סחורה. אין מיטען וועג איז ארויסגעפאַלען א שרעקליכער שניי־שטורעם און האָט פארשאָטען די וועג און דער סוחר מיט זיינע פוהרלייטע האָבען גענומען בלאָנדזשען.

א גאַנצע נאַכט האָבען זיי ארומגעבלאָנדזשעט אָהן א וועג און אָהן א שטעג, ענדליך, ווען עס האָט אָנגעהויבען צו טאָגען, האָבען זיי דערזעהען, אז זיי זיינען גאָר פארקראָכען אין א זייטיגען וועג, וואָס האָט געפיהרט צו א וואַלד.

מיט גרויס מיה האָבען זיי זיך קוים דערשלאָגען צו א קרעטשמעלע און האָבען באשלאָסען זיך דאָרטען אָפּצורוהען אביסעל.

די פוהרלייט האָבען זיך צוגעכאפּט צו דער אכילה און אָפּגעכאַפּט זייערע הערצער מיט אביסעל בראָנפען. דער סוחר אָבער האָט זיך צו קיין

## דר. י. ל. שניצער

זאַך ניט צוגעריהרט. ער איז אומגעגאַנגען הין און צוריק איבער׳ן צימער זעהר פארצווייפעלט און האָט געמורמעלט:

„וועה, וועה, וואָס האָב איך געטאָן? וואָס האָב איך געטאָן?״

„איך פארשטעה ניט וואָס מיט אייך איז? — האָט איינער פון די פוהר׳לייטע איהם א פרעג געטהאָן. — א נאָווינע, אז מען פארבלאָנדזשעט ווינטער־צייט אין וועג? מיר האָט דאָס שוין אפשר צעהן מאָל געטראָפען, אז איך האָב פאַרבלאָנדזשעט אין וועג, אָבער נעהמען זיך אזוי שטארק צום הארצען וועגען דעם, דאָס איז די גרעסטע נאַרישקייט״.

„נאַרישקייט רופסטו דאָס? — האָט דער סוחר זיך צו איהם אָפּגע־רופען. — דו האָסט געבלאָנדזשעט בלויז מיט איין איינציגער פוהר. דער וועג, וואָס דו האָסט געמאכט, איז באַלד אָפּגעווישט געווארען, ווייל דער ווינט האָט דאָס צוריק מיט שניי פאַרשאָטען און דער שליאַך איז מעהר ניט קענטיג געווען. איך בין אָבער מיט אזוי פיעל שווער אָנגעלאָדענע פוהרען דורכגעפאָהרען דעם פאַלשען וועג, וואָס די פוהרען האָבען גע־מאַכט, און עס וועט בלייבען שטעהן פאר א היבשע שטיק צייט. עס וועלען אָנפאָהרען אנדערע מענשען און דאָס אָננעהמען פאר דעם ריכטיגען וועג. אָט דאָס מאכט מיך זעהר פארצווייפעלט. פרעמדע מענשען וועלען גע־שטרויכעלט ווערען דורך מיר און בלאָנדזשען אזוי ווי איך האָב געבלאָנ־דזשעט״.

ווען א פּראָסטער מענש זינדיגט, קוקט מען זיך גאַנץ ווייניג אום אויף איהם. דעם וועג, וואָס ער מאַכט, ווערט באַלד אָפּגעווישט און דער שליאַך איז מעהר ניט קענטיג.

אָבער ווען א תלמיד חכם זינדיגט אפילו אומגערען, מאכט ער דערמיט א וועג פאר אנדערע מענשען, וואָס ווייסען גאנץ ווייניג, און זיי מיינען, אז דער וועג, וואָס דער תלמיד חכם האָט אויסגעטראָטען, איז א ריכטיגער. איז דעריבער ווען א תלמיד חכם טהוט אפילו אן עבירה בשוגג, ווערט עס פאַררעכענט אזוי ווי ער וואָלט עס געטהאָן במזיד.

# פרשה זכור

ווען איינער וויל שטודירען אויף דאָקטאר, דארף ער האָבען אן אייזער־נעם קאָפּ צו געדענקען די אלע שווערע נעמען פון די פארשידענע מוס־קולען און נערוועז פון דעם מענשליכען קערפּער.

וואָס טהוט דער סטודענט? — מאַכט ער געוויסע צייכענס און סימנים די מוסקולען און די נערוועז צו געדענקען. די דאָזיגע קונסט האָט די וויסענשאפט א נאָמען געגעבען „מנעמאניקע”. די קראנקהייט אָבער פון מענשען וועלכע האָבען א שוואכען זכרון, האָט די מעדיצינישע וועלט א נאָמען געגעבען „אמנעזיע”.

מיר לייענען גאנץ אָפט אין די צייטונגען, פון אמנעזיע־קראנקע, וועלכע האָבען פארגעסען אפילו זייערע נעמען, זיי בלאָנדזשען ארום ווי אין אן עולם התוהו, ניט וויסענדיג וואו זיי זיינען.

מענשען טאָרען ניט פאַרגעסען, אויב זיי ווילען ניט בלייבען שוואַך און הילפלאָז: מען טאָר ניט פארלירען דעם זכרון, אפילו ווען מען דאַרף אָנקומען צו דער קונסט פון מנעמאָניקע.

און אזוי ווי מיר האָבען אין דער אלטער צייט פון דער דאָזיגער קונסט ניט געוואוסט, האָט משה רבנו אונז אָנגעזאָגט: „זכור”, געדענק און פאר־געס ניט!

געדענקט דעם טאָג, ווען איהר זייט ארויס פון מצרים!

געדענק ווי גאָט האָט דיך געפיהרט 40 יאָהר אין דער מדבר!

געדענק וואָס מען האָט צו דיר געטהאָן ווען דו האָסט דערצאָרענט דיין גאָט!

געדענקט וואָס גאָט האָט געטהאָן צו „מרים” אויפ׳ן וועג, ווען איהר זייט ארויס פון מצרים!

און איבער אַלץ איז געקומען דער שטרענגער פארזאָג:

געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטהאָן אויפ׳ן וועג!

## דר. י. ל. שניצער

דער פֿאַרזאָג איז געווען אַזוי שאַרף, אַז עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ פּרשה־„זכור״ אויסצוראָטן עמלק'ן!

אידן זיינען געוויינלעך מוחל זייערן אַ שונא, זיי לעכצן ניט נאָך נקמה איהם אויסצוראָטן, נאָר אין דעם פֿאַל איז עפּעס אַנדערש.

עמלק האָט ניט געפֿיהרט קיין אָפֿענעם קאַמף, ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר אַ מוטהיגען קריגער, ער איז באַפֿאַלן די שוואַכע, די צוריקגעשטאַנענע און די אויסגעמאַטערטע פֿון דער אידישער מחנה. אַ גאַרילע קריעג האָט ער אָנגעפֿיהרט, אַ טהאַט, ווי פֿון אַ נידעריגען שוועכלינג.

יהושע אָבער האָט געפֿיהרט קריעג געגען עמלק'ס גבורים, די שוואַכע און די צוריקגעשטאַנענע האָט ער געשאָנעוועט און זיי ניט אָנגעריהרט.

אָט דאָ זעהט מען דעם אונטערשיד צווישען די צוויי אייביגע שונאים.

עמלק האָט זיך באַנומען ווי אַ פֿייגלינג; די אידען אָבער האָבען גע־קעמפֿט אָפֿען און עהרליך, פּנים אל פּנים און מיט אַ געפֿיהל פֿון רחמנות פֿאַר די שוואַכע, אפילו זיי זיינען שונאים.

„זכור את אשר עשה לך עמלק״, געדענק וואָס עמלק האָט דיר אַמאָל געטהאָן און וואָס ער טהוט דיר איצט. דער מאָדערנער עמלק מעג טראָגען אַ ציוויליזירטע פֿעל; ער מעג זיך ווייזען צירליך־מאַנירליך און זוכען צו באַגרינדען זיין אידען־האַס מיט אַזוי גערופֿענע פֿילאָזאָפֿישע־אַנטיסעמיטישע־טעאָריעס, אָבער אינערליך איז ער פֿאַרפֿוילט און פֿאַרדאָרבען, אַ ירושה פֿון דעם אַלטען עמלק — אכזריות און פֿייגהייט.

לאָמיר נעמען צום ביישפּיל „נאַצי־דייטשלאַנד״. צווישען זעכציג מיליאָן מענשען, געשוואָרענע נאַציסטען, וואוינט אַ הייפֿעלע אידען, קוים איין פּראָצענט פֿון דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג, און מיט וואָס פֿאַר אַן אכזריות די הונדערט האָבען זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף דעם איינעם, און ווי די היטלער־רעגירונג פֿאָכעט מיט דעם שווערד געגען דעם הייפֿעל שוצלאָזע מענשען.

אָט דאָס איז עמלק'ס העלדישקייט! באַפֿאַלען די שוואַכע, די שוצלאָזע, וועלכע ווערען נאָך דערצו באַטראַכט פֿאַר פֿרעמדע.

און אַזוי לאַנג ווי אידען וועלען זיין וואָג־מענשען, וואַנדערער דורך די גלות לענדער אָהן אַן אייגענער היים, וועלען די עמלקים זיך אַלץ באַ־ריהמען מיט זייער פּויסט־העלדישקייט געגען די שוואַכע און די שוצלאָזע.

# מענש און תורה

„זכור ישראל", זכור! „אשר קרך בדרך", ער האָט דיך דאַמאָלסט געטראָפען אויפ'ן וועג און איצט טהוט ער דיר אויך אָן די זעלבע צרות, ווייל דו ביזט א וואַנדערער!

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ווען מען טראַכט זיך אריין אביסעל טיפער אין חומש, זעהט מען אז די גאַנצע צייט וואָס די אידען האָבען געוואַנדערט אין דער מדבר, האָבען זיי עפּעס גאָר קיין באגייסטערונג ניט געהאַט פאַר ארץ ישראל, ווען משה האָט זיי געזאָגט, אז ער געהט זיי געבען א תורה, האָבען זיי געשריען „נעשה ונשמע", נאָך איידער זיי האָבען געוואוסט וואָס אין איהר שטעהט און ווען ער האָט זיי געזאָגט, אז ער געהט זיי געבען ארץ ישראל, האָבען זיי דאָס זעהר קאַלט אויפגענומען. עפּעס אזוי ווי זיי וואָלטען צו איהם גאָר קיין צוטרויען ניט געהאַט. פרעגט זיך די פראגע: פאַרוואָס איז דאָס אזוי?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם חתן:

א פרומער איד, וועלכער איז געזעסען טאָג און נאַכט און געלערענט, האָט געהאט א בן־יחיד, וועלכער איז שוין געשטאַנען אין שידוכים, און ווען עס איז געקומען א שדכן און האָט פאָרגעשלאָגען פאר זיין זוהן א שידוך, האָט דער פאָטער געזאָגט: איך וועל מיין זוהן ניט משדך זיין מיט אבי וועמען, איך מוז אליין זעהן ווער דער מחותן איז, וואָס פאר א הויז ער פירט און צו די כלה איז א שעהנע.

קורץ, דער פאָטער איז מיט'ן שדכן אריבערגעפאָהרען אין יענער שטאָדט און האָט אויסגעפונען, אז דער מחותן איז זעהר א שעהנער איד, פיהרט זעהר א רייכע הויז און די כלה איז א זעלטענע שעהנקייט. פאַרשטעהט זיך דאָך, אז ער האָט גלייך געשלאָסען אָן אָבמאַך מיט די כלה'ס עלטערען און איז מיט א פרעהליכען הארצען געפאָהרען צוריק אהיים.

ווען ער איז געקומען אהיים, האָט ער גענומען דערצעהלען פאר זיין ווייב און די קרובים די מעלות פון דעם מחותן: זיין יחוס, זיין עשירות, זיינע צדקות, זיין פרומקייט און די שעהנע פיהרונג ביי איהם אין הויז.

# דר. י. ל. שניצער

— און וואָס הערט זיך עפּעס וועגען דער כלה? האָט זיין ווייב א פרעג געטהאָן.

— די כלה — האָט דער פאָטער מיט גרויס באגייסטערונג געזאָגט, איז א זעלטענע שעהנקייט, דערצו איז זי נאָך זעהר א פרומע און א גוטע, זי איז פשוט א דימענט און א בריליאַנט!

ווען דער חתן האָט געהערט ווי דער פאָטער לויבט אזוי די כלה, האָט ער זיך אויפגעהויבען פון טיש און איז אוועק אין אנאנדער צימער און זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט.

די מוטער איז איהם נאָכגעלאָפען און איהם גענומען פרעגען:

— וואָס איז מיט דיר מיין זוהן? פאַרוואָס וויינסטו? אדרבא פאַר־קערט, דו דאַרפסט זיך דאָך פרעהען וואָס די כלה באַזיצט אזעלכע טייערע מעלות?

— הער אויס מאַמע, האָט דער חתן צו איהר געזאָגט, דו קענסט דאָך דעם טאַטען, דו ווייסט דאָך, אז ער זיצט טאָג און נאַכט אין זיין חדר און לערנט, ניט ער קומט צוזאמען מיט דער וועלט און ניט ער ווייס וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט, ער האָט קיינמאָל אויף א פרויענצימער קיין קוק ניט געטהאָן, און אז ער לויבט אזוי שטארק די כלה, בין איך זיכער, אז זי איז א גרויסע פארזעהעניש, דו פארשטעהסט מאַמע? וואָס מעהר דער טאַטע לויבט איהר, אַלץ זיכערער בין איך, אַז זי האָט קיין ברעקעל חן אין זיך ניט!

די אידען אין דער מדבר האָבען געוואוסט, אז ביי דעם אויבערשטען איז נאָר אָנגעלעגט פרומקייט און אָבגעשיידענקייט פון עולם הזה פארגע־ניגענס, און ווען זיי האָבען געהערט ווי דער אויבערשטער לויבט אזוי ארץ ישראל, האָבען זיי זיך געטראַכט, אז דאָס מוז זיין א לאַנד, וואו מען דאַרף זיך פּלאָגען, מאַטערען און לעבען נאָר מיט רוחניות, דעריבער זיינען זיי אזוי קאַלט געוועזן!

# פורים

א גאנץ יאָהר דרעהט מען זיך דעם אייגענעם קאָפּ, היינט אָבער דרעהען מיר המנ׳ס קאָפּ. און א מערקווירדיגע זאך, שוין אזוי פיעל יאָהרען ווי מיר דרעהען און דרעהען המנ׳ס קאָפּ און דאָך שטעהט זי נאָך אויף דעם זעלבען אָרט. אָט הערען מיר דעם אלטען המנ׳ס הייזעריגע שטימע פון „ישנו עם אחד״ אין דייטשלאַנד, אין רומעניען, אין פוילען און אין נאָך אזעלכע לענדער וואו אידען וואוינען. זיי זאָגען כלומרשט, אז זיי האָבען עס אליין די תורה מחדש געווען, אָבער עס איז א ליגען. זיי האָבען עס אלע גע׳ירש׳נט פון דעם ערטש־אנטיסעמיט המן בן המדתא. אפילו די באַיקאָט־העצע אין אנדערע לענדער און די שטילע דיסקרימינאַציע אין אמעריקא איז שוין אויך אן אַלטע.

די תורה דערצעהלט אונז: „ויותר יעקב לבדו ויאבק איש עמו״ — יעקב איז אויפ׳ן וועג פון זיין וואַנדערען געבליבען אליין, איינזאם, פאר־לאָזען פון די אנדערע אומות, איז ער אָנגעגריפען געווארען פון א געגנער. „עד עלות השחר״ — ביז דער מאָרגענשטערען איז אויפגעגאנגען, „וירא כי לא יכל לו, ויגע בכף ירכו״ — ווען די צייט האָט זיך געענדערט, עס האָט אָנגעפאנגען צו דעמערען און צו שיינען די זון פון פרייהייט, זיינען די אנטיסעמיטען געקומען צו דער איבערצייגונג דאָס מאָרדען, רויבען און פּאָגראָמען מאַכען איז עפּעס ניט מיט דעם גייסט פון דער צייט, האָבען זיי זיך גענומען צו א נייעם מיטעל, „ויגע בכף ירכו״ — דער שונא האָט אָנגעגריפען דעם שטיצפּונקט פון יעקב׳ן, זיין עקזיסטענץ אונטערצוגראָבען, דעם באָדען פון זיינע פיס אוועקצורוקען און דעם ביסען פון מויל ארויס־צורייסען. כבר היה לעולמים. — אַלעס וואָס די שונאי ישראל פון היינט טהוען געגען אונז אדער ווילען טהאָן, האָבען מיר שוין לאַנג, לאַנג דאָס דורכגעמאכט, דאָס אידענהאָס איז שוין אזוי אַלט ווי דאָס אידענטהום אליין.

# דר. י. ל. שניצער

דער אלטער המן, דער אַלטער בן המדתא, דער אַלטער אגגי, נאָר מיט נייע מאָדערנע טרימינג באַפּוצט.

**
*

האָבען זיך אַרומגעדרעהט אונזערע אידעלאַך אין אחשורוש׳עס הויף און זיך פאר׳פּרס׳ט ביסלעכווייז און מיטגעמאכט די ווילדע הוליאַנקעס, געגע־סען, געטרונקען און זיך געלאָזען וואויל געהן, נאָר „איש יהודי היה בשושן״, איין איד איז געווען אין שושן וואָס האָט זיין שטאַם ניט פאר־לייקענט. זיין נאָמען איז געווען מרדכי, ניט מארקוס. און ווען אינווייניג אין הויף זיינען אָנגעגאנגען די ווילדע הוליאנקעס, איז ער גאָר געזעסען אין דרויסען „בשער המלך״, ביים טויער און זיך אָבגעגעבען מיט קינדער ערציהונג. „ויהי אמן את הדסה״ — ער האָט ערצויגען א אידישע טאָכטער און איינגעפּלאנצט אין איהר האַרצען א פייערדיגע ליבע צו איהר פאָלק.

היינט איז שווער צו דערקענען א אידישען מרדכי, און נאָך שווערער איז צו געפינען א אידישע אסתר, ווייל ווען איינער ווערט נאָר עפּעס א שטיקעלע רב שמעלקע, אזוי איז ער שוין ניט אונזערער און זוכט מיט אלע מעגליכקייטען צו פאַרשטעלען זיין אידישע נאָז.

**
*

ויבז בעיניו לשלוח יד במרדכי לבדו — אין אָנפאַנג האָט המנ׳קע געוואָלט זיך אָברעכענען בלויז מיט מרדכי׳ן אליין, אָבער נאָכדעם אז — „כי הגיד לו את עם מרדכי״ — מען האָט איהם דערצעהלט, אז מרדכי האָט א פאָלק וואָס וועט זיך אָננעהמען פאר איהם. „ויבקש המן להשמיד את כל היהודים״, האָט ער גענומען זוכען תחבולות צו פארטיליגען דעם גאַנצען כלל.

אויך דעם טענצעל טאַנצען נאָך אונזערע איצטיגע אַנטיסעמיטען. צוליב א פעהלער פון איינצעלנע אידען, האלט מען פאראנטוואָרטליך דעם גאַנצען כלל ישראל, און דער מלמד פון דער מעטאָדע איז געווען נאָך א פּיעל עלטערער אנטיסעמיט מיט׳ן נאָמען בלק, דער קעניג פון מואב. ער זאָגט דאָרטען צו בלעם, דעם היידנישען נביא: „אפס קצהו תראה וכלו לא תראה, וקבנו לי משם״, אויב דו ווילסט דאָס אידישע פאָלק באַשמוצען,

# מענש און תורה

דיסקרעדיטירען און מאָראַליש פאַרניכטען, מוזטו דיין אויג וואַרפען אויף דעם קצהו, אויף די איינצעלנע „וכלו לא תראה" — אויפ'ן גאַנצען כלל וועסטו קיין חטאים ניט זעהן, וויל זיי זיינען צו שעהן, און צופיעל פאַרגעשריטען, אָבער אויף איינצעלנע אידען וועסטו אימער קענען געפינען א פעהלער. „וקבנו לי משם" — אָט פון דעם ברעג, פון דעם ווינקעל, פון די איינצעלנע פאַנג אָן צו האַמערען און וואַרף שמוץ אויף דעם גאַנ־צען כלל.

אָט אויף די טרויעריגע ערשיינונגען זיפצען אונזערע חכמים. זיי זאָגען: „שה פזורה ישראל, למה נמשלו ישראל לשה? מה דרכו של שה לוקה באחד מאבריו וכולם מרגישים, אף ישראל אחד חוטא וכולם נענשים" — ווארום איז ישראל געגליכען צו אן עלענדע שעפסעלע? אזוי ווי א שעפסעלע פיהלט א וועהטאָג אין אלע איהרע אברים, ווען איין גליעד ווערט בלויז געשלאָגען, אזוי פיהלט דער איד א וועהטאָג ווען איין איד באַגעהט א פעהלער.

***

„כי מרדכי היהודי משנה למלך אחשורוש, וגדול ליהודים, דרש טוב לעמו", — הגם מרדכי איז געוואָרען דער משנה למלך און א גדול ביי אידען, פון דעסטוועגען האָט ער זיך אָפּגעגעבען מיט די אינטערעסען פון זיין פאָלק, „דרש טוב לעמו" — ניט אזוי ווי אונזערע איצטיגע גדולים, וואָס דרעהען זיך ארום אין די קעניגליכע הויפען און האַלטען אָן הויכע רעגי־רונגס עמטער. זיי אינטערעסירט גאַנץ ווענויג אונזער פינסטערע, ביטערע לאַגע. זיי געהען אום און ציטערען איבער'ן „פן". פן יאמרו הגוים — טאָמער וועלען די גוים זאָגען, אז זיי זיינען פריינדליך צו זייערע אונגליק־ליכע ברידער. פן יאמרו העמים, — טאָמער וועלען די פעלקער זאָגען, אז זיי זיינען אביסעלע פּאַרטייאיש. דעריבער פאַרשטאָפּט מען די אויערען ניט צו הערען אונזער קרעכץ און אונזער זיפץ. זייער גאַנצע איבערגעגע־בענהייט צום אידישען פאָלק באַשטעהט וואָס זיי קומען יום כפור אין טעמפעל און בעטען מיט אונז צוזאמען דעם אלטען רבונו של עולם.

אָבער צו דען ווייסט איהר ניט גדולים אונזערע, אז אייער קומען

## דר. י. ל. שניצער

יום כפור אין טעמפעל איז א פורים־שפיעל? ווי איינער האָט אמאָל געטייטשט:

„יום־כפורים״ — א טאָג ווי פורים, אזוי ווי פורים איז מען זיך נוהג צו פארשטעלען, אזוי פארשטעלט מען זיך אויך יום־כפור. דער אונ־טערשיד איז נאָר, וואָס פורים פאַרשטעלען זיך אידען פאר גוים און יום־כפור פאַרשטעלען זיך גוים פאר אידען.

דאָס קומען פון אונזערע גדולים יום־כפור אין שוהל, דערמאָהנט מיך די מעשה מיט יענע פורים־סעודה:

אין א שטאָדט איז געווען א רב, א גרויסער גאון און נאָך זעהר רייך דערצו. זיין פאָטער איז געווען א באַריהמטער סוחר און האָט איהם איבערגעלאָזען א גרויסע ירושה. געוועהנליך קיין שכירות פלעגט ער ניט נעהמען, אבער מיט שלח מנות האָט ער געמאכט אן אויסנאהם. עס פלעגט קומען פורים, פלעגען אלע בעלי בתים איהם שיקען שלח מנות, ווער מעהר, ווער וועניג, צו דער רב דארף דאָס געלד, צו ניט, א מנהג איז א מנהג. דערפאַר אָבער פלעגט דער רב מאכען זעהר א רייכע פורים סעודה און אלע בעלי בתים פלעגען זיך זעהר שעהן און יום־טוב׳דיג פאַרברענגען.

אין דער זעלבער שטאָדט האָט אויך געוואוינט א איד, וואָס האָט גאנץ וועניג באַריהרונג געהאט מיט די אידען פון זיין סביבה, איהם האָבען אויך ניט אינטערעסירט קיין אידישע אָנגעלעגענהייטען, קיין אידישע ענינים, זיין אומגאַנג איז געווען נאָר מיט קריסטליכע פריצים, זיי זיינען זיין חברותא געווען און אין זייער געזעלשאפט פלעגט ער שטענדיג פאר־ברענגען.

איין פורים איז זיך דער איד מישב און שיקט אריין דעם רב א שלח מנות און איז אויך געקומען צו דער סעודה. זעהט דער איד ווי דער רב נעהמט אויף אלע בעלי בתים מיט גרויס ליעבשאפט, און אויף איהם קוקט ער זיך גאָרניט אום, פארדריסט איהם דאָס זעהר שטארק. געהט ער צו צום רב און גיט איהם א פרעג: „רבי, מיט וואָס איז מיין שלח מנות ערגער ווי דער שלח מנות פון די אלע בעלי בתים אייערע? זיי נעהמט איהר אויף מיט א פנים יפות און אויף מיר קוקט איהר זיך גאָרניט אום?״

— „איך וועל אייך זאָגען, — האָט דער רב איהם געענטפערט — איהר ווייסט גאַנץ גוט, אז איך בין רייך גענוג און איך דארף קיין געלד ניט האָבען,

# מענש און תורה

די כונה פון שלח מנות איז — אן איבערגעבענהייט, א פריינדליכקייט, „איש לרעהו" צו זיין חבר אין לייד, צו זיין חבר אין פרייד, די אלע בעלי בתים ווייס איך, אז זיי זיינען מיר איבערגעגעבען מיט'ן גאנצען הארצען, זייער שלח מנות פאַרשאַפט מיר א גייסטיגען נחת רוח. דעריבער לאַד איך זיי נאָכדעם איין צו דער סעודה אום ארויסצואווייזען זיי מיין ליבשאפט. אָבער איהר האָט אייער גאנצען לעבען ניט געפיהלט קיין שום פריינדשאפט צו אונז. אייך איז פרעמד אונזערע ליידען און אונזערע פריידען. נאָר פלוצלינג „ויבא המן", המן איז דאָ און פריינטעלט זיך מיט אונז. ניין, מיין פריינד, אזעלכע שלח מנות פאַרלאַנג איך ניט! פריינדשאפט, ברידער־ליכקייט דארף קומען פון טיפען הארצען, אָבער ניט סתם קומען אום יוצא צו זיין פאר דער וועלט".

# פרשת החודש

„החודש הזה לכם—אמרו לפניו: רבונו של עולם, ארבע מאות שנה אמרת לנו להשתעבד, ועדיין לא שלמו? אמר להם: כבר שלמו, שנאמר הנצנים נראו בארץ, מיד גלו הצדיקים ראשיהם שהיו מכוסים".

ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו די אידען: אז אין דעם חודש וועלען זיי אויסגעלייזט ווערען, האָבען די אידען צו איהם געזאָגט: סטייטש? די 4 הונדערט יאָהר וואָס דו האָסט געזאָגט אז מיר וועלען מוזען שקלאַפען אין מצרים, זייגען דאָך נאָך ניט אוועק? האָט גאָט זיי געענטפערט: אז דער גלות האָט זיך שוין געענדיגט! האָבען די צדיקים גלייך אָבגע־דעקט זייערע קעפּ.

אויבערפלעכליך קוקט אויס, אַז דאָס איז עפּעס א מין קינדערשע זאגע, אבער ווען מען טראַכט זיך גוט אריין אין די ווערטער פון מדרש, קען מען זעהן וואָס פאר א שטיק פילאָזאָפיע דאָרטען ליגט.

ווי עס קוקט אויס, האָבען מיר אין די אַמאָליגע גלות׳ן אויך געליטען די זעלבע קערפּערליכע און גייסטיגע יסורים, ווי מיר ליידען אין דעם גלות, אויסער וואָס מען האָט אונזער עקאָנאָמישען עקזיסטענץ אונטער־דריקט, האָבען נאָך אונזערע גאונים, גדולים, ריכטער, דענקער, פילאָזאָפען, שריפטשטעלער און וויסענשאפטסלייט צוגעדעקט און פארבאָרגען זייערע אידישע קעפּ, און גענומען ארבייטען מיט זייער מאַרך און מיט זייער טהעטיגקייט אויף פרעמדע פעלקער, אויף פרעמדע שפּראכען און אויף פרעמדע ליטעראַטורען. אונטער א פאַלשען ליכטשיין פון עמאנסיפּאַציע, האָט מען זיך אָבגעזאָגט פון דעם אלטען טיטול „ישראל גוי אחד" און מען איז געוואָרען עגיפּטיאנער, באבילאָנער, ענגלענדער, פראנצויזען, אמעריקאַ־נער און דייטשען.

פלוצלונג איז ערשינען אין דער פינסטערער אידישער גאס א „משה" און האָט געבראכט זיינע פארפיהרטע ברידער א דעקלאַראַציע פון דעם

# מענש און תורה

„אהיה אשר אהיה", און געפֿונען ווערן זיי זייער נאַציאָנאַלען שטאַלץ, דערמאָנען זיי, אַז זיי האָבען אַ באָדען, אַן אַלטען באָדען פון זייערע אבות, און די אונאבהענגיגקייט פון א פאָלק, ליגט נאָר אין אן אייגען לאַנד, שטרעבט קינדערלאך דעם אלטען באָדען צוריק־צוקריגען, מאכט א סוף פון דעם וואַנדערען פון איין קולטור אין דער אנדערער, פון איין שפראַך אין דער צווייטער, היימלאָז און שוצלאָז, באַרויבט און צוטראָטען פון אלע ווילדע בעסטיעס.

„ולא שמעו אל משה", מען האָט זיך אָבער צו משה׳ס ווערטער ניט צוגעהערט, „מקצר רוח", ווייל דער אידישער גייסט איז געווען זעהר קורץ און קליין ביי זיי, „ומעבודה קשה" פון די שווערע ארבייט וואָס מען האָט זיך אונטערגענומען פרעמדע קולטורען אויפצובויען. משיח און גאולה, דאָס איז בלויז פאַנטאַזיע. אן אייגענע היים, דאָס איז בלויז א חלום, א פוסטער נאַרישער חלום!

האָט אָבער א הימעלשע שטימע א שאַל געטהאָן:

„ניין! דאָס איז ניט קיין חלום! און אויך ניט קיין פאַנטאַזיע! בלינדע מענשען! זעהט איהר דען ניט אז „הנצנים נראו בארץ", די „נאַציס" האָבען זיך גענומען באווייזען אויף דער וועלט! זיי, זיי וועלען אייך ברענגען צוריק צו אייער באַוואוסטזיין! זיי, זיי וועלען צוּוואַרפען דעם הויכען גרויסען טהורם פון בבל, וואָס איהר האָט אויפגעבויט, און מען וועט פאַרברענען אלע אייערע גייסטיגע אוצרות וואָס איהר האָט פאַר זיי געשאַפען.

„מיד גלו הצדיקים את ראשיהם שהיו מכוסים", ווי די אלע גדולים האָבען דערזעהען דעם חורבן וואָס די „הנצנים" האָבען אָנגעמאכט, אזוי האָבען זיי גלייך אָפּגעדעקט זייערע פאַרבאָרגענע אידישע קעפּ, און גענומען איינזעהען דעם טעות וואָס זיי האָבען געמאכט, אייניגע האָבען נעבּיך פון גרויס שמערץ זעלבסטמאָרד באַגאַנגען, און די איבעריגע האָבען זיך גענומען קעהרען צוריק, צוריק אהיים!

„החודש הזה לכם", דער חודש איז „לכם", פאַר אייך. פאַר אייך. זיך צו פאַרטראַכטען אין איהם, און זעהן, אז עפּעס, עפּעס איז דאָך פאראַן א געהיימע מאכט און א באהאלטענער כוח וואָס לאָזט דאָס אידישע פאָלק ניט אונטערגעהן, ישראל בלייבט אונבאַזיגבאר! ער איז ניט קיין שטערב־

## דר. י. ל. שניצער

ליד פאָלק, ער איז ווי אן אידעע, אן אונשטערבליך וועזען, וועלכע די מענשען פאַראַכטען, פאַרפאָלגען מיט ווילדקייט, אָבער מען קען איהם ניט פאַרטיליגען, ישראל שטעהט אונטערן שטורעם ווינד ווי א דיקער טיעף־איינגעוואָרצעלטער דעמב, ניט איהם צו בויגען, און ניט איהם צו ברעכען!

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

מיר זאָגען ראש השנה און יום־כפור, אז תשובה, תפלה און צדקה, קענען אפילו א גזר דין אויך איבעראנדערשען. הייסט עס, אז די אלע דריי זאַכען שטעהען אויף איין משקל און האָבען איינע און די זעלבע אנער־קענונג. צום סוף לאָזט זיך גאָר אויס פונקט קאפויר. איינער מעג זיין א פרומער איד און א גרויסער בעל תשובה, נאָר זאָלאנג ער גיט קיין פאָר דאָלאר ניט, האָט ער קיין שום ווערדע ניט. פארקערט ווידער, א זינדיגער, וואָס האַלט פון קיין אידישקייט ניט, נאָר אז ער גיט די פאָר דאלאר, האַלט דער עולם פון איהם אן עולם ומלואו. פרעגט זיך די פראגע: פארוואָס האָט דער עולם אָנגענומען צדקה גרעסער ווי תשובה און תפלה?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם „חולה":

א מאַן איז זעהר קראנק געווארען, האָט די פאמיליע געבראַכט צו איהם א דאקטאר. דער דאקטאר האָט איהם אונטערזוכט, פאַרשריבען א רע־צעפּט, און אָנגעזאָגט אז מען מוז אויף איהם זעהר גוט אויפפאַסען, ווייל ער ליידעט אויף „טיפוס" און ער האָט זעהר א גרויסען פיבער.

איז נעבּיך געלעגען דער חולה, געזאָגט תהלים און תפלה געטהאָן צו דעם אויבערשטען אז ער זאָל איהם פון זיין קראנקהייט אויפהויבען. פלוצ־לונג האָט ער באמערקט, אז ער האָט אויפגעהערט צו זעהן, מען האָט גע־בראַכט דעם דאקטאר, ער האָט א טאַפּ געטהאָן דעם קראנקענס פולס און ער האָט א זאָג געטהאָן צו דער פאַמיליע:

„שרעקט זיך ניט, דאָס וואָס ער האָט אויפגעהערט זעהן, איז אלץ פון דעם פיבער, די היץ איז אריין אין זיינע אויגען, ווען די היץ וועט קלענער ווערען, וועט ער צוריק זיין ראיה באקומען".

אין א פאָר טעג ארום, האָבען די פאמיליע דערזעהען, ווי דעם חולה׳ס

## מענש און תורה

קערפער איז באדעקט געוואָרען מיט וואונדען, דער דאקטאר איז געקומען, אַ טאַפּ געטאָן דעם פולס און געזאָגט:

„דאָס איז גאָר נישט! ווען די היץ וועט ארונטערגעהן, וועלען די וואונדען אויך פאַרשווינדען!"

איין טאָג, ווען דער דאָקטאָר איז געקומען צום חולה און האָט א טאַפּ געטהאָן דעם פולס, האָט ער אויסגעשריען צו די קינדער:

„שנעל לויפט אין אפטייק און ברענגט מיר דעם מעדיצין וואָס איך האָב דאָ פארשריבען, אייער טאַטע איז זעהר שוואך געוואָרען, זיין פולס הערט אויף צו קלאַפּען!"

ווען דער חולה איז אביסעל בעסער געוואָרען, האָט א זוהן א פרעג געטהאָן דעם דאָקטאָר:

„זאָגט מיר נאָר דאָקטאָר, ווארום, ווען דער טאַטע האָט אויפגעהערט זעהן און ער האָט געקראָגען וואונדען אויף זיין קערפער, האָבען מיר זיך דערשראָקען און איהר ניט, אבער אז דער פולס איז שוואך געוואָרען, האָט איהר גענומען שרייען: אז מיר זאָלען שנעל לויפען אין אפטייק, ווייל דער טאַטע האַלט זעהר שמאָל, איז דען דער פולס חולאת ערגער ווי די אויגען און די וואונדען?

„יאָ מיין פריינד, זעהר פיעל ערגער!" האָט דער דאקטאר זיך אָבגע־רופען, „דער פולס, דאָס איז דער זייגער וואָס ווייזט אונז ווי די קראנק־הייט האלט. דיין טאַטע האָט פארלאָרען די ראיה, און געקראָגען וואונדען אויפ'ן קערפער, אבער זאָלאנג זיין פולס האָט געקלאפּט, האָב איך געפיהלט אז ער האָט לעבען אין זיך, אבער ווען זיין פולס האָט אָנגעהויבען שוואך צו ווערען, האָב איך מיך זעהר שטארק דערשראָקען".

צדקה, דאָס איז דער פולס פון דעם אידישען קערפער! מאנכע פאַר־לירען די ראיה, קריגען וואונדען אויפ'ן קערפער, ניט אזוי פרום, ניט אזוי אָבגעהיט, אָבער זאָלאנג דער פולס קלאַפּט און די האנט גיט, איז נאָך פאַראַן א אידישער פונק און א אידישען לעבען אין דעם קערפער!

# שבת הגדול

רעדט דער נביא אין גאָט'ס נאָמען צו די אידען אין היינטיגער הפטרה און פרעגט זיי:

„צי פּאַסט עס, אז א מענש זאָל באַ'גזלן זיין גאָט און זיין פאָלק? מיט דעם ניט געבען קיין מעשר און קיין תרומה באַ'גזל'ט איהר גאָט, און מיט דעם אויסרייד אז איהר ליידעט מאַנגעל און נויט באַ'גזל'ט איהר דאָס גאַנצע פאָלק.

„ברענגט אריין אלע מעשר צו גאָט אין שפּייכלער, זאָל זיין געננג באַהרונג אין זיין הויז, וועט איהר זעהן ווי ער וועט עפענען די פענסטער פון הימעל און אויסגיסען אויף אייך די פולע ברכה.

„ער וועט שיקען צו אייך אליהו הנביא, און ער וועט צוזאמענברענגען די הערצער פון די עלטערען צו די קינדער און פון די קינדער צו די עלטערען, כדי דאָס לאַנד זאָל ניט פאַרוויסטעט ווערען".

אָט אַזוי האָט דער נביא פון היינטיגער הפטרה איבערגעגעבען זיינע געדאַנקען וועגען דעם אידענ'ס לעבען און זיינע פליכטען.

ווי עס ווייזט אויס, זיינען שוין אין דעם נביא'ס צייטען אויך געווען אזעלכע אידען ווי מיר האָבען היינט — רייכע אידען, עגאָאיסטישע אידען, וועלכע פּאַשען בלויז זייער אייגענעם גוף, און ווען עס קומט צו צדקה, האָבען זיי א פארטיגען אויסרייד, אז זיי פאַרמאָגען ניט גענוג, זיי ליידען מאַנגעל, עס איז א דעפּרעסיע און נאָך אזעלכע תירוצים.

אָבער דאָס איז גזלה! — דונערט דער נביא — איהר באַ'גזל'ט גאָט און אויך דאָס גאַנצע פאָלק! ווארום א פאָלק וואָס זאָרגט ניט פאר זיינע אָרימע און האַלט ניט אויף זיינע אנשטאלטען, קען ניט עקזיסטירען.

און נאָכדעם ווי דער נביא האָט ארומגערעדט דעם עקאָנאָמישען צו־שטאַנד פון פאָלק, שטעלט ער זיך אָפּ אויף דעם גייסטיגען לעבען פון דער אידישער אומה און ער זאָגט צו זיי: אז גאָט וועט שיקען אליהו

הנביא, ער זאָל צוריקברענגען די הערצער פון עלטערען צו די קינדער, און די הערצער פון די קינדער צו די עלטערען.

דאָס מיינט, אז פריהער דארפען עלטערען האלטען אָפען זייער הארץ פאר די קינדער, אינטערעסירען זיך פאר די קינדער, אכטונג געבען אויף זיי, באווייזען זיי פאָטערליכע פריינדשאפט און געווינען זייער צוטרוי, דאן וועלען די קינדער געוויס צוריקברענגען זייערע הערצער צו די עלטערען.

אויב עלטערען ווילען אז דאָס קינד זאָל פאר זיי האלטען אָפען זיין הארץ, מוזען זיי פריהער עפענען זייער הארץ פאר איהם: זיי מוזען געווינען זיין צוטרוי און זיין ליבע.

ווייל דאָס פאַמיליען־לעבען און דאָס לעבען פון א פאָלק, זיינען איינס. א פאָלק קען נאָר דאן זיין גליקליך, ווען עס הערשט ביי זיי אחדות, גע־רעכטיגקייט, מאָראַל און בילדונג. פעהלען אָבער די אלע זאכען ביי זיי, אזוי מוזען זיי אונטערגעהן.

מיט דעם פאַמיליען־לעבען איז אויך דאָס זעלבע. מאַן און פרוי, עלטערען און קינדער, פיהרען צוזאמען א קליינע מלוכה׳לע, פיהרען זיי זייער מלוכה אין שלום און אין אחדות, רוהט די שכינה צווישען זיי און זיי לעבען גליקליך, ווען אבער זיי פארשטעהען ניט ווי אזוי צו פיהרען זייער מלוכה אין אָרדנונג, דאן הערשט דער טייפעל צווישען זיי.

קורץ, גאולה און שלום זיינען פאַרבונדען צוזאמען. די אויסלייזונג פון דאָס אידישע פאָלק און דער שלום פון דער פאַמיליע געהען האנד אין האַנד. ווען די הערצער פון די עלטערען און קינדער זיינען פאראייניגט, דאַן קען קומען די ריכטיגע גאולה פאר דאָס גאנצע אידישע פאָלק.

שבת הגדול, דו גרויסער הייליגער שבת, דו ביזט דער „יום הזכרון", דער עראינערונגס טאָג וואָס דערמאָנט די אידען אז די גאולה ליגט אין זייערע אייגענע הענד. „שלום, שלום לרחוק ולקרוב", פרידען צו די ווייטערע און פרידען צו די נעהענטערע. ווען דיביידע שלום׳ס וועלען זיין פאַראייניגט, דאן וועט די ריכטיגע גאולה קומען.

***

זאָגט א פרוי צו איהר מאן: „נאַ דיר געלד, מיין מאַן, און קויף מיר עפּעס א שעהנע הגדה אויף פסח". דער מאַן האָט צוגענומען דאָס קליינ־

## דר. י. ל. שניצער

געלד און איז געקומען אין א שטונדע ארום צוריק אָהן א הגדה און נאָך אַביסעל פאַרשנאַשקעט דערצו.

„וואו איז די הגדה?" — האָט די ווייב איהם א פרעג געהאָן.

„זי איז געבליבן אין שענק, — האָט דער מאַן איהר געענטפערט — איך האָב דערזעהן אין דער הגדה אזעלכע געהויבענע מענשען ווי ר' אליעזר, ר' עקיבא, ר' יהושע און ר' טרפון, האָב איך זיי מכבד געווען מיט אַביסעל בראנפען. איך, פאַרשטעהסטו מיך, האָב אַ שטאַרקע קאָפּ וועלכע קען פאַרטראָגען א שנעפסעל, בין איך פון שענק אוועקגעגאנגען, זיי אָבער האָבען, נעביך, שוואַכע קעפּלאך, זיינען זיי דאָרטען איבער־געבליבען."

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

לויט אונזער תורה, זיינען מיר אידען דעם אויבערשטענס געליבטענס פאָלק, „וארשתיך לי לעולם", ער האָט אונז פאר'קנס'ט אויף אייביג, באַטי־טעלט אונז מיט'ן נאָמען „אתה בחרתנו", זיין אויסערוועהלטעס פאָלק, „גוי קדוש", זיין הייליג פאָלק, „ממלכת כהנים" א פריסטער־פאָלק און נאָך אזעלכע שעהנע זיסע נעמען. צום סוף זעהן מיר, אז די אומות העולם, וועלכע מען האָט קיין קאָמפּלימענטען ניט געמאכט, לעבען זיך גליקלעך און צופרידען אויף דער וועלט, און מיר מיט אלע אונזערע קאָמפּלימענטען זיינען שטענדיגע וואַנדערער און ליידען צרות, מאַנגעל און נויט. פרעגט זיך די פראגע: וואָס טויג אונז די זיסע קאָמפּלימענטען, אז דער דלות פייפט ביי אונז אין הויז אין יעדען ווינקעלע?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם בן יחיד:

א רייכער מאַן האָט געהאט איין־איינציגען זוהן, וועלכער איז געווען זעהר צולאָזען, אז ער פלעגט צום ביישפּיל געהן אין חדר און פארבייגעהן דעם מאַרק, וואו די אָרעמע ווייבער זיינען געשטאַנען מיט עפּעל, מיט ניס און מיט נאָך אזעלכע זאַכען, פלעגט ער כאַפּען פון די קערב אדער פון די טישען פארשידענע נאשערייען און אנטלויפען.

די אָרעמע ווייבער האָבען געזעהן, אז זיי קענען מיט דעם ווילדען אינגעל גאָרנישט מאכען, זיינען זיי אוועק צום פאָטער און איהם דער־

# מענש און תורה

צעהלט וואָס פאר שעהנע מעשים זיין בן יחיד טהוט, און פאַרלאַנגט פון איהם, אז ער זאָל זיי באַצאָהלען פאר דעם היזק וואָס זיי האָבען געהאט פון דעם קליינעם כאַפּער.

דער פאָטער האָט זיך זעהר שטאַרק פאַרשעהמט פון זיין זוהנ׳ס אויפ־פיהרונג, ער האָט די ווייבער באַצאָהלט פאר זייער שאָדען און גענומען דעם בן יחיד מוסר׳ן און איהם ערקלעהרען, אז ער טהוט זעהר א גרויסען אונרעכט, דערמיט וואָס ער בארויבט די אָרימע מענשען, און איהם שטרענג אָנגעזאָגט, אַז פון היינט אָן און ווייטער, זאָל עס מעהר ניט טהון.

אָבער די מוסר האָט דעם אינגעל גאַנץ ווייניג וואָס געהאָלפען, ער האָט געכאַפּט פון די קערב און פון די טישען אזוי ווי פריהער, האָט דער פאָטער זיך מישב געווען, ער וועט אָנווענדען אַן אַנדער מעטאָדע דעם אינגעל אויסצוקורירען, ער האָט צוגערופען דעם אינגעל צו זיך און צו איהם געזאָגט:

„מיר געפעהלט ניט וואָס דו געהסט אין חדר ווי אלע אינגלאַך. ניין, מיין זוהן! אַזאַ טייער קינד ווי דו ביזט, אַזאַ וואוילער, אזא גוטער, דאַרף געהן אין חדר מיט פּאַראַד, פון היינט אָן און ווייטער וועלען די כלי־זמרים פון שטעדטעל דיך באַגלייטען אין חדר, ווי עס פּאַסט פאר אזא רייכען אינגעל, ווי דו ביזט״.

און אזוי איז געווען. דער פאָטער האָט געשיקט נאָך די כלי־זמרים און זיי האָבען געפיהרט דעם אינגעל אין חדר, שפּילענדיג אויף זייערע אינסטרומענטען. פאַראויס איז געגאַנגען דער בדחן און אויסגערופען: „תנו כבוד״, מאכט א וואַרע פאר דעם פיינעם בחור׳ל, וועלכער שטאַמט פון גרויסען יחוס, פון דער גאָלדענער פאָהן, מיר פיהרען איהם איצט אין חדר צו זיין רבי׳ן לערנען תורה״.

ווען דער אינגעל האָט געזעהן וואָס פאר א כבוד מען גיט איהם אָפּ, האָט ער זיך שוין געשעהמט צו געהן כאַפּען עפּעל פון מאַרק, ער האָט אָנגעהויבען צו סטאטקעווען.

דער בעסטער וועג צו היילען א מענשען פון שלעכטע מעשים, איז צו ערהויבען זיין זעלבסט־רעספּעקט, דעריבער האָט דער אויבערשטער אונז פאַרשאָטען מיט קאָמפּלימענטען, כדי מיר זאָלען זיך ערהויבען פון אלע פעלקער און ווערען פאָרטגעשריטענע מענשען.

# פסח

איבער דער אידישער גאַס שוועבען די מלאכים פון פרידען און גליק, די טיפע קנייטשען פון דער טאָג־טעגליכער זאָרג פאַנגען זיך אָן אויף די פּנים׳ער אויסצוגלעטען, די מלכה האָט די אָרעמע וואוינונג אין א פּאַלאַץ פאַרוואַנדעלט און דער מלך זעצט זיך אויף זיין הסב־בעט און געהט זאָגען מיט באגייסטערונג די אלטע הגדה.

עס איז די הגדה וואָס מיר האָבען שוין געזאָגט מיט דריטהאלבען טויזענט יאָהר צוריק אין בבל, עס איז די הגדה פון רבי אליעזר מיט זיינע חברים אין דער שטעדטעל „ברק״, עס איז די הגדה וואָס מיר אידען זאָגען אין דער גאַנצער וועלט, אונטער אלע אומשטענדען.

עס איז די ערצעהלונג פון א פאָלק, וואָס איז געווען פאַרשקלאַפּט הונדערטער יאָהרען און האָט ענדליך דאָך צובראָכען די קייטען און זיך ארויסגעריסען אויף דער פרייהייט.

דאָס איז א פאַרצווייפעלטער געשריי פון „שפוך חמתך״, א רעזולטאט פון קנאה, שנאה און האַס און א געראנגעל, געגען שונאים און אונטער־דריקער.

„הא לחמא עניא״ — דאָס איז די לחם עוני פון דעם אידענ׳ס פאַרגאַנגענהייט און אויך פון זיין געגענוואַרט, א פאָלקס־געשיכטע פון דער אַלטער צייט, ביז דעם איצטיגען מאָמענט. מיר זאָגען די הגדה ניט נאָר פון דעם וואָס איז אמאָל געווען, נאָר מיר זיפצען אויך אויף דעם איצטיגען גלות, וואָס די איצטיגע לחם עוני איז אויך דורכגעמישט מיט מרור און מיט ביטערניש.

די ימים־טובים זיינען אונז געגעבען געוואָרען, מיר זאָלען זיך דערמאָנען אויף געוויסע פּאַסירונגען, און די וויכטיגסטע פון אלע פּאַסירונגען אין דעם אידישען לעבען איז געווען יציאת מצרים, די באַפרייאונג פון דעם אידישען פאָלק פון עגיפּטישע שקלאַפעריי, און ווען מיר זיינען געקומען

## מענש און תורה

אין אונזער לאַנד און געלעבט דאָרטען רוהיג און צופרידען, האָט דער יום־טוב ביי אונז געהייסען „חג המצות", ווייל די מצות, דאָס אָרעם ברויט איז געווען דער עיקר זכרון פון דעם אמאָליגען גלות.

ווען מיר האָבען אָבער אָנגעהויבען צו וואַנדערען אין דעם איצטיגען גלות, האָט דער לחם עוני אויפגעהערט צו זיין א זכרון, ווייל די גאַנצע אידישע פרנסה אין גלות איז א לחם עוני... האָבען מיר געפונען אן אנדער זכרון צו דערמאָנען אויף דער גרויסער געשעהעניש פון אונזער אַמאָליגער באַפרייאונג, דעם זכרון האָבען מיר א נאָמען געגעבען „פסח" איבערהיפען, מען האָט אמאָל איבערגעהיפט די אידישע הייזער אין מצרים אין דער צייט פון דער אַמאָליגער מגפה, און מען היפט אויך איצט איבער די אידישע הייזער פון דער מאָדערנער מגפה וואָס רופט זיך אנטיסעמי־טיזם, ווייל מיט אלע גזרות, רדיפות און מגפות וואָס אונזערע שונאים שיקען אויף אונז אָן, ווערען די אידישע הייזער איבערגעהיפט און מיר לעבען און עקזיסטירען.

די תורה האָט גערעדט פון א חג המצות מיט לחם עוני פאר א פאָלק, וואָס איז געווען פריי און אומאָפּהענגיג אויף זיין לאַנד; און מיר האָבען פון דעם יום־טוב געמאכט אין גלות א פסח.

ווייל אין קיין אנדער יום־טוב ווייזט זיך ניט ארויס אזוי שאַרף די אומזיכערקייט פון דעם אידען אין גלות ווי אין פסח. אין שפּאַניען פלעגט די אינקוויזיציע אַריינרייסען זיך אין די קעלערען, ווי נאָר פסח, צום סדר, אין די אלטע היימישע שטעדט און שטעדטלאך, ווארפט מען זיך נאָך היינט אויך ארויף אויף די אידען פסח, מיט דעם באקאנטען „עלילת־דם" געשריי, און דאָך לעבען מיר און עקזיסטירען, ווייל „שפסח הקב"ה על בתי אבותינו", דער אויבערשטער האָט איבערגעהיפט די הייזער פון אונזערע עלטערען אין מצרים, און ער היפט אויך איבער אונזערע איצטיגע אידישע הייזער, מיט די אלע רדיפות, רציחות און פּאָגראָמען וואָס מיר אידען ליידען דורך יאָהר־יעהרליך אין די פאַרשידענע גלות לענדער, דאָך עקזיסטירען מיר און וועלען עקזיסטירען!...

און ווען אַ איד זיצט פסח צום סדר, אָנגעלעהנט אויף זיין הסב־בעט און דערצעהלט זיינע קינדער די נסים פון יציאת מצרים, דאַרף ער אויך ניט פארגעסען צו דערצעהלען זיינע קינדער פון דעם פסח אין גלות,

## דר. י. ל. שניצער

אויפמונטערען זיי און וועקען אין זיי זייער נאַציאָנאַלען געפיהל און דער־צעהלען זיי, אז די אמאָליגע גאולה האָט דער „בנערינו ובזקנינו” געבראַכט, ווייל די יוגענד מיט דער עלטער זיינען געווען פאראייניגט.

***

פסח, מצה ומרור:

פסח איז געגליכען צו א מאָדערנע לויה, א גרויסע הוצאה און א קליינע הנאה.

מצה איז געגליכען צו מאַנכע רעדנער, אָהן זאַלץ, אָהן געשמאַק, אָהן טעם, אָהן ריח און — קנאַקען!

מרור איז א זאַך וואָס די אָרעמע האָבען עס א גאַנץ יאָהר און די רייכע אפילו פסח אויך ניט.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

מילא מיר עסען פסח צום סדר מרור און חרוסת, איז דאָס גאַנץ פאַרשטענדליך. מרור עסען מיר, ווייל פרעה האָט אונז אמאָל פארביטערט דאָס לעבען און חרוסת אלס אנערקענונג פון אמאָליגע ציגעל און ליים וואָס מיר האָבען אין מצרים געקנאָטען, אָבער דעם ענין פון עסען מצה, דאָס פארשטעהט ער ניט, וואָס פאר א וויכטיגקייט ליגט דאָ אין דעם צי די טייג איז יאָ זויער געוואָרען אָדער ניט? איז צוליב אזא נאַריש־קייט דאַרף מען א גאַנצע וואָך קייען טרוקענע מצה?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם איידעם:

א גרויסער גביר האָט געזוכט פאר זיין בת יחידה א חתן ער זאָל זיין מיט אלע מעלות: א שעהנער, א קלוגער, א משכיל און נאָך א למדן אויך דערצו. איז ער אומגעפאָהרען פון איין ישיבה צו דער צווייטער, געזוכט און גענישטערט, אָבער ער האָט אַזאַ בחור ניט געקענט געפינען.

דאַרף זיך טרעפען, אז ער איז אַמאָל געקומען אין א דאָרף און האָט דערזעהן ביי אן אָרעמען ישוב׳ניק א בחור׳ל א צאַצקע, ריכטיג נאָך זיין געשמאַק נאָך, שעהן, קלוג, געבילדעט אין וועלטליכע זאַכען און נאָך

# מענש און תורה

א גרויסער למדן אויך דערצו. קיין בעסערען איידעם האָט ער זיך גאָרניט געקענט ווינשען. איז דער גביר גלייך אוועקגעפאָהרען אהיים, געבראכט זיין פרוי און זיין טאָכטער און דער חתן איז זיי אויך געפעלען געוואָרען.

דער גביר איז געווען אזוי שטאַרק פאַרקאַכט אין דעם שידוך, אז ער האָט פאַרלאַנגט, אז מען זאָל גלייך אויף אַן אָרט שטעלען א חופה, האָט דער ישוב׳ניק צו איהם געזאָגט:

— גיט מיר וויי׳ניגסטענס א פאָר טעג צייט איך זאָל צוגרייטען עפּעס וואָס אויף דער חתונה, מעהר ווי שווארצע ברויט און זויער־מילך געפינט זיך ביי מיר ניט, טאָ ווי פאַסט עס פאר אייער כבוד צו פראַווען א חתונה מיט אזעלכע גראָבע מאכלים?

— עס מאַכט ניט! עס מאכט ניט! האָט דער גביר איהם געענט־פערט, דיין בחור׳ל געפעלט מיר אזוי שטארק, דאָס דיין שווארץ ברויט מיט די זויער־מילך וועט מיר בעסער שמעקען ווי די טייערסטע געריכטען.

דער גביר האָט ארויסגענומען פון זיינע רייזע־זעק טייערע קליידער פאר׳ן חתן, און האָט געהייסען זיין משרת, אז ער זאָל דעם חתנ׳ס אלטע קליידער פאַרפּאַקען אין א פעקעל און מיטנעהמען אהיים. דער חתן האָט גראדע געהערט וואָס דער גביר האָט זיין משרת געהייסען טהאָן, האָט ער גענומען א שטיק שווארצע ברויט און אריינגעלייגט אין א קעשענע פון זיינע אלטע קליידער, וועלכע דער משרת האָט פאַרפּאַקט מיטצונעמען אהיים.

א צייט שפּעטער, ווען דער איידעם האָט זיך צוואווערטעלט מיט׳ן שווער, האָט דער שווער ארויסגענומען דעם פעקעל אלטע קליידער און געזאָגט צום איידעם:

— זיי ניט ביי זיך אזוי גדול׳דיג מיין זיסער, ליבער איידעם! דו זעהסט אין וועלכע שמאַטעס איך האָב דיך געפונען?

— אמת טאקע, ביי מיין טאַטען פלעג איך אומגעהן אין שמאַטעס — האָט דער איידעם זיך צו איהם אָפּגערופען — אָבער געדענקט איהר ווי איהר האָט זיך געאיילט מיך צו קריגען פאר אַן איידעם, אז איהר האָט אפילו אויף קיין ריכטיגען מאָלצייט ניט געוואָלט וואַרטען? ביי אייך איז רעכט געווען מיט שווארצע ברויט און זויער־מילך פראַווען די חתונה.

# דר. י. ל. שניצער

דערביי האָט ער אַרויסגענומען דאָס שוואַרע שטיק ברויט פון קעשענע און איהם געוויזען, אז ער האָט אויך א זכר.

דער זכר פון די מצה מאכט אונז זעהר שטאָלץ, מיר ווייזען דעם אויבערשטען ווי שטאַרק ער האָט זיך געאיילט צו האָבען אונז פאר א פאָלק, אז ער האָט ניט געוואָלט ווארטען, אז אונזערע טייג זאָל זויער ווערען, אָט דאָס איז אונזער שטאָלץ.

# תזריע מצורע

„תזריע־מצורע" — זאָמען און אויסשלאג!ביידע געהען גאַנץ אָפט צוזאַמען און פאַרפלייצען אונזער וועלטעל מיט זינד און פאַרברעכען.

אַמאָליגע צייטען פלעגען אידישע עלטערען חלום'ען פון „תורה־ליכט", זייער זוהן וועט זיין א רב, א גאון, וואָס וועט באלייכטען מיט זיין תורה זייערע פיער ווינקעלאך.

איצטיגע טאַטע־מאַמע חלום'ען פון „פיזישער־ליכט". זייער זוהנ'ס מוסקולען ווערען, גאָט צו דאַנקען, זעהר שעהן ענטוויקעלט, ער וואַקסט א באַל־שפילער, א פייטער און א ראַנגלער.

אין די גוטע צייטען, ווען טאַטע־מאַמע האָבען דעם צוקינפטיגען „ארענע־העלד" אויסגעהאלטען מיט אלעס, איז נאָך געווען כלומר'שט צו דערליידען. ווען עס האָט זיך אָבער אונטערגערוקט דער קריזיס און טאַטע־מאַמע קענען מעהר אזוי פיעל ניט געבען, האָט דער פיזישער העלד זיך אויסגעקליבען זיין אייגענע סביבה און איז ארויף אויף דער ארענע פון דער אונטער־וועלט.

„תזריע מצורע" — זאָמען און אויסשלאג, וואָס פאר אן ערציהונג אַזאַ מין בליהונג.

***

פרקי אבות.

שוין דעם צווייטען שבת ווי מיר פאַרטיפען זיך אין די לעקציעס פון די גרויסע לעהרער, אין די זאגעס פון די פאָטערס פון דעם גייסטיגען אידענטהום. „פרקי אבות" איז ניט קיין ספר פון רעליגיעזע געבאָטען, נאָר א בוך פון עטיק, וואָס לערענט מאָראל, שעהנע מדות און דרך ארץ, א לעהרע וואָס איז נויטיג פאַר דעם ניט פרומען פונקט ווי פאר דעם פרומען.

# דר. י. ל. שניצער

דריי כללים האָבען געגעבען די חכמים פון דער כנסת הגדולה: זייט געלאַסען מיט אייער אורטהייל, לערענט אויך אנדערע צו געהן אויפ'ן גלייכען וועג, פאַרצאַמט אייערע ליידענשאפטען, אז איהר זאָלט קיין אומ־רעכט ניט באַגעהן געגען די געזעצע פון דער נאַטור!

שמעון הצדיק פלעגט זאָגען: א מענשענ'ס וועלטעל און זיין עקזיס־טענץ, איז באַגרינדעט אויף דריי זאַכען: בילדונג, טהאָן נוצליכע ארבייט און האָבען פריינדליכע באַציהונגען מיט זיינע מיט־מענשען.

אנטיגנוס פון סוכו פלעגט זאָגען: ווען איהר ארבייט פאר א בעל הבית, האָט ניט אין זינען בלויז די שכירות, נאָר טהוט אייער ארבייט עהרליך און האָט גאָט אין האַרצען.

יוסי בן יועזר פלעגט זאָגען: מאַך דיין הויז פאַר א צענטער פון געלעהרזאמקייט, וואו געבילדעטע לייטע זאָלען זיך ביי דיר פאַרזאַמלען, קוק זיך צו צו זיי, הער זיך איין וואָס זיי ריידען, וועסטו אויך עפּעס לערנען.

יוסי בן יוחנן פלעגט זאָגען: האַלט דיין הויז אָפען פאר יעדען וואָס קומט צו דיר בעטען א טובה. די אָרימע לייט וואָס ארבייטען פאר דיר זאָלען זיין אייגענע מענשען (ניט קיין גוים), פאַרברענג ניט צופיעל אין פרויען געזעלשאפט, ווייל דאָס וועט רואינירען דיינע געשעפטען און פיהרען צו א סקאַנדאַל.

יהושע בן פרחיה און נתאי דער ארבעלער פלעגט זאָגען: ווי געבילדעט א מענש זאָל ניט זיין, דאַרף ער אלץ א לעהרער און א חבר האָבען. אורטהייל א מענשען אימער פון דער גוטער זייט. אנטלויף פון א בייזען שכן און פיהר ניט קיין חבר'שאַפט מיט א שלעכטען מענשען. ווען עס טרעפט דיר אן אומגליק פאַרצווייפעל ניט און פאַרליר ניט דיין מוטה.

הלל פלעגט זאָגען: דו זאָלסט זיך אָנשליסען אָן די תלמידים פון אהרן הכהן, וועלכער איז געוועזן א פריינד פון פרידען. דער וואָס יאָגט זיך נאָך א גרויסען נאָמען, פאַרלירט דעם אלטען גוטען נאָמען וואָס ער האָט. און דער וואָס דענקט אז ער האָט שוין גענוג געלערענט, פאַרגעסט אפילו דאָס אלטע ביסעל לומדות, וואָס ער האָט געהאַט. אויב א מענש זאָל פאַר זיך אליין ניט זאָרגען, טאָ ווער וועט פאר איהם זאָרגען? אויב א מענש אָבער זאָרגט נאָר פאר זיך אליין, טאָ וואָס פאַר א בריאה איז

# מענש און תורה

דאָס? אויב דער איינציגער איך איז דאָ, איז אלעס דאָ, אבער ווען דער איינציגער איך איז ניטאָ, דאַן איז קיינער ניטאָ!...

רבי פלעגט זאָגען: דער ריכטיגער וועג איז צו טהאָן אזעלכע זאכען, וואָס איז שעהן פאר גאָט און שעהן פאר לייטען. קליינע וואוילטהעטיג־קייטען זיינען אזוי גוט ווי גרויסע, ווייל מיר מענשעלאך קענען ניט אָבשאַ־צען וואָס עס איז גרויס און וואָס עס איז קליין אין דעם אויבערשטענס אויגען.

רבי יעקב האָט געזאָגט: דער גלות איד וואָס וואנדערט אין וועג פון איין לאַנד צו דער צווייטער, און ער האָט געלערענט די אידישע תורה און ווייס וועלכע טייערע פערעל עס געפינען זיך דאָרטען, פלוצלונג האָקט ער אָפּ די אידישע לעהרע און זאָגט: אך, ווי שעהן איז דער בוים! ווי שעהן איז דאָס פעלד! דאָס הייסט, ער נעהמט באַוואונדערען די שעהנקייט פון פרעמדע בוימער, פון פרעמדע פעלדער און שטעלט זיך אונטער דער השפּעה פון א פרעמדער אמונה, פרעמדע מנהגים, פרעמדע זיטען, פרעמדע יום־טובים, פרעמדען גליק און פרעמדען צער. אָט אַזאַ איד איז — „כאלו הוא מתחייב בנפשו", ווי ער וואָלט זעלבסטמאָרד באַגאַנגען.

דאָס איז בלויז א טהייל פון די פּערעלדיגע געדאנקען פון די זעקס פּרקים אָדער לעקציעס וואָס די אלטע לעהרער האָבען אונז געגעבען. יעדער פּרק ענטהאלט אן אוצר פון שעהנע געדאנקען איבער מאָראל, גוטע זיטען און איבער באַנעהמונגען צווישען גאָט און מענש און אויך צווישען מענש און מענש.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „כך היא דרכה של תורה", דאָס איז די וועג פון דער תורה: ברויט מיט זאַלץ עסען, וואַסער מיט א מאָס טרינקען, שלאָפען אויף דער ערד און זיצען און לערנען. צום סוף לאָזט זיך אויס פונקט קאפויר! דער רב זיצט זיך אין א ליכטיגער וואַרימער הויז, שלאָפט אין א ווייכע בעט, עסט זיך א געשמאַקען מאכל, און איך, ניט דער למדן, בין נאָר מקיים די „דרכה של תורה". איך עס ברויט מיט זאַלץ, שלאָף אויף

# דר. י. ל. שניצער

דער ערד און ווער אויסגעריסען. פרעגט זיך א פראגע: ווארום האָט זיך פאַרביטען די יוצרות?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע „צוויי טרעגער":

צוויי טרעגערס, שווערע משא שלעפּערס, האָבען זיך אוועקגעזעצט באַגינען לעבען דעם רב׳ס הויז און געוואַרט אז יעמאנד זאָל זיי רופען עפּעס וואָס צו טראָגען. דער רב איז געזעסען און געלערענט און זיך זעהר שעהן אונטערגעזונגען. זאָגט איין טרעגער צום צווייטען:

— דו הערסט ווי דער רב האָט זיך צוזונגען? איך מאַך א וועט ווען ער וואָלט געדאַרפט טראָגען אזעלכע שווערע משא ווי מיר טראָגען, וואָלט ער שוין ניט אזוי געזונגען. מיר ארבייטען שווער און ביטער און ער לעבט פון אונזער פּראַצע.

דער רב האָט גראדע געהערט זייער געשפּרעך, איז ער ארויסגע־גאַנגען, אריינגערופען זיי צו זיך אין הויז און זיי א פרעג געטהאָן:

„וויפיעל פארדינט איהר א טאָג, מיינע ליבע אידען?"

„צוויי רובעל, רבי! און אַמאָל נאָך ווייניגער", האָבען זיי איהם געענט־פערט.

„איך האָב פאר אייך ארבייט מיינע ליבע אידען! איהר וועט ביי מיר אויך פארדינען צוויי רובעל א טאָג".

„וואָס איז דאָס פאר א מין ארבייט, רבי?" האָבען זיי איהם א פרעג געטהאָן.

„ניט צו קיין שווערע אַרבייט. דאָ האָט איהר אַ תהלים און זעצט זיך אוועק זאָגען תהלים, אָבער איהר מוזט ארבייטען עהרליך אידען און זאָגען די תהלים מיט גרויס כונה".

די צוויי טרעגער האָבען גענומען זאָגען תהלים. די ערשטע פּאָר שטונדען האָבען זיי נאָך געזאָגט מיט כונה, אבער וואָס ווייטער און ווייטער איז די ארבייט אלץ שוואַכער געוואָרען. זיי האָבען אָנגעפאנגען אונ־טערצובורטשען שטילערהייט, און צייטענווייז זיינען זיי אין גאנצען שטיל געוואָרען. אָבער דער רב איז אלע ווײלע אריינגעקומען און געזאָגט:

„ארבייט עהרליך אידען! ארבייט עהרליך. פאַרגעסט ניט אז איהר קריגט באַצאָהלט דערפאַר".

# מענש און תורה

ווען דער רב האָט זיי באַצאָהלט פאַר זייער טאָג ארבייט, גיט ער זיי א פרעג:

„וועט איהר מאָרגען אויך קומען זאָגען תהלים אידען?"

„ניין רבי! ניין!" האָבען די טרעגער אויסגערופען. „מיר וועלען ליבערשט שלעפען די שווערסטע פעק איידער צו טהאָן אַזאַ מין ארבייט. מיר זיינען פון היינטיגען טאָג מעהר פארמאטערט געוואָרען, ווי פון א שווערען טאָג ארבייט אין גאַס. אפילו פאר פינף רובעל א טאָג נעהמען מיר זיך אויך ניט אָן צו טהאָן אזעלכע ארבייט".

„היינט זעהט איהר, אידען, אז מיינע ארבייט איז פיעל שווערער ווי אייערע?" האָט דער רב צו זיי געזאָגט. „דעריבער זאָלט איהר מיך נאָכ־אַמאָל ניט מקנא זיין".

# ל״ג בעומר

ווען מיר בלעטערען דורך אונזער טרערען און מארטיראָלאָגיע בוך, וועלכעס איז אָנגעזאפּט און דורכגעווייקט מיט דעם בלוט פון אונזערע קדושים, צדיקים און חסידים, וועלכע האָבען אויסגעשטרעקט זייערע העלזער און געשטאָרבען אויף קדוש השם, ערשיינען פאַר מיינע אויגען די ל״ג בעומר העלדען, רבי עקיבא׳ס תלמידים גאָר אין אן אנדער געשטאַלט און אין אן אנדער פאַרב.

מיר זיינען איינגעוואוינט אָנצורופען יעדען תלמיד חכם ישיבה־מאַן וואָס ליגט צוזאמענגעקוועטשט אין די „ד׳ אמות של הלכה״, מיט׳ן נאָמען „בטלן״, מיר האלטען כמעט אונזערע לומדים פאר אסקעטען (נזירים), וועלכע קענען ניט די וועלט און האָבען ניט קיין שום פאַרקעהר מיט׳ן רעאַלען לעבען אין גאַס.

איינגעבויגען זיינען זייערע רוקענס פון צופיעל זיצען אויף דער בית־המדרש באַנק, צודאַרט און צוטריקענט איז זייער קערפּער פון צופיעל פאַרברענגען אין דער שטיקענדער ענגער חדר לופט, פאַרטראַכט און ני־דערגעשלאָגען זיינען זיי פון צופיעל גריבלען זיך אין די אלטע הייליגע ספרים.

דערפאר זיינען אין דעם פינפטען און אין דעם זעקסטען יאָהר־טויזענט פארטיליגט געוואָרען די גרעסטע אידישע קהלות, ווי קעלן, שפּייער, נעמיראָוו, טולטשין און נאָך אזעלכע קהלות, ווייל אונזערע גייס־טיגע פיהרער פון יענער צייט, האָבען אונז געלערענט זיך ניט צו פאר־טיידיגען געגען די אכזריות׳דיגע מערדער, נאָר מקבל באהבה זיין דעם אויי־בערשטענס משפּט און זיך לאָזען אויס׳שחט׳ען מאסענווייז אָהן א ווידער־שטאַנד.

גאַנץ אַנדערש אָבער האָבען געהאנדעלט די תלמידים פון רבי עקיבא, די לומדים פון די ישיבות: בני ברק, לוד און יבנה. זיי האָבען געוויזען,

# מענש און תורה

אז ניט בלויז תורה אליין קענען זיי לערנען, נאָר זיי קענען אויך קעמפען מיט׳ן שונא אויפ׳ן קריגס־שוי־פּלאַץ. זיי האָבען געוויזען, אז זיי זיינען ניט בלויז בוך־מענשען אליין, נאָר זיי האָבען אויך א חוש און פארשטענ־דעניש פאר׳ן פּראַקטישען לעבען און קענען אויך פארטיידיגען זייער פאָלק, זייער לאַנד און זייער פרייהייט.

איך זעה פאר מיינע אויגען די הענט, וואָס האָבען געהאלטען אונזער תנ״ך און געוועבט ארום איהם א נעץ פון מדרש, הלכות און אגדות, האַל־טען שווערדען און שפּיזען און קעמפען געגען די שטאָלצע רוימישע לעגיאָ־נען הינטער די טויערען פון דער פעסטונג „ביתר״. איך הער ווידער פון די מיילער וועלכע האָבען געלערענט אונזער הייליגע תורה, ווי זיי וואַרפען זיך אויפ׳ן שונא מיט דעם אויסגעשריי: „חרב לד׳ ולעמו.״

הגם ל״ג בעומר איז ביי אונז א יום־טוב אָהן דערקלערונגען און אָהן א רעליגיעזען אונטערשלאג, דאָך אָבער איז ער ביי אונז זעהר הייליג און טייער. עס איז א באגייסטערענדער יום־טוב פאר אונזער יונגוואַרג, וועלכע פארלאָזען זייערע חדרים און באַוואפענען זיך מיט הילצערנע שווער־דען און שפּיזען און מארשירען אין וואַלד אָדער אין פעלד ווי סאָלדאטען, זיי ווייזען דערמיט, אז זיי זיינען גרייט צו פאַרבייטען דאָס ספר אויף א שווערד, דאָס טייטעל־העלצעל אויף א שפּיז, צו פארטיידיגען די עהרע פון פרייהייט פון זייער פאָלק.

מיר געפינען אין אונזער תנ״ך, אז נאָך דער בלוטיגער שלאַכט אויף דעם בארג „גלבוע״, ווען עס איז געפאַלען דער ערשטער אידישער קעניג שאול און זיין זוהן יונתן, האָט דער שפעטערדיגער קעניג דוד געמאַכט א הספד אויף די געפאלענע און האָט א זאָג געטהאָן:

„ללמד בני יהודה קשת״, מען זאָל לערנען אידישע קינדער צו שיסען פון בויגען, דאָס הייסט, אז אידישע קינדער מוזען זיך לערנען ווי אָנ־צוגעהן מיט פייל און בויגען, כדי זיך צו פארטיידיגען געגען די שונאים.

ל״ג בעומר! דו ביזט א שעהנער יום־טוב! א פאָלקסטימליכער יום־טוב! אין דיר שפּיגעלט זיך אָפּ דער גייסט פון אונזערע אמאָליגע תורה־העלדען, ווי אויך די האנדלונגען פון אונזערע אמאָליגע קינדער פון ביתר, וועלכע האָבען געשריען: „אם יכנס האויב לכאן אנו דוקרים אותו בחטרינו״, אויב דער שונא וועט זיך אהער אריינרייסען, וועלען מיר איהם

# דר. י. ל. שניצער

דערשטעכען מיט אונזערע „אלף־בית טייטלען!" לײדער זעהען מיר ניט אין היינטיגע דורות אזעלכע אידישע באגייסטערונגען.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

מיר זאָגען אין די „אָבינו מלכנו׳ס": „תהא השעה הזאת שעת רחמים ועת רצון מלפניך", די שטונדע זאָל זיין א שטונדע פון בארעמהערציגקייט און פון גוטען ווילען. פרעגט זיך די פראגע: וואָס עפעס די שטונדע זאָל זיין א באַרעמהערציגע?... און אז איינער זאָגט אבינו מלכנו א פאָר שטונדען שפּעטער, הייסט עס, האָט שוין גאָר קיין ווערטה ניט?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט רב כאצקעל האנאָווער:

רב כאצקעל האנאָווער איז געווען א איד א גביר און האָט געשפּילט זעהר א רייכע ראָלע. אויסער וואָס ער איז געווען דער גרעסטער סוחר אין דער גאַנצער געגענד ארום, איז ער נאָך געווען דערצו זעהר א פריי־גיביגער מענש, וועלכער האָט קיין רובעל ניט געזשאלעוועט.

אז ער פלעגט פאָהרען, צום ביישפּיל, אויף א יאַריד און זיך אָפּ־שטעלען אין א קרעטשמע, פלעגען די משרתים פאר איהם די גרעסטע וואַרע מאַכען. ער האָט געמעגט אָנקומען אין קרעטשמע אפילו אין מיטען דער נאַכט, פלעגען די משרתים עפענען פאר איהם די טיר, געבען איהם א שעהנעם צימער צו שלאָפען און מאכען פאר איהם א גוטע וועטשערע, ווייל זיי האָבען שוין געוואוסט, אז רב כאצקעל האנאָווער וועט זיי זעהר שעהן באַפרידיגען דערפאַר.

דאַרף זיך טרעפען, אז דאָס רעדעל האָט זיך א דרעה געטהאָן און רב כאצקעל האנאווער האָט זיין גאַנצע געלט פארלאָרען, ער האָט געעפענט א קליין געוועלבעל און פון דעם האָט ער זיין חיונה געצויגען. פארשטעהט זיך דאָך שוין, אז פון פאָהרען אלס גרויסער סוחר אויפ׳ן יאַריד איז אָפּגערעדט געוואָרען, ווייל דערצו האָט מען געדארפט האָבען א סך געלט און פון זיין אָרעמע קרעמעל האָט ער קוים, קוים אויף חיונה געצויגען.

מיט איניגע יאָהר שפּעטער, האָט ער ביי זיך א קלעהר געטהאָן, מען דאַרף דאָך פאָהרען אמאָל אויפ׳ן יאַריד, אפשר, אפשר וועט דער אוי־

# מענש און תורה

בערשטער איהם צוריק אויפריכטען, האָט ער מיט גרויס שוועריגקייטען צוזאַמענגעקליבען א פּאָר רובעל, געדונגען א בעל עגלה און איז געפאָהרען אויפ׳ן יאַריד.

אָפּגעפאָהרען א שטיק וועג, האָט ער געבעטען דעם בעל עגלה, אז ער זאָל זעהן וואָס גיכער צו פאָהרען, ווייל ער וויל ניט ארייגפאָהרען צו שפּעט אין דער נאַכט און יענע און יענע קרעטשמע. האָט דער בעל עגלה איהם א פרעג געטהאָן:

„איך זעה ניט איין רב כאצקעל, ווארום איהר איילט זיך אזוי? איך געדענק, אז מיט איינינגע יאָהר פריהער זייט איהר אויך געפאָהרען מיט מיר אויפ׳ן יאריד און מיר זיינען אָנגעקומען אין קרעטשמע איינס א זייגער נאָך האלבע נאכט, פון דעסטוועגען האָט איהר מיר קיין וואָרט ניט געזאָגט, און איצט האלט איהר מיר אין איין יאָגען. פאַרוואָס יאָגט איהר מיך אזוי, רב כאצקעל?"

„איך וועל אייך זאָגען — האָט רב כאצקעל איהם געענטפערט — אַמאָל בין איך, א רייכער מאן געווען, געלט האָט ביי מיר קיין ראָלע ניט געשפּילט, פארשטעהט איהר דאָך שוין, אז פאר א רייכען מאַן האָט מען געעפענט די קרעטשמע אפילו נאָך האלבע נאכט אויך, און מען האָט נאָך פאר מיר א גוטע וועטשערע אויך געמאכט. איצט אָבער, בין איך אן אָרעמאן אן אביון, און אז איך וועל קומען שפּעט אין קרעטשמע וועט מען פאַר מיר די טיר ניט עפענען, און קיין וועטשערע פאר מיר געוויס ניט מאַכען, דעריבער אייל איך מיך צו קומען אין די שטונדע ווען די קרעטשמע איז נאָך אָפען".

אמאָל זיינען מיר געווען רייך אין תורה און אין מעשים טובים, פלעגט מען עפענען פאר אונז די „שערי שמים", די טויערען פון הימעל אין יעדער צייט און מיר האָבען קיין באַשטימטע שטונדע ניט געדארפט האָבען.

איצט אָבער זיינען מיר ארעמע לייט, אביונים, בעטען מיר דעם אויבערשטען, אז מיר זאָלען טרעפען א „שעת רחמים", א „שעת רצון", א געוויסע שטונדע וואו מיר זאָלען קענען איבערכאַפּען אביסעל אונזער הארץ.

# בהר

**בהר סיני !**

עס זיינען פאַראַן פיעלע מענשעלאך זאָגאר צווישען אידען, וואָס פילאָזאָפירען און זאָגען אז אונזער תורה איז ניט מן השמים, נאָר בלויז א „ספר־החוקים״, א געזעץ־בוך וועלכעס משה רבינו האָט פון זיין אייגענעם קאָפּ פאַרפאַסט. איז געקומען אונזער תורה אין היינטיגער סדרה און האָט זיי געוויזען מיט וואָס פאר א פאַלשער פילאָזאָפיע זיי טראָגען זיך ארום. אויב אונזער תורה וואָלט געווען בלויז א געזעץ־בוך, האָבען געדאַרפט פאַרקומען בלויז אזעלכע געזעצען וואָס האָבען צו טהאָן מיט דעם לעבען אין דער מדבר, פאַנגען חיות, געפינען שפייז, וואַסער, קליידער, און נאָך אזעלכע מדבר־פּראָבלעמען, ווייל אזוי שאַפען זיך אלע געזעץ־ביכער. דאָס לעבען: ברענגט ארויף די פראגע און דאָס געזעץ דארף זי לייזען. קיין געזעץ־בוך אָבער וועט ניט רעדען פון רעגולירען אויטאָמאָבילען אדער לופט־שיפען איידער די אלע זאכען זיינען באשאפען געווארען. אונזער תורה אָבער ברענגט ארויף די פראַגע פון אגריקולטור און ערד־ארבייט, זייענדיג אין א מדבר, ווייט אוועק פון א לאנד, ווייט אוועק פון א ישוב, ווייט אוועק פון זעען און פלאַנצען, הייגט ווען אונזער תורה וואָלט געווען א געזעץ־בוך, ווי קומט זי איצט אין דער מדבר צו רעדען פון ערד־רעגולאַציעס ?

און דאָס קען אויך זיין, האָט רש״י געמיינט מיט זיין קשיא: „מה ענין שמיטה אצל הר סיני ?״ ווי קומט דער ענין פון שמיטה ביים באַרג סיני ווען דאָס לעבען האָט באַך אזעלכע זאַכען ניט געפאָדערט ? איז דער תירוץ, אז אונזער תורה איז געגעבען געווארען פון גאָט, דעריבער איז זי ניט אָבהענגיג אָן צייט, אזוי ווי ער אליין.

***

# מענש און תורה

וקראתם דרור בארץ. ושבתם איש אל אחוזתו!

א פראכטפולער אַנזאָג פאר אמעריקאנער אידען! כאָטש איהר געניסט דאָ אין לאנד אלע פרייהייטען גלייך מיט אלע אנדערע נאַציאָנען, פון דעסט־וועגען זאָלט איהר ניט אויפהערען צו שטרעבען צום „ושבתם איש אל אחוזתו" — זיך אומקעהרען צוריק אין אייער לאַנד. אין אייער אייגענער אַלטער היים, ווייל איהר קענט ניט וויסען וואָס מאָרגען ועט זיין. אין שפּאַניען האָבען מיר אמאָל אויך געמיינט אז מיר זיינען שוין ווי ביי זיך אין דערהיים. צום סוף האָבען מיר געמוזט נעהמען די טאָרבע מיט'ן שטעקען און זוכען נייע ערי־מקלט, וואו דעם קאָפּ אנידערצולעגען.

*****

והארץ לא תמכר לצמיתות, כי גרים ותושבים אתם.

די ערד איז א שטענדיגע, אן אייביגע און דער מענש אויף דער ערד איז א צופעליגער, א פרעמדער. טאָ מיט וואָס פאר א רעכט האָט דער צופעליגער, דער פרעמדער צו פארקויפען און צו הערשען איבער דעם שטענדיגען?

דאָס דערמאָהנט מיך די מעשה מיט יענע צוויי בעלי־דינים וועלכע האָבען געהאט א סכסוך צווישען זיך וועגען א שפּאַן ערד, דער רב זעהענ־דיג אזביידע זיינען איינגע'עקשנ'ט און ווילען צווישען זיך ניט דורכקומען, האָט ער זיך איינגעבויגען און צוגעלעגט זיין אויער צו דער ערד און זיך צו זיי אָנגערופען:

רבותי! איך האָב געוואָלט הערען וואָס די מאַמע ערד האָט צו זאָגען. לאַכט די מאַמע פון אייך ביידען און זאָגט: נאַרישע קינדער, איבער א שפּאַן ערד קריגט מען זיך ארום. באַלד, באַלד, וועט איהר ביידע האָבען מעהר ווי אָ שפּאַן ערד!

*****

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „אין אָדם עובר עבירה אלא אם כן נכנסה בו רוח שטות" — יעדער מענש וואָס טהוט אן עבירה אדער א פאַר־ברעכען איז ער אין דעם מאָמענט געווען ניט ביי זיין פולען זינען. פראָסט גערעדט, ער איז אויף דעם מאָמענט משוגע געוואָרען. פרעגט זיך די פראגע: אויב טהאָן אן עבירה איז א טהאָט פון ניט קיין נאָרמאַלען

מענשען, טאָ פאַרוואָס מאַכען אונזערע חכמים אַן אונטערשיד צווישען איינעם וואָס טהוט אַן עבירה אונגערען, „בשוגג", און צווישען אַן אַנדערען וואָס טהוט אַן עבירה מיט אַן אבזיכט, „במזיד?" די זעלבע עבירה איז דאָך געטהאָן געוואָרען פון ביידען גלייך און ביידע זיינען אין דעם מאָמענט געווען גוט ביי זייער קלאָהרען פאַרשטאַנד, טאָ וואָס הייסט בשוגג? און וואָס הייסט במזיד?

אלס ענטפער אויף זיין פראַגע האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם אָנזעצער:

איינער וואָס האָט ארומגערייזט איבער דער וועלט און האָט געזוכט לייכטע פרנסה, איז אמאָל געקומען אין א שטאָדט און האָט דאָרטען דערזעהן א מערקווירדיגע תפיסה, אין א שעהנעם גראמען צימער איז געזעסען א מאַן און האָט געגעסען ביי א שעהן געגרייטען טיש, א דינער האָט איהם באדיענט און אוועקגעשטעלט פאר איהם די טייערסטע עסענס און געטראַנקען, אָבער נעבען דעם מאַן איז געשטאַנען א סאָלדאט מיט א ביקס אויף די פלייצעס און געהיט דעם מאַן אז ער זאָל ניט אנטלויפען.

דער וואַנדערער האָט זיך גענומען נאָכפרעגען, ווער איז דאָס דער מאַן וועלכען מען באהאנדעלט אזוי שעהן, און דאָך היט מען איהם ווי א קרימינאַלניק? האָט מען איהם ערקלעהרט: אז דער מאַן איז געווען א רייכער מאַן און א גרויסער סוחר, נאָר די לעצטע צייט איז איהם אוועק זעהר שלעכט, ער האָט באַנקראָטירט, האָבען זיינע קרעדיטאָרען איהם פאַרשפאַרט אין תפיסה, און מען האלט איהם דאָרטען ביז מען וועט איבערקוקען זיינע ביכער און מען וועט אָבשאַצען דעם פאַרמעגען וואָס ביי איהם איז נאָך פארבליבען, און אויב עס וועט זיך ארויסווייזען אז ער האָט טאקע ניט מיט וואָס צו צאָהלען, וועט מען איהם פריי לאָזען, דען וואָס קען מען טהאָן מיט אַן אָרימאַן? די נשמה קען מען דאָך ביי איהם ניט צונעהמען!...

דעם וואַנדערער איז די געשיכטע געפעלען געוואָרען. עפּעס א קליי־ניגקייט, מען גיט עסען און טרינקען פון דאָס שעהנסטע און דאָס בעסטע פריי, אָהן געלד. איז ער אריין אין דער רייכסטער אכסניא פון שטאָדט און האָט זיך געהייסען געבען דאָס שעהנסטע צימער און זיך באַשטעלט די בעסטע עסענס, יעדען טאָג געבראָטענע קאטשקעס און געפּרעגעלטע

טייבעלאך, און דערצו נאָך די בעסטע ווײַנען, אָט אזוי האָט ער פארבראכט אין אכסניא א גאַנצען חודש צייט. סוף חודש ווען דער בעל אכסניא האָט געוואָלט געלט, האָט דער גאַסט זיך צו איהם אָבגערופען:

„קיין געלד האָב איך ניט. איהר קענט ביי מיר ניט געפינען אפילו קיין צובראָכענעם גראָשען, אויב איהר ווילט קענט איהר מיר אין תפיסה אריינזעצען".

דער בעל אכסניא האָט געשיקט רופען פאָליציי און מען האָט דעם גאַסט אין תפיסה אריינגעזעצט, אָבער דאָס איז שוין גאָר געווען אן אנדער תפיסה, מען האָט איהם אריינגעזעצט אין א פינסטערען קאַלטען נאַסען קעלער און עסען האָט מען איהם געגעבען א שטיקעל שווארצע אלטע ברויט מיט אביסעל וואַסער, האָט דער וואַנדערער א פרעג געטהאָן דעם וועכטער, ער זאָל איהם ערקלעהרען, וואו איז דער יושר? יענעם אַנזעצער האָט מען אריינגעזעצט אין א געראַמען צימער און מען גיט איהם עסען פון די שעהנסטע און בעסטע, און מיך האָט איהר אריינגעזעצט אין א פינסטערען קעלער אויף ברויט מיט וואַסער".

„איך וועל אייך ערקלעהרען — האָט דער וועכטער איהם געענטפערט, — יענער איז געווען אן אָרענטליכער סוחר, ער האָט אימער געהאנדעלט עהרליך מיט זיינע קרעדיטאָרען און אז ער האָט גענומען סחורה אויף באָרג האָט ער געוויס געמיינט צו באצאָהלען, נאָר צוליעב שלעכטע געשעפטען קען ער ניט צאָהלען, אָבער דו שווינדלער, דו ביזט דאָך לכתחילה געגאנגען אין דער אכסניא כדי זיך אָנצופרעסען מיט אלערליי גוטע זאַכען. דו האָסט געוואוסט, אז דו קענסט ניט און וועסט ניט באצאָהלען, דעריבער מוזטו ליידען און אָפּקומען פאר דיין שווינדעל!"

אָט דאָס איז דער אונטערשיד פון איינעם וואָס באגעהט א פאר־ברעכען בשוגג, ביז איינעם וואָס זינדיגט במזיד!... די עבירה איז טאקע די זעלבע, אָבער דער אונטערשיד ליעגט אין דעם רוח שטות... אין די אָבגאָר־מאַלע האַנדלונג פון דער זאַך!... דער האָט זיך אויף א מאָמענט פארלאָרען און האָט אָנגענומען סחורה בשוגג, ער האָט ניט דורכגערעכענט אז דאָס רעדעל קען זיך א דרעה טהאָן, און דער צווייטער האָט זיך נאָך מעהר פארלאָרען און האָט געשווינדעלט במזיד! אָבער אין ביידענס האַנדלונג ליגט א רוח שטות.

# שלשת ימי הגבלה

דריי טעג פאר מתן תורה האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן: „והגבלת את העם״ — דו זאָלסט באגרעניצען דאָס פאָלק, אָהן א גרעניץ קען קיין פאָלק ניט עקזיסטירען. איבערהויפּט אבער מוזען זיי זיין פאָרזיכטיג ניט צו קלעטערען אויפ׳ן באַרג און ניט אָנריהרען זיין ברעג, ווייל די קריכערס און די בערג־ריהרערס מאכען אונגליקליך די אידישע מחנה.

א מענש וואָס ווייסט אז ער איז אונוויסענד, האָט דרך ארץ פאר א למדן און רעספּעקטירט א געבילדעטען מענשען. צרות האָבען מיר נאָר פון די יעניגע וועלכע האָבען בלויז אָנגעריהרט א ברעג פון דעם בארג סיני: מענשעלאך, וועלכע האָבען בלויז עפּעס א סאלעמיידזשע געטהאָן און האַלטען זיך פאר זעהר גרויסע לומדים. אָט די „בערג־ריהרערס״ זיינען א געפאַהר פאר אונז, זיי קריכען אריין אין אלע גייסטיגע ווינקעלאך אונ־זערע און זאָגען דעות. „מות יומת — זיי זיינען ניט ווערטה וואָס זיי לעבען אויף דער וועלט!

***

והגבלת את העם!

א מענש שטרעבט אין דער הויך, זיין גייסט פליהט הויך, גאַנץ הויך צום באַרג, אָבער צו הויך, ברודערקע, טאָר מען ניט קריכען! דער באַרג דאַרף האָבען א גבול. ביז דאַנען, און ניט העכער! מיר האָבען אָבער אַזעלכע פילאָזאָפען וואָס קלעטערען צו הויך און וואָס העכער זיי קלעטערען, אלץ קעלטער און פרעמדער ווערט זיי די אלטע אטמאָספערע.

אונזערע אמאָליגע פילאָזאָפען, ווי רב סעדיה גאון, דער רמב״ם, דער אבן עזרא, רב יהודה הלוי, אלחריזי, דער רמב״ן, רב שלמה בן גבירול

# מענש און תורה

און נאָך אזעלכע גרויסע פערזענליכקייטען פלעגען פריהער טהאָן ווי עס שטעהט געשריבען אין דער תורה, נאָכדעם פלעגען זיי פילאָזאָפירען איבער דעם טעם פון די מצוות, איז זיי געלונגען צו פאַרשטעהן מיט'ן אייגענעם שכל, איז גוט געווען, און אויב ניט, האָבען זיי גערעכענט אז זייער שכל איז צו קליין משיג צו זיין דעם הויכען מיין פון דער זאַך.

אָבער די איצטיגע פילאָזאָפען אונזערע זיינען פונקט קאפויר. אויב זיי פאַרשטעהען ניט א זאַך מיט זייער אייגענעם שכל, זאָגען זיי ניט אז זייער שכל איז צו קליין דאָס צו פאַרשטעהן, נאָר זיי קלעטערן אויפ'ן באַרג און שרייען אז אונזער תורה איז ניט ווי עס דאַרף צו זיין. זי פאַסט זיך ניט פאַר דער איצטיגער צייט. זי איז צו אלטמאָדיש.

***

והגבלת את העם!

דו זאָלסט באגרענעצען דאָס פאָלק, זיי זאָלען זעהן איינצוצאַמען די חיה אין זיך, קאָנטראָלירען און אונטערדריקען די מענשליכע ליידענשאַפ־טען, באגרענעצען די אלע תאוות וואָס דאָס אויג זעהט, ווייל דאָס אויג איז דער מלאך המות פון מענשען. אלע צרות און אונגליקען קומען אויפ'ן מענשען דורכ'ן אויג. אָט דעריבער קען זיין מאָהלען אונזערע חכמים דעם מלאך המות פול מיט אויגען: „מלאך המות מלא עינים". און אין דעם מענשליכען אויג האָט ער זיין נעסט געמאכט, און דער יעניגער וואָס ווייס ניט דעם סוד פון הגבלה, דער יעניגער וואָס קען זיך ניט באַגרענעצען, וואָס קען ניט אויסארבייטען אין זיך שעהנע מדות, שעהנע זיטען, ער זאָל זיין א גאַנצער מענש מיט א גאנצער נשמה, איז ניט פעהיג די תורה מקבל צו זיין.

***

פרעגט מיך אַ איד אַ קשיא: די גמרא זאָגט, אַז דער אויבערשטער האָט זיך אומגעטראָגען מיט דער תורה ביי אַלע פעלקער און קיינער האָט זי אין האַנד ניט געוואָלט נעמען, נאָר מיר אידען האָבען די סחורה איינגעקויפט. פרעגט זיך די פראַגע: אויב דאָס איז ווירקליך אַזאַ גע־

# דר. י. ל. שניצער

וואָלדיגע מציאה, פאַרוואָס האָבען עס די פעלקער ניט איינגעהאַנדעלט? וואו איז זייער שכל געווען? אַלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע צוויי ברידער:

אַ רייכער טוך הענדלער האָט געהאַט צוויי זיהן: מיכאל און ישראל,ביידע האָבען פאַרבראַכט פון קינדווייז אָןביים פאָטער אין געשעפט און געלעבט אויף דעם טאַטענ'ס רעכנונג אָהן זאָרג און אָהן קאָפּ־דרעהעניש. אַז עס פלעגט זיי פעהלען געלד, פלעגט מען צוגעהן צום טאַטענ'ס קאַסע און נעהמען וויפיעל דאָס האַרץ גלוסט און פערטיג!

ווען די זיהן זיינען עלטער געוואָרען, גענומען ווייבער און שוין געהאַט קינדער, האָט זיך דער פאָטער מיישב געווען, אַז פון אַזאַ מין פיהרונג וועט פון זיינע זיהן קיין תכלית ניט ווערען, אַ מענש מוז האָבען וועלכע פאַראַנטוואָרטליכקייט אויף זיך, אלא ניט, בלייבט ער אַ פוי־לענצער, אַ לא יוצלח! האָט ער גערופען זיינע זיהן צו זיך און זיי געגעבען אַ גרויסע סומע געלד מיט אַ צעטעל וואָס דאַרטען זיינען געווען פאַרצייכענט זיבען פונקטען ווי זיך צו פיהרען אויף דער וועלט, און זיי געהייסען מאַכען שבת פאַר זיך.

ביידע זיהן האָבען גענומען דעם פאָטערס עצה און האָבען געמאַכט טוך־געשעפטען פאַר זיך אַליין, ישראל דער אינגערער איז פון טאָג צו טאָג אַלץ רייכער און רייכער געוואָרען, ער האָט געהאַנדעלט אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב און האָט געהאַט קרעדיט איבעראַל, קיין פאַרלעגענע סחורה האָט זיך ביי איהם אין געוועלב ניט איינגעפונען, וואָס ער פלעגט קויפען פלעגט ער דאָס באַלד פאַרצוקערען. מיכאל אָבער, דער עלטערער זוהן, איז געווען אויף גרויסע צרות, זיין קרעדיט איז זעהר שוואַך געווען, זיין סחורה פלעגט זיך ניט ריהרען פון אָרט, אַלע ווייל'ע פלעגט ער מוזען אָנקומען צום טאַטען ער זאָל איהם אַרויס־העלפען. דער פאָטער איז אומגעגאַנגען אַלץ קלעהרענדיג, וואָס זאָל זיין די אורזאַכע וואָס זיין עלטערער זוהן מאַכט קיין געשעפטען ניט? דאַכט זיך ביידע האָבען זיך געהאָדעוועט ביי איהם אין געשעפט און געלערענט דעם טוך־האַנדעל דורך און דורך, צום סוף פראַגרעסירט ישראל

# מענש און תורה

פון טאָג צו טאָג, און מיכאל זינקט אַלץ טיפער און טיפער אין חובות. איז איהם איינגעפאַלען צו שטעלען זיינע זיהן אויף פּראָבע.

ער האָט אויסגעקליבען דאָס בעסטע, שעהנסטע שטיק וואַארע פון זיין געשעפט און איז געקומען צו מיכאל'ן און צו איהם געזאָגט: „דו זעהסט, מיין זוהן? אָט די וואארע קען מען קויפען זעהר ביליג. וואָס זאָגסטו דערצו?" מיכאל האָט אַריינגענומען די וואארע אין זיין האַנד און זיך אָפּגערופען: „וואָס? אָט די וואארע ווילסטו מיר פאַרקויפען? זעה וועלכע פעדים דאָרטען זיינען איינגעוועבט און וואָס פאַר אַ קאָליער דאָס האָט! ניין, טאַטע! איך קויף ניט אַזאַ סחורה. עס איז ניט נאָך מיין געשמאַק נאָך, איך גלייך קאָלירען, רויט ווי בלוט! אָבער ניט אַזעלכע בלאַסע, געוועבטע פעדים".

דער פאָטער איז אַוועק מיט דער וואארע צו ישראל'ן און ווי ישראל האָט דאָס נאָר דערזעהען, האָט ער אויסגערופען: „איך קויף עס טאַטע, איך קויף עס! זעה נאָר וואָס פאַר אַ פעדים דאָ זיינען איינגעוועבט, טהייערע זיידענע פעדים, אַ בגד פון די וואארע איז פאַר אייביג און אפילו ווען דאָס ווערט אַביסעל אַלט און אָפּגעטראָגען קען מען עס אויס־וואַשען און איבערניצעווען, און עס מאַכען ניי און מאָדערנע".

„מיין זוהן! — האָט דער פאָטער צו איהם אַ זאָג געטהאָן — איך בין שטאָלץ אויף דיר, דו ביזט דער ריכטיגער געשעפטסמאַן, דו האָסט אַ געשמאַק און אַ פּסיכאָלאָגישען בליק, פון היינט אָן און ווייטער בלייב־סטו דער פאַרוואַלטער פון מיין געשעפט, דיר קען איך זיכער מיינע אוצרות אַנפאַרטרויען".

מיט דער תורה האָט אויך דער אויבערשטער אַ פּראָבע געמאַכט, ער האָט געזעהן אַז די וועלט איז גייסטיג באַנקראָט, האָט ער גענומען אַ טייערע שטיק וואארע, דאָס איז די תורה, און איז געקומען פריהער צו זיין עלטערן זוהן, צו די אומות העולם און זיי געהייסען קויפען, אָבער זיי האָבען עס אין האַנד ניט געוואָלט נעהמען. ישראל אָבער האָט גע־זעהן ווי שעהן און ווי ניצליך די תורה איז, איז ער באַגייסטערט געוואָ־רען פון די שעהנע פעדים, פון די שעהנע דינים וואָס זיינען דאָרטען,

## דר. י. ל. שניצער

ער האָט דערזעהן אַז ער האָט פאַר זיך אַ גייסטיגען אוצר . . . האָט ער אויסגעשריהען: איך קויף, טאַטע, איך קויף!

זעהענדיג וואָס פאַר אַ טייערער געשעפטסמאַן ישראל איז, האָט דער אויבערשטער איהם געמאַכט פאַר זיין פערוואַלטער איבער זיין גייס־טיגער וועלט, אַ „ממלכת כהנים״, אַ פריסטער פאָלק, און אַן עם חכם ונבון.

# שבועות

דער גרויסער יום טוב, דער גרויסער טאָג, וואָס מיט אונגעפעהר פינף און דרייסיג הונדערט יאָהר צוריק, איז אונז געגעבען געווארען די תורה אויפ'ן באַרג סיני.

די תורה וואָס מען האָט אונז געגעבען פון באַרג סיני, איז ניט ספּעציעל אידיש, נאָר אלמענשליך. זי איז ניט געשאַפען געוואָרען, ווי אנדערע תורה'ס און קאָנסטיטוציעס, אין א באַשטימטער צייט און פאר א באַשטימטער גרופּע מענשען, נאָר זי נעהמט ארום די גאנצע מענשהייט.

אונזערע חכמים זאָגען, אז נאָך איידער די וועלט האָט זיך אויסגעשיילט פון איהר „תוהו ובוהו", איז די תורה באַשאַפען געווארען. 26 דורות זיינען אוועק און די מענשען האָבען פון איהר ניט געוואָלט וויסען.

די מענשען האָבען געלעבט אָהן געזעצען און אָהן אָרדנונג. עס האָט געהערשט א פאָלשטענדיגע אַנאַרכיע, די שטארקע האָבען געדריקט די שוואַכע, מענשען פון פויסט האָבען געמאָרדעט, גערויבט און דער געשריי פון די געקריוודעטע האָט דערגרייכט צום הימעל. האָט די געטליכקייט באשלאָסען איינצופיהרען א נייע אָרדנונג אין דער געזעלשאפט.

האָט גאָט גענומען די תורה און זי געבראכט צו די פעלקער, אבער קיינער האָט זי ניט געוואָלט אָננעהמען, ווייל זי איז געגען זייער כאראקטער און איהרע געזעצע שטימען ניט מיט זייערע באגריפען פון לעבען. ביז ער איז געקומען מיט איהר צו די אידען און די אידען האָבען ניט געשטעלט קיין פראגען, ניט געטראכט און ניט געקלעהרט און אויסגעשריען: „נעשה ונשמע", מיר וועלען טהאָן און הערען. פריהער טהאָן און נאכדעם הערען די באדייטונג פון דיין תורה. א פאָלק, וואָס האָט דעם מוטה צו שרייען „נעשה" פאר „נשמע", מוז בלייבען אונשטערבליך; א פאָלק, וואָס האָט אויסגעקליבען דעם „ספר", דאָס בוך אנשטאָט די שווערד, טאָר ניט אונטערגעהן.

## דר. י. ל. שניצער

„תורה" מיינט לערנען, דאָס ווערט געבילדעט פון דעם וואָרט „אור" ליכטיגקייט. א ליכט פאר דער גאַנצער מענשהייט, די תורה דאָס איז דער אייביגער דענק־פּיראמיד פאר'ן מענשען אין אלע זיינע צייטען. די תורה דאָס איז די קוועלע, און דער „חיי המוסר" פון דעם מענשענ'ס מאָראל וואָס אָן דעם איז אָפּהענגיג די גאַנצע מענשהייט אין אלע איהרע צייטען. די תורה דאָס איז די איינציגע שאפונגס קראַפט פון אלע העכסטע אי־דעאַלען וואָס די מענשהייט האָט זיך שוין ערוואָרבען און צו וואָס זי מוז זיך נאָך ערווערבען. מיט איין וואָרט, די תורה דאָס איז דער גרויסער פייער, די אייביגע ליכטיגקייט און די גאנצע לעהרע פאר דאָס מענשהייט. זי איז דאָס לעבהאפט אין אונזער גאנצען באשטאנד.

אָט אויף דער תורה האָט זיך אויסגעבויט דאָס אידענטהום, אויף דער תורה האָבען זיך אויסגעהאָדעוועט איהרע היטער און נאָכפאָלגער די „בני ישראל". דאָס ביסעל ברילליאַנטען וואָס די אנדערע רעליגיאָנען האָבען ארויסגענומען פון דער אידישער תורה, האָט אויף זייער אינערליכען לעבען קיין שום ווירקונג ניט געמאכט. זיי זיינען געבליבען ביי זייערע אלטע, אלטע אייגענשאפטען. דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס אמאָל פלעגט מען מאָרדען פּשוט צוליעב „חמס" און איצט מאָרדעט מען כלומרשט מיט א רעליגיעזען אויסרייד וואָס רופט זיך „אנטיסעמיטיזם". אבער דאָס פארברעכען און די בלוט־פאַרגיסונג איז איינס און די זעלבע.

דאָס אידישע פאָלק אָבער איז אַן „עם הרוח", א פאָלק וואָס לעבט מיט'ן גייסט, ביי זיי איז די תורה אין זייער מאַרך און אין זייערע ביינער און זי איז געוואָרען די נשמה פון זייער לעבען.

זיי שטאָלץ, ישראל, מיט דיין תורה! אלעס, אלעס האָט מען פון דיר אוועקגערויבט, אבער דיין תורה איז ביי דיר געבליבען. דורך פייער און דורך וואַסער, דורך שווערד און דורך שטורעם האָסטו איהר געטראָגען פון איין לאַנד צו דער צווייטער, אין מאנכע לענדער איז זי אפילו אביסעל בלאַסער געוואָרען, אבער ניט אונטערגעגאנגען, ווייל „ישראל ואורייתא חד הוא", דער איד און די תורה זיינען איינס,ביידע זיינען אונשטערבליך.

**
*

# מענש און תורה

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער זעהט ניט איין וואָס מען מאכט דאָ אזא פּאַראַד מיט „קבלת התורה״. ווען די חברה וואָלט עקזיסטירט און די מיטגלידער וואָלטען אָנגעהאַלטען זייערע פאַרזאַמלונגען, דאַן איז א קאָנסטיטוציע זעהר נויט־ווענדיג, אבער ווען די חברה איז אונטערגעגאַנגען, איהרע מיטגלידער זיי־נען צוזייט און צושפּרייט און וואַנדערן ארום ביי צוויי טויזענד יאָהר אָהן א היים און אָהן א לאַנד, טאָ וואָס פרעהט מען זיך דאָ אזוי מיט דער קאָנ־סטיטוציע אָהן א חברה?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם נגיד:

א גרויסער נגיד, וועלכער האָט זיך געשראָקען פאַר דעם מאָרגענדיגען טאָג, טאָמער וועט ער פאַרלירען זיין פאַרמעגען און בלייבען אַן אָרעמאַן, האָט געקויפט א טייערען דיאמאַנט אויף וועלכען מבינים האָבען געזאָגט, אז ער איז ווערט א סך געלד, אריינגעלייגט דעם דיאמאַנט אין אַן איי־זערנעם קעסטעל און עס באגראָבען טיעף אין דער ערד.

אין אייניגע יאָהר ארום האָט איהם אָנגעהויבען צו געהן מיט די פוטער אראָפּ. ער האָט פאַרלאָרען זיין גאַנצען פאַרמעגען און איז געבליבען אַן אָרעמאַן, דאָך אָבער האָט ער זיך צום הארצען ניט גענומען, ער האָט דאָך דעם דיאמאַנט וואָס ער האָט געקויפט, מיט די געלד וועט ער אָנפאַנגען פון דאָס ניי צו האַנדלען, און וועט זיך צוריק ארויפאַרבייטען.

ווען ער האָט אויסגעגראָבען דעם דיאמאַנט און איז אוועק מיט איהם צו דעם יובעליר־הענדלער וואָס האָט דאמאָלסט פאַר איהם דעם דיאמאַנט געשאַצט, איז איהם פינסטער און ביטער געוואָרען פאַר די אויגען, ער האָט איהם געזאָגט אזא פּרייז ווי פאַר אַן איינפאַכע שטיקעל גלאָז.

— סטייטש? איהר האָט דאָך אליין געשאַצט מיט יאָהרען צוריק דעם דיאמאַנט פאַר אזוי פיעל און אזוי פיעל, ווי קומט עס אז איהר זאָלט מיר איצט אַזאַ לעכערליכען פּרייז געבען? — האָט ער דעם יובעליער א פרעג געטהאָן.

— דאמאָלסט האָט טאַקע דער דיאמאַנט געהאַט די ווערדע וואָס איך האָב איהם געשאַצט, — האָט דער יובעלירער צו איהם געזאָגט, איצט אָבער זיינען דיאמאַנטען אין גאַנצען ארונטער.

## דר. י. ל. שניצער

קורץ, דער געוועזענער נגיד האָט גענומען זוכען באשעפטיגונג און איז אָנגעקומען אלס אויפזעהער אין א גאָרטען, און איז מושוה געוואָרען מיט דעם בעל הבית פון גאָרטען, אז אויסער עסען און טרינקען, זאָל אויך צו איהם געהערען די פרוכט פון צוויי בוימער וועלכע וואַקסען אין גאָרטען.

ער האָט זיך גענומען צו דער ארבייט, געוואַסערט און געפּוצט די בוימער פון גאָרטען, אלע בוימער האָבען זיך צובליהט און צוואוואַקסען, אָבער זיינע צוויי בוימער זיינען געבליבען צודאַרט און פאַרטריקענט.

אין איניגע יאָהר ארום האָט ער פלוצים דערזעהען, ווי זיינע צוויי בוימער פאנגען אָן צו בליהען, איז ער אריין צום בעל הבית און איהם דערצעהלט זיין גאַנצע ביאָגראפיע און האָט פארענדיגט מיט די ווערטער:

— איהר פארשטעהט בעל הבית? אָט די בוימער האָבען מיר געוויזען אז מיין מזל האָט זיך צוריק אריבערגעדרעהט, איך בין זיכער אז מיין דיאמאנט וועט איצט געשאצט ווערען אין פולע ווערדע.

מיר זיינען אמאָל אויך זעהר רייך געווען, דער אויבערשטער האָט אונז געגעבען א טייערען דיאמאנט, א תורה, אז טאָמער וועלען מיר אמאָל פארלירען אונזער היים, וועט דער דיאמאנט אונז בלייבען, און אונז צו־ריק אויפריכטען. אמת, די זון איז אונטערגעגאנגען, אונזער לאנד איז חרוב געוואָרען, און מיר וואַנדערען ארום אין גלות, אבער מיר האָפען אז אונזער בוים וועט נעהמען בליהען, דער מזל וועט זיך איבערדרעהען און מיר וועלען צוריק קומען צו אונזער אמאָליגען שטאַנד.

# מגילת רות

נאָך אידער ישראל איז געגאַנגען זיך אָרגאַניזירען פאר א פאָלק און עראָבערען א לאַנד, האָט שוין דאָס אידישע פאָלק אויפגענומען אויף זיך דעם יאָך פון מלכות שמים און מקבל געווען די עשרת הדברות, די גרונד־פרינציפען פון דער געטליכער תורה.

א העל־שטראהלענדען ליכט האָט דער איד אָנגעצונדען אויף דעם באַרג סיני, ער איז געוואָרען דער טרעגער פון דעם ליכט־פאַקעל און גענומען באַ־לייכטען אלע ווינקעלאך מיט׳ן געטליכען אמת פון ליבע און רחמנות, פון רעכט און גערעכטיגקייט, פון פרייהייט און פון זעלבסטשטענדיגקייט, א פונדאַמענט האָט ער אוועקגעלייגט פאר א שעהנער, איידעלער, גערעכטער געזעלשאפט, א קאָנסטיטוציע וואָס זאָל זיין צוגעפאסט פאר זיין אַרט פיהלען, דענקען און וועלכע זאָל איהם פארבינדען מיט דער אייביגקייט.

זיי שטאָלץ, ישראל אויף דיין זמן מתן תורתנו! די „קמיע״, וועלכע דו האָסט געקראָגען אויפ׳ן בארג סיני, דערלאָזט ניט אז דו זאָלסט אָפּגע־ריסען ווערען פון דיין שטאַם און פארבלאָנדזשעט ווערען צווישען פרעמדע. דיין תורה איז אייביג און דו ביזט אייביג.

שבועות, דו ביזט דער דימענט וועלכער פינקעלט ווי די שטערען פון ישראל׳ס ווייטער, אלטער פארגאנגענהייט ארויס!... אלע פעלקער האָ־בען אויסגעקליבען די שווערד אלס זייער ענטשיידונגס מיטעל, דו אָבער האָסט אויסגעקליבען דאָס „ספר״, דאָס בוך, דיין תורה, און דיין דעוויז איז: „לא בחיל, ולא בכח, כי אם ברוח״. דו קעמפסט מיט׳ן ספר און מיט דיין גייסטיגער איבערצייגונג. אָט דאָ ליגט דער סוד פון דיין עקזיס־טענץ.

***

מגילת רות.

דער ערשטער ראָמאַן־ביכעל ביי אידען, א ראָמאַנטישע געשיכטע פון א

## דר. י. ל. שניצער

היידנישער פרוי, וועלכע האָט זיך מגייר געווען און געוואָרען א באריהמטע אידישע מאַמע.

רות, די העלדין פון דער געשיכטע, האָט חתונה געהאט פאר אן עמיגראנט א אידען, וועלכער איז געשטאָרבען, אבער זי האָט שטארק ליעב געהאט איהר שוויגער, און ווען די אלטע שוויגער האָט אויסגע־וואַנדערט צוריק נאָך איהר היימלאנד ארץ ישראל, האָט די געוועזענע שנור איהר ניט געוואָלט פארלאָזען. זי האָט אָנגענומען דעם אידישען גלויבען און שוויגער און שנור האָבען געלעבט צוזאמען און געליטען הונגער, מאנ־געל און נויט.

אָבער מיט איהר שעהנקייט, קלוגשאפט און באשיידענקייט האָט די שנור דערגרייכט דעם העכסטען שטאַפּעל פון גליק. זי האָט חתונה געהאט מיט א רייכען מאַן, א באַוואוסטער אידישער פירשט, און מיט איהרע שעהנע מעלות האָט זי שפּעטער פארשטאַנען צו געבען איהר קינד א גוטע ערציהונג און זי איז געוואָרען די באָבע פון דוד המלך.

דאָס איז אין קורצען דער אינהאלט פון מגילת רות, אָבער ווען מען טראַכט זיך אריין אביסעלע טיפער אין דער געשיכטע, קען מען זעהען, אַז דער אידישער שרייבער האָט געוואָלט באַצוועקען דערמיט שעהנע און ערהאַבענע זאַכען.

ערשטענס, ווי אַזוי מען האָט זיך באַציגען דאַן ביי אונז אידען, צו מענשען פון אַן אנדער גלויבען וועלכע האָבען זיך געוואָלט מגייר זיין.

די אידישע שוויגער, נעמי האָט געליבט איהר שנור דאָך אָבער האָט זי ניט געוואָלט אז זיי זאָלען זיך מגייר זיין, ווייל מיר אידען ווילען קיין גרים ניט, מיר שיקען אויך ניט קיין מיסיאָנערען צו כאַפּען נשמות, סיידען ווען א גוי קומט צום געדאנק, אַז די אידישע רעליגיע שטעהט העכער פון זיינע, און וויל ווערען א איד פון איבערצייגונג, אָבער ניט פאר מאַטעריעלע צוועקען.

אויף איין שנור האָט טאקע די שוויגער געווירקט אז זי זאָל געהן צוריק צו איהר פאמיליע, רות אבער איז געוואָרען א גר׳טע אויס איבער־צייגונג.

צווייטענס, דערצעהלט אונז דער שרייבער פון דעם אַמאָליגען שעהנעם מנהג ביי אידען, אַז ווען א פרוי איז געבליבען אַן אלמנה, האָט דער

# מענש און תורה

נאָהענטסטער קרוב פון דער משפחה געמוזט מיט איהר חתונה האָבען, אויב עס זיינען קיינע קינדער ניט געבליבען.

ניט אזוי ווי היינט, ווען עס בלייבט אן אָרעמע עלענדע אלמנה, זיינען אלע קרובים צו איהר פרעמד. מען שאָקעלט זיך אָפּ פון איהר און גאנץ אָפט לאָזען זיי איהר אפילו אויף זייער שוועל ניט אַרויף.

דריטענס, ווייזט אונז די מגילה, אז א מענש טאָר קיין מאָל די האָפע־נונג ניט פארלירען.

עס זיינען דאָ א סך מיידלאך און יונגע אלמנות וועלכע זיינען נעביך א בילד פון עלענד און האָפנונגסלאָזיגקייט. די עלטערען זיינען אָרים און זיי מוזען געהן ארבייטען פאר׳ן שטיקעל ברויט, זיי פאַרלירען דעם מוטה און ווערען פארעלטערט אין זאָרג און אין איינזאמקייט.

אָבער זיי ווייסען ניט די אָרימע מיידלאך און די יונגע אלמנות, אז יעדע פרוי באזיצט איהרע אייגענארטיגע רייצען, וואָס מוז א מאן געפעה־לען, נאָר זי האָט זיך נאָך מיט דעם ריכטיגען מאַן ניט צוזאמענגעטראָפען, אָבער פריהער אָדער שפעטער וועט ער געוויס קומען.

אונזער רות איז אויך ארעם געווען. זי האָט געמוזט קלייבען זאַנגען אויף פרעמדע פעלדער זיך צו ערנעהרען, און דאָך האָט זי געפונען איהר גליק.

קורץ, מגילת רות רופט צו ליבע, ליכט, לעבען און האָפענונג. דעריבער איז קיין וואונדער ניט וואָס מיר לייענען עס שבועות, ביי קבלת התורה. נאָך א קליין בלימעלע אריינגעגעבען אין דעם גאָרטען פון מאָראל.

**
*

פרעגט מיך א איד א קשיא:

דער זוהר זאָגט: אז זאָגען תקון שבועות בייננאכט איז זעהר א גרויסע זאַך, ווייל אין „תיקון” געפינט זיך א זאמלונג פון תורה, נביאים, כתובים און אויך די גאַנצע תלמודישע ליטעראטור, (תורה שבעל פה), און ווען א איד זאָגט תקון ווייזט ער דערמיט דעם אויבערשטען אז ער האָט די גאַנצע תורה געלערענט. פרעגט זיך די פראגע: פאַרוואָס זיצען אידען טאָג און נאַכט און לערנען ש״ס און פוסקים, אז תקון אליין וואָלט דאָך געווען גענוג?

# דר. י. ל. שניצער

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם משרת:

רב זרח ראַפּאָפּאָרט איז געווען דער גרעסטער שניט־סוחר אגענט אין דער גאַנצער געגענד ארום. ער פלעגט ארומפאָהרען איבער דער מדינה מיט מוסטערן פון סחורה, אָננעהמען באשטעלונגען און נאָכדעם פלעגט ער דעליווערען זיינע קונדען די סחורה.

א פּאָר מאָל האָט ער מיטגענומען מיט זיך זיין משרת „טרייטעל", ער זאָל איהם העלפען טראָגען די מוסטערן און טרייטעל האָט גענומען שרעקליך מקנא זיין, זיין בעל הבית.

„זעהט נאָר זעהט, פון וואַנען ער איז דאָס אזוי נתעשר געוואָרען — פלעגט ער צו זיך זאָגען — פון שטיקלאך און ברעקלאך ווערט ער רייכער פון טאָג צו טאָג און איך, טרייטעל, דארף זיין א משרת און האָבען בלויז וואסער אויף קאשע".

דארף זיך טרעפען אז טרייטעל האָט באקומען הונדערט רובעל א ירושה פון זיינעם א רייכען פעטער, האָט ער גלייך פאַרלאָזען זיין שטעלע אלס משורת, איינגעהאנדעלט כמעט פאר דאָס גאנצע געלד פארשידענע מוסטערן און זיך אוועקגעלאָזען איבער דער מדינה.

ער קומט אריין אין א סקלאַד און ווייזט דעם קרעמער זיינע מוסטערן. דער קרעמער האָט אָפּגעקליבען איינגע מוסטערן און געהייסען איהם צושיקען די סחורה.

„וואָס הייסט איך זאָל אייך צושיקען סחורה? — האָט טרייטעל צו איהם א זאָג געטהאָן — אייך געפעלען די מוסטערן? טאָ באצאָהלט מיר פאַר זיי און פאַרטיג".

פאַרשטעהט זיך דאָך שוין, אז דער קרעמער האָט איהם אָנגענומען פאר א משוגענעם און האָט איהם פון סקלאַד ארויסגעטריבען.

ווען טרייטעל האָט דערצעהלט די געשיכטע זיין בעל הבית, האָט ער זיך גוט פאַנאַנדערגעלאכט און זיך צו איהם אָפּגערופען:

„נאַרישער טרייטעל. אמת, איך ווייז אויך מיינע קונדען בלויז מוסטערן, אָבער איך האָב דאָך א לאַגער געננג סחורה פון יעדער מין זיי צו דעליווערען. אָבער אז דו האָסט ניט קיין סחורה אין לאַגער, טאָ וואָס

# מענש און תורה

טויגען דיר דיינע מוסטערן? מיט מוסטערן אליין אָהן סחורה קען מען גאָרנישט אויפטהאָן".

אינ'ם יום־טוב פון קבלת התורה זעצען מיר זיך אוועק און לעגען אויס די מוסטערן וואָס מיר האָבען א גאנצען יאָהר געלערענט און אָנגע־זאַמעלט אין לאַגער סחורה פון אלע מינים, תורה, נביאים, כתובים, משנה, תלמוד און נאָך אזעלכע זאַכען.

אָבער אויב מען האָט א גאנץ יאָהר ניט געלערענט, קיין סחורה איז אין לאַגער ניטאָ, נאָר וואָס דען? בלויז מוסטערן! ניין, מיין פריינד, מיט מוסטערן אליין קען מען קיין געשעפט ניט מאכען.

# נשא

ואיש את קדשיו לו יהיו:

די גמרא דערצעהלט אונז, אז עס איז געווען אמאָל א יהודה בן פפוס, דוקא א געלעהרענטער איד, אָבער זעהר אן אייפערזיכטיגער. אז ער פלעגט דאַרפען אוועקגעהן פון הויז, פלעגט ער איינשליסען זיין ווייב אין איהר קעמערעל און די שליסעל מיטנעהמען מיט זיך אין קעשענע.

א געוויסער שרייבער מיט'ן נאָמען בראנטעס דערצעהלט, אז די אריסטאָקראטישע מענער פון פראנקרייך און פון איטאליען, פלעגען אנטהאָן אויף דער ווייב'ס לייב א גארטעל מיט א שלאָס, פון זיכערקייט וועגען פאר א פרעמדען מאַן.

דאָס ווייזט אז אייפערזוכט איז ניט קיין מאָדערנע קראנקהייט, ווי א סך מיינען, נאָר עס איז א ווייט פארשפרייטע חולאת זינט מענשען האָבען זיך גענומען מענשלען.

נאָר אָנשטאָט וואָס אין דער מאָדערנער צייט באנוצט זיך דער אייפער־זיכטיגער מאַן מיט א רעוואָלווער, ווי מען לייענט זעהר אָפט אין די צייי־טונגען, האָט אונזער גרויסער משה געזוכט צו קאָנטראָלירען דאָס געפיהל פון אייפערזוכט ביי א אידישען מאַן, דורך דער צערעמאָניע פון די מים המאררים.

די פרשה סוטה באווייזט אונז, מיט וועלכער איידעלקייט און מיט וואָס פאר א רעספעקט מען האָט די פרוי באהאַנדעלט.

קודם כל האָט א מאַן, וועלכער איז געווען אייפערזיכטיג אויף זיין ווייב און זי באשולדיגט אין אומעהרליכקייט, זיך אליין פאַרשוואַרצט דעם פנים, ווייל עס איז געווען אָנגענומען פאר א כלל, אז א מאן, וועמען די פרוי ווערט אומגעטריי, איז מסתמא א קארגער און א שלעכטער און די ווייב האָט פון איהם אָפגעשניטענע יאָהרען.

# מענש און תורה

אמת, פאר דער פרוי איז דאָס ניט געווען קיין פארטיידיגונג, אבער דעם מאַן איז אויך קיין געזונד ניט צוגעקומען, ער איז געבליבען א געשענדעטער זיין גאַנץ לעבען.

די דינים פון סוטה, ווידער, זיינען ניט אָנגעווענדעט געוואָרען געגען א פרוי פון וועלכער דער מאן איז אוועקגעפאָהרען אויף א לאנגער צייט, אָדער וועלכע האָט געהאט א מאַן א קאַליקע, אן אידיאָט, אָדער ווען דער מאַן איז געזעסען אין געפענגניס. דאָס אידישע געזעץ האָט זיך גערעכענט מיט דער מענשליכער נאַטור און האָט ניט געוואָלט באליידיגען א פרוי וואָס האָט אין איהר עלענד און איינזאַמקייט זיך געלאָזט הינרייסען פון א זינדיגער ליידענשאפט.

און נאָך אלעמען, אויב די פרוי איז אפילו געווען שולדיג, און דעם מאנ׳ס פאַרדאַכט איז געווען באַרעכטיגט... נאָר אויב די פרוי האָט ניט געוואָלט דורכמאכען די צערעמאָניע פון די מים המאררים, האָט מען זי דערצו ניט געצוואונגען, זי האָט בלויז געקראָגען א גט פון איהר מאן און האָט פארלאָרען איהר כתובה.

„זאת תורת הקנאת״, אָט דאָס איז די לעהרע ווי צו היילען אָבנאָרמאלע, אייפערזיכטיגע מענער און לייכטזיניגע ווייבלאך!... קיין לאָגישע וכוחים וועלען אויף אזא משוגע׳נעם מאַן ניט ווירקען, איהם מוז מען איבערצייגען. דעריבער מוזען אזעלכע ענינים פאָרגעבראכט ווערען פאר דעם אומפארטייאישען און געלעהרטען כהן, וועלכער איז ערצויגען געוואָרען צו פארשטעהן די מענשליכע נאַטור און צו משפט׳ן מיט גערעכטיגקייט. קורץ, די מים המאררים איז א קוראַציע פאר אן אָבנאָרמאלען מאַן און א ביטערער געטראנק פאר נאַרישע און לייכטזיניגע ווייבלאך.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „ישראל אין חוזרים למוטב אלא על ידי יסורין״, מיר אידען ווערען ניט אנדערש גוט און פרום, סיידען דורך אביסעל יסורים. פרעגט זיך די פראגע: אויב יסורים איז אַזאַ טייערע קוראַציע, טאָ פאַרוואָס האָט ער אונז נאָך געדאַרפט פארטרייבען פון אונזער

# דר. י. ל. שניצער

לאַנד און אונז געבען דעם מאכל? ער האָט דאָך אונז געקענט געבען דעם געריכט אויף א מאָדערנעם אופן, זיץ ישראל אויף אַן אָרט און נאַ דיר א קריזיסעל, מיט ארבייטסלאָזע, א בערזע קראַך, א ריעל־עסטייט פאַניק, און נאָך אזעלכע מאָדערנע יסורים. צו וואָס האָט ער אונז נאָך געדארפט פון ארץ ישראל אויך ארויסטרייבען?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם פּריץ:

א מלך האָט געהאַט איין איינציגען זוהן, אָבער ער איז געווען זעהר א שוואַכער, האָט דער מלך פאר איהם געהאלטען באזונדערע דאָקטוירים וואָס האָבען אויפגעפּאַסט אויף זיין געזונד און אויך דיענער וואָס פלעגען דעם קראנקען פּרינץ באדינען, די דאָקטוירים זיינען געווען די בעסטע און די געלעהרנטסטע פון לאַנד און די דינער די פיינסטע און די עהר־ליכסטע — אלע שעהן און שטארק געוואקסען, אזוי ווי העלדען און דערצו נאָך געלעהרנטע אין אלע געזעצען פון דער הויף עטיקעטע, ווי עס פּאַסט זיך פאַר דיענער פון דעם יורש עצר.

די דאָקטוירים פלעגען פארשרייבען וואָס דער פּרינץ מעג עסען און וואָס ער טאָר ניט עסען און די דיענער פלעגען אויפפּאַסען, אַז דער בן מלך זאָל עסען נאָר דאָס, וואָס די דאָקטוירים האָבען אים פארשריבען און איהם אָבהיטען, אז ער זאָל ניט עסען דאָס וואָס איז איהם פארבאָטען.

די ערשטע צייט איז נאָך געווען נישקשה, די דאָקטוירים און די דינער זיינען געווען ניי, פלעגט דער פּרינץ האָבען אביסעל דרך ארץ פאר זיי און פאָלגען דאָס וואָס זיי פלעגען איהם זאָגען, ביסלעכווייז אָבער איז דער בן מלך ווילד געוואָרען און גענומען עסען און טרינקען דאָס וואָס עס איז איהם געווען פארבאָטען און גענומען הוליען אויף וואָס די וועלט שטעהט. די דאָקטוירים און די דינער האָבען איהם געוואָרענט און גע־מוסר׳ט, אבער דער בן מלך האָט זיך אויסגעלאכט פון זיי. און דער סוף איז געווען, אז דער פּרינץ איז געפעהרליך קראַנק געוואָרען, זיין קער־פער איז באַדעקט געווארען מיט שרעקליכע וואונדען, די פארבאָטענע עסענס האָבען איהם פארגיפטעט דורך און דורך.

ווען דער מלך האָט געזעהן וואָס פון זיין יורש עצר איז געוואָרען, האָט ער ביי זיך א טראכט געטהאָן, אז מיט זיינע אייגענע דאָקטוירים און

# מענש און תורה

דינער וועט ער גאָרניט קענען אויפטהאָן, ווייל זיי קענען דעם פּרינץ און קענען דעם מלך, האָבען זיי אויף איהם רחמנות און קענען צו איהם שטרענג ניט זיין, ער וועט אָבער טהאָן אנדערש, ער וועט איהם אוועקשיקען אין דער פרעמד צו א פרעמדען דאָקטאָר און אָנשטעלען פרעמדע דינער פאר איהם, זיי וועלען איהם שוין אויסקורירען.

און אזוי איז געווען, דער מלך האָט אוועקגעשיקט זיין ליעבלינג אין בבל צו א דאָקטאָר וואָס איז געווען א קאלטער גזלן, און אָנגעשטעלט פאַר איהם דינער גראָבע, פּראָסטע מענשען, וואָס האָבען גאָר פון קיין איידעלקייט ניט געוואוסט, און מען האָט גענומען דעם פּרינץ קורירען.

דעם טאַטען׳ס הארץ איז אויסגעגאנגען פון בענקעניש נאָך זיין זוהן, האָט ער איהם אין א קורצע צייט ווידער געבראכט צו זיך מיט דער האָפנונג אז איצט וועט ער שוין פיליכט אביסעל בעסער ווערען. די ערשטע צייט איז נאָך געווען כלומרשט צו דערליידען, שפּעטער אבער האָט ער צוריק אָנגעפאנגען צו פיהרען די פריהערדיגע גרענדעס, האָט ער איהם אוועקגעשיקט צו נאָך א שטרענגערען דאָקטאָר און נאָך גרעבערע דינער, און מען האלט איהם נאָך אלץ אין קורירען.

איין מאָל אין יאָהר קומט דער טאַטע איהם צו באזוך און פארברענגט מיט איהם 10 טעג צייט. אין די 10 טעג עפענט דער זוהן פאר׳ן פאָטער זיין שווער ביטער הארץ, וויינט פאר איהם און בעט איהם ער זאָל איהם צוריק אהיים נעהמען, דעם טאַטענס הארץ ווערט צוריסען פון וועהטאָג, אָבער ער פיהלט אז ער איז נאָך אין גאַנצען ניט אויסגעקורירט.

ווען מיר בלייבען אין אונזער לאַנד, וואָלטען מיר שוין לאַנג אויף דער וועלט ניט געווען, מיר וואָלטען אונטערגעגאנגען אזוי ווי א סך גרויסע מעכטיגע פעלקער זיינען אונטערגעגאנגען, אדער מיר וואָלטען געבליבען אונוויסענד און אונציוויליזירט אזוי ווי מאנכע אלטע פעלקער וואָס זיינען נאָך פארבליבען. דער גלות איז אונזער קוראַציע, יסורים אָהן גלות וואָלט ווייניג וואָס געהאָלפען.

# בהעלותך

שמן זית זך:

די נשמה דאָס איז די מנורה וואָס שטעהט אין „אהל־מועד״, אין מענשליכען קערפער „נכח השלחן״, אנטקעגען דעם מאַטעריאליסטישען טיש, פארבונדען מיט א „חלק אלהי ממעל״, א הייליגען געטליכען פונק. „להעלות נר תמיד״ צו דערהויבען דעם מענשען צו אַ ליכטיגערע מדרגה און צו א העכערע שטופע. דאָס הייסט, אז די נשמה איז א רעפלעקשאן, אן אָבשלאָג פון דער גרויסער געטליכער ליכט, (כי נר אלהים נשמת אדם), זי נעהמט אויף ליכט אין זיך און רעפלעקטירט אויך ליכט אין זיך און וואָס מעהר ליכט זי נעהמט אויף, אלץ ליכטיגער און ליכטיגער ווערט איהר אייגענער רעפלעקשאָן. דאָס איז די גוטע טהאַטען וואָס די נשמה גיט ארויס פון זיך.

גאַנץ אָפט קען מען זעהן דעם רעפלעקשאָן אין די אויגען, וואָס דאָס זיינען די פענסטער פון דער נשמה, דורך די פענסטער קען מען דערקענען א מענשען׳ס כאַראַקטער, זיינע געדאַנקען, זיינע געפיהלען און אויך זיין גאַנצן גייסטיגען מהות.

עס זיינען פאַראַן גרויסע אויגען, וואָס ווילען די גאַנצע וועלט איינ־שלינגען; בייזע אויגען וואָס שטעכען דורך ווי שפיזען; טרויעריגע אויגען וואָס ברעכען דאָס הארץ פאר רחמנות; פארבענקטע אויגען וואָס שמאַכטען נאָך ליבע; שמאלציגע אויגען וואָס דערצעהלען פון זעלבסט־צופרידענהייט; חוצפה׳דיגע אויגען וואָס דערצעהלען פון פרעכהייט און אונפארשעהמטקייט; און גוטמוטיגע מילדע אויגען וואָס דערצעהלען פון איידעלע געפיהלען און גרויסע אידעען.

די נשמה ליכט ענטהאלט ווידער אין זיך די אלע 7 קאָלירען פון „ספעקטרום״, דעריבער זעהט יעדער איינער דורך די נשמה־פענסטער די וועלט אין אן אנדער פאַרב. איינער זעהט אלעס שווארץ, און די וועלט

# מענש און תורה

איז ביי איהם א יאָמערטהאָל. דער צווייטער זעהט אלעס ווייס און די ערד אונטער זיינע פיס איז א טאַנץ־זאַל. איינער זעהט אלעס רויט און זוכט מיט מלחמה־בלוט נאָך רויטער צו פאַרבען; דער צווייטער זעהט אלעס געל און זוכט וואָס מעהר געלע גאָלד צו זאמלען, און אזוי ווייטער און ווייטער...

און דאָס קען זיין האָט דער מדרש געמיינט מיט דעם וואָס ער זאָגט:

ווען דער אויבערשטער האָט געהייסען די אידען נעהמען שמן זית זך אָנצוצינדען די מנורה, „אמרו ישראל", האָבען די אידען צו איהם געזאָגט: „כי אתה נרי ואתה אומר שנאיר לפניך", צו וואָס דאַרפען מיר אָנצינדען אנדערע ליכט צו לייכטען, אז דו ביזט אונזער ליכט? „אמר להם", האָט דער אויבערשטער זיי געענטפערט: „בשביל להעלות אתכם שתאירו לי כמו שתארתי לכם" כדי אייך צו דערהויבען צו אַזאַ הויכער מדרגה, אז איהר זאָלט מיר לייכטען ווי איך לייכט אייך, אז איהר וועט אָנפילען די מנורה מיט שמן זית זך, מיט ריינע, קלאָרע מעשים טובים, דאַן וועט עס מיר אויך לייכטען!...

***

ונשמע קולו בבואו אל הקדש:

עניוות, נאָכגעביגקייט און שטילע, וויכע דבורים איז פאַר'ן מנהיג־הצבור ניט פון די שטענדיגע מעלות. עס זיינען פאַראַן מאָמענטען, איבער־הויפט „בבואו אל הקדש" ווען עס האנדעלט זיך וועגען הויכע גייסטיגע ענינים, דארף זיין „ונשמע קולו", דאָס הייסט, ער דאַרף רעדען הויך, שטרענג און באַפעהלעריש, אנדערש וועלען זיינע רייד קיין ווירקונג ניט האָבען.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

דער רמב"ם זאָגט אין זיין „מורה־נבוכים", אז די 40 יאָהר וואָס די אידען האָבען געוואַנדערט אין דער מדבר איז דאָס געווען א מין „איבונג־שוהלע", צו ענטוויקלען זייערע קערפּערס, דאָס שווערע לעבען זאָל זיי פאַרהאַרטעווען און מאַכען זיי פאר העלדישע קעמפּער. פרעגט זיך די פראַגע: אויב דער גאַנצער צוועק פון וואַנדערען אין דער מדבר איז בלויז

# דר. י. ל. שניצער

געווען דעם קערפּער צו פּאַרהאַרטעווען, האָט משה געדאַרפט מיט זיי מאַכען קערפּערליכע איבונגען, גימנאַסטיקע, עקסערסייזעס, און נאָך אַזעלכע סאָלדאַטסקע איינריכטונגען, און ניט קאָרמענען זיי די גאַנצע צייט מיט נשמה איבונגען, אָבער חוקים און משפטים און ווידער חוקים און משפטים, וואָס האָט חוקים און משפטים צו טהאָן מיט קערפּערליכע איבונגען?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם „דאָקטאָר”:

איינער האָט זעהר שטאַרק געליטען אויף די הארץ, האָט מען אראָב־געבראכט צו איהם א פּראָפעסאָר, וועלכער האָט געהאט א נאָמען אין דער וועלט אלס הארץ־ספּעציאַליסט.

ווען דער פּראָפעסאָר האָט דעם חולה אונטערזוכט, האָט ער זיך צו איהם אָבגערופען:

— הערט אויס, מיין פריינד. די אלגעמיינע מעדיצינען וועלען אייך ווייניג וואָס העלפען. איך קען נאָר אויפהאַלטען דאָס לעבען ווען איהר וועט מיך פאָלגען דאָס וואָס איך געה אייך איצט זאָגען. די ערשטע ברוך הבא דאַרפט איהר נעהמען אויף זיך קיינמאָל ניט אין כעס צו ווערען. איהר טאָרט זיך ניט בייזערען און אויך ניט אויפגערעגט ווערען אויף קיינעם. איהר מוזט זעהן צו לעבען ווי ווייט מעגליך רוהיג, ניט זיין שטאַרק פאַרקאָכט אין געשעפט. איהר טאָרט זיך ניט נאָכיאָגען נאָך געלד און רייכטימער. איהר מוזט זיך צופרידענשטעלען מיט דעם וואָס איהר האָט, און ניט זוכען צו פאַרכאַפּען די גאַנצע וועלט. געלד מאכט א מענשען ניט גליקליך. א רוהיגער לעבען אָהן דאגות איז דער גרעסטער גליק אויף דער וועלט.

— צווייטענס, מוזט איהר זעהן צו פיהרען א ריינעם און אן אנשטענ־דיגען פאַמיליען לעבען, ווייל אונמאָראַלישע אויפפיהרונגען זיינען זעהר שעדליך פאר אייער קאָנסטיטושאָן.

— דריטענס, מוזט איהר זעהן צו ענדערען אייער „דייעט”. חזיר־פלייש איז פאר אייך גיפט, פיש אָהן פלוס־פעדערען און אָהן שופּען איז אויך זעהר שעדליך פאר אייך. קיין בלוט טאָרט איהר ניט טרינקען, קיין נבלות און קיין טרפות זאָלט איהר ניט עסען.

קורץ, ער האָט איהם אויסגערעכענט א גאַנצען רייסטער וואָס ער מעג

און וואָס ער טאָר ניט, זיך געהייסען באצאָהלען פאר זיין וויזיט און איז אבגעפאָהרען.

צופעליגערווייזע זיינען אויך אין הויז געווען דעם חולה׳ס א פּאָר גוטע פריינד און האָבען געהערט וואָס דער פּראָפעסאָר האָט דעם חולה אָנגעזאָגט. ווען דער פּראָפעסאָר איז אוועק, רופט זיך אָפּ איינער:

—איך פאַרשטעה ניט וואָס פאַר אַ מין דאָקטאָר דאָס איז, אָנשטאָט צו געבען דעם חולה א מעדיצין, האָט ער איהם דערלאנגט א קאַפּיטעל מוסר, אזוי ווי א מגיד, ממה־נפשך, ביזטו א מגיד, טאָ געה ארום איבער די שוהלען און זאָג דעם עולם מוסר, ביזטו א דאקטאר, פארשרייב דעם חולה א רעצעפּט און פארטיג! וואָס טויג דעם קראנקען מוסר?

— דו ביזט א גרויסער נאַר — האָט א צווייטער זיך צו איהם אָבגעג־רופען — אָט די מוסר וואָס דער דאָקטאָר האָט דעם חולה דערלאנגט, איז פאַר איהם די בעסטע רפואה. ער האָט איהם צום ביישפּיל אָנגעזאָגט, אז ער זאָל זיך מיט קיינעם ניט קריגען און זיך ניט נאָכיאָגען נאָך געלד, דענקסטו אז ער האָט געמיינט דערמיט אז דער חולה זאָל האָבען עולם הבא? וויים איך וואָס! נאָר וואָס דען, ער האָט געמיינט, אז דער חולה זאָל זיך ניט ערגערען, און זיך ניט עסען דאָס הארץ. אָט דאָס וועט זיין פאר איהם די בעסטע רפואה, און דאָס זעלבע אויך מיט די אלע איבעריגע זאַכען וואָס ער האָט איהם אָנגעזאָגט!

דאָס וואָס איז גוט פאר דעם מענשען׳ס נשמה איז אויך גוט פאר זיין גוף. אָט די נשמה־איבונגען וואָס משה האָט געגעבען די אידען אין דער מדבר, האָבען אויך זעהר פיעל געשטארקט זייער קערפּער. די חוקים און משפּטים פון דער מדבר האָבען גערייניגט און געלייטערט דעם אידען׳ס בלוט, און דערפאר קען זיין איז דאָס אידישע פאָלק אונשטערבליך געבליבען.

# שלח

דער אקטיאָר „ל ע ב ע ן" שפילט פאר אונז אויף דער וועלט־ביהנע יאָהר־איין, יאָהר־אויס און אויך אין אלע דורות דיזעלבע קאָמעדיעס און דיזעלבע טראגעדיעס. דער אונטערשיד ליגט נאָר אין דער „דעקאָראַציע". יעדער דור דעקאָרירט די ביהנע מיט זיינע מאָדערנע באַפּוצונגען, אָבער דער אינהאלט פון דער קאָמעדיע, אָדער פון דער טראַגעדיע איז אלץ דערזעלבער.

נעהם, צום ביישפּיל, די פּאַסירונגען פון דער היינטיגער סדרה. צוויי זיילען האלטען אונטער די געביידע פון דער וועלט־ביהנע. די זיילען רופען זיך: „טרויען" און „גלויבען", קוים פאַלען די צוויי זיילען פאנאנדער, אזוי הויבט דער גאַנצער בנין אָן זיך צו וואקלען, איבערהויפּט ליידט דער טעמפּעל פון „פאַמיליען־לעבען" און דער טעמפּעל פון „געזעלשאפטליכען לעבען". עס פאַלען פון זיי שטיקער, עס ווערט א כאַאָס, א הפקר וועלט, און א מדבר דור.

דער אמאָליגער דור המדבר האָט אויך פארלאָרען דעם צוטרויען און דאָס גלויבען אין זייער גאָט און אין זייער פיהרער משה. זיי האָבען דורכאויס פאַרלאַנגט אָנצוקוקען דאָס לאַנד מיט זייערע אייגענע אויגען. און אויגען, ברודערקע, זיינען דאָ פארשידענע: אידישע אויגען, גוי׳אישע אויגען, פריינדליכע אויגען, אנטיסעמיטישע אויגען, גרויסע אויגען און פּאָעטישע אויגען. דעריבער זיינען טאקע די „טוריסטען־געזעלשאפטען" געקומען צוריק יעדער מיט אן אנדער מיינונג. בלויז צוויי חלוצים האָבען געקוקט אויף דעם לאַנד מיט אמת׳ע, ריכטיגע, אידישע אויגען, און דאָס איז געווען: „יהושע בן נון און כלב בן יפנה. דעריבער האָבען זיי טאקע, נעבעך, געריסען פון זיך די קליידער פון פאַרדראָס, הערענדיג וואָס פאר א רעפּאָרט די קאָמיסיע האָט אריינגעבראכט.

# מענש און תורה

דער זוהר זאָגט אונז, אז דער פעהלער פון משה'ן איז געווען, וואָס ער האָט געשיקט די קעפּ פון די פיהרער פון יעדען שבט. די גרויסע „פּאָמפּעס" האָבען מורא געהאט טאָמער וועלען זיי פארלירען אין ארץ ישראל זייערע חשיבות און זייערע נשיאות, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אז ניט יעדער קנאקער און מאַכער אין גלות איז ראוי צו זיין א פיהרער אין ארץ ישראל, דאָס הייסט, אן עגאָאיסטישע מאכערייקע פון קליינע מענשעלאך וואָס שטופּען זיך שטענדיג אויבענאָן און זוכען אנצוהאלטען זייערע גדלות מיט חנפ'נען זיך צו דער מאסע און שרייען אז זיי זיינען זיך מפקיר פאר'ן כלל.

אָ, ווען מיין שטימע וואָלט איצט געווען אזוי שטארק ווי דער דונער, אז מען זאָל עס קענען הערען אויף דער גאנצער וועלט, וואָלט איך אויסגעשריען צו אלע גרויסע מאַכערס, קנאַקערס און קהל'שע פאר־זאָרגערס: ארונטער מיט אייערע שליפּעס! ארונטער מיט אייערע קנאַ־קערס! שטודירט פריהער די וועגען פון אונזערע געזעץ־געבער, דאן וועט איהר וויסען וואָס עס מיינט א ריכטיגער פיהרער!

אונזער גרויסער משה האָט פון די מרגלים'ס באַריכט געמאכט זעהר א גרויסען פּראָפיט. 40 יאָהר לעבען איז איהם צוגעקומען, ווען ניט די מרגלים, וואָלטען די אידען גלייך אריינגעגאנגען אין ארץ ישראל און משה, אויף וועמען עס איז נגזר געוואָרען ניט אריינצוקומען אין לאנד, וואָלט געדאַרפט באַלד שטארבען. די זינד פון די מרגלים האָבען זיין לעבען פאַרלענגערט מיט 40 יאָהר, פון דעסטוועגען האָט ער געבעטען דעם אוי־בערשטען: „סלח נא לעון העם הזה", פארגיב זיי, גאָטעניו, זייערע שווערע זינד! אָט דאָס הייסט אן אמת'ער ריכטיגער פיהרער! פריי פון עגאָאיזמוס, פריי פון אייגעננוץ און פריי פון פּערזענליכע אינטערעסען.

***

ויקרא משה להושע בן נון יהושע.

משה האָט צוגעלעגט דעם צוקינפטיגען פיהרער א יוד. אמת טאקע, דו ביזט א משכיל, א געלעהרטער און אויך א גרויסער נאַציאָנאַליסט, אָבער אָהן א יוד, ברודערקע, וועלען די רעליגיעזע אידען צו דיר קיין צוטרויען ניט האָבען.

***

## דר. י. ל. שניצער

מען האָט אריינגעשטעלט אין א געוויסער שוהל א ברייטערען ארון הקודש, איז אויסגעקומען א געוויסען כבוד־זוכער צו זיצען אנשטאָט לעבען ארון קודש, גאָר אנטקעגען. האָט דער איד גענומען מאכען קולות און גוואלדען, אז מען האָט איהם באשווינדעלט: ער האָט געקויפט א פּלאַץ לעבען ארון קודש, אָבער ניט אנטקעגען. איז געבליבען אז מען זאָל געהן צו א דין־תורה. ווען דער רב האָט אויסגעהערט די טענות פון ביידע צדדים, האָט ער זיך צו זיי אָפּגערופען:

„דער מדרש דערצעהלט אונז: בשעת משה האָט געענדערט דעם נאָמען פון הושע אויף יהושע, איז די „יוד" געקומען מיט א טענה צום רבונו של עולם אז מען האָט זי באשווינדעלט: ביז איצט האָט זי פאר־נומען דעם אויבענאָן אין אונזער צוקינפטיגען פיהרער'ס נאָמען און איצט איז זי אָפּגערוקט געוואָרען אויף א צווייטען אָרט. האָט דער אויבערשטער איהר געענטפערט: דיין טענה, היי'עלע, איז קיין טענה ניט. אמת, מען האָט מוסיף געווען אן אות פאר דיר, אָבער מען האָט דאָך דיך פון אָרט ניט געריהרט, דו ביזט געבליבען אויף דעם זעלבען פּלאַץ ווי פריהער, אלא וואָס דען? דיר ווילט זיך כבוד? ניין, היי'עלע, דער צוקינפטיגער אידישער פיהרער טאָר זיך ניט אָנפאנגען מיט א „היי" אזוי ווי המן און היטלער.

אָט דאָ, רבותי, האָט איהר א פאַרטיגען פּסק דין פון מדרש!

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „גדולה תשובה שמקרעה גזר דינו של אדם" — תשובה איז אזוי גרויס אז זי קען צורייסען דעם גרעסטען גזר דין. פרעגט זיך די פראגע: אמת טאקע, די אידען האָבען זעהר שווער געזינדיגט, ווען די מרגלים האָבען זיי שווער געמאכט דאָס הארץ, אָבער זיי האָבען דאָך גלייך תשובה געטאָן און געשריען: „הננו ועלינו אל המקום כי חטאנו", טאָ פארוואָס איז דער אויבערשטער געווען אזוי שטרענג אנטקעגען זיי און זיי ניט מוחל געווען?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם שידוך:

# מענש און תורה

א פּראָסטער מענשעל, וואָס האָט זיך ארויפגעארבייט און איז געווארען זעהר רייך, האָט געהאט א טאָכטער, וועלכע איז שוין געשטאַנען אין שידוכים, איז געקומען צו איהם א שדכן און האָט איהם פאָרגעלייגט צוויי שידוכים: איינעם מיט א גביר׳ישען בחור, א צולאָזענעם, א שלעכטען, און אַ פוסט־און־פּאַסניק, און דעם צווייטען מיט אַ רב׳ס אַ זוהן, אַן איידעלען בחור, א בעל מדות, און א גרויסער למדן, אָבער זעהר אן ארעמען. געוועהנליך איז דעם אויפגעקומענעם גביר געפעהלען געווארען זיך משדך צו זיין מיט׳ן רב׳ס זוהן, נאָר ווען די ביידע מחותנים זיינען זיך צוזאמענ־געקומען און האָבען גענומען דורכרעדען די פּרטים צווישען זיך, האָט דער גביר פארלאַנגט אז דער רב זאָל מאכען זיין זוהן שעהנע חתונה־קליידער און אויך קויפען פאר דער כלה א פּאָר גאָלדענע אוירינגלאך אלס מתנה, אָבער אזוי ווי דער רב איז געווען זעהר א גרויסער אָרימאן, האָט ער זיך אָפּגערופען צום גביר: „איך קען מיין זוהן גאָרנישט געבען, ווייל איך האָב פשוט ניט, נאָר אזוי ווי איהר זייט זעהר א רייכער מאַן און מיין זוהן געפעהלט אייך, דארפט איהר איהם נעהמען ווי ער שטעהט און געהט".

דער אויפגעקומענער גביר האָט זיך איינגע׳עקשנ׳ט און ניט געוואָלט נאָכגעבען. זעהענדיג אז ער קען מיט׳ן רב גאָרנישט מאכען, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „אויב אזוי, איז אויס שידוך! וואָס טויג מיר א מחותן א קבצן? איך וועל זיך בעסער מתחתן זיין מיט׳ן גביר׳ס זוהן. ער וועט דעם חתן אויסקליידען אריסטאָקראַטיש און געבען מיין טאָכטער זעהר שעהנע מתנות."

ווען די גוטע פריינד פון דעם אויפגעקומענעם גביר האָבען דאָס דער־הערט, האָבען זיי גענומען מיט איהם איינ׳טענה׳ן: „סטייטש? ווי לאָזטו דאָס ארויס פון דיין האַנד אַזאַ גרויסען יחוס־שידוך? וואָס דארפסטו כלה־מתנות? וועניג געלט האָסטו?" קורץ, זיי האָבען אזוי לאנג גערעדט ביז דער גביר האָט איינגעזעהן אז זיי האָבען רעכט, כדי דעם פעהלער גוט צו מאכען, איז ער אוועק צום רב און האָט געוואָלט צוריק שליסען מיט איהם דעם שידוך, האָט איהם אבער דער רב געענטפערט: „ניין, מיין פריינד! צווישען אונז קען שוין מעהר קיין שידוך ניט זיין. פריהער זייט איהר מיר געפעלען געווארען בלויז צוליב דעם וואָס איהר האָט

## דר. י. ל. שניצער

בעסער אויסגעקליבען אן אָרימען בחור, וואָס קען לערנען, איידער א פוסטען יונג, וואָס האָט א רייכען טאַטען, זעהענדיג אָבער אז צוליב א פאָר אוירינגלאך איז ביי אייך רעכט געווען צו טאָן דעם שידוך מיט דעם גראָבען יונג, איז דאָס ביי מיר א סימן אז תורה און יחוס האָבען ביי אייך אַ קנאַפען ווערטה און אפילו ווען איהר זאָלט איצט אָפּוועגען מיין זוהן מיט גאָלד, וועל איך אייך איהם פאר קיין איידים ניט געבען".

אָט אזוי איז אויך געווען מיט די מרגלים, נאָכדעם ווי זיי האָבען שוין אָנגערעדט אלע שלעכטע זאכען אויפ'ן הייליגען לאַנד און זיך צובונ־טעווועט און געשריען מיט קולות, אז עס וואָלט בעסער געווען צו געהן צוריק אין מצרים, האָט דער אויבערשטער צו זיי געזאָגט: ווי באַלד אייך פעהלט דער פיינער געפיהל צו באגרייפען די שעהנקייט און די הייליגקייט פון מיין לאַנד, וואָס איך וועל אייך געבען, וויל איך מעהר מיט אייך קיין שידוך ניט טאָן און דאָס לאַנד אייך ניט געבען.

# קרח

קרח מיט זיינע צוויי אדיוטאַנטען, דתן און אבירם, האָבען זיך גענומען בונטעווען אין אָנפאַנג בלויז וועגען משה׳ן אליין, „ויקומו לפני משה״. אָבער ווען זיי האָבען גערופען א מיטינג, האָבען די „קרואי מועד״, די צוזאַמענגערופענע בונטאָוושטשיקעס אָנגענומען א רעזאָלוציע צו רעוואָל־טירען געגען ביידע פיהרער, „ויקהלו על משה ועל אהרן״. צוויי הונדערט און פופציג אָנהענגערס האָבען זיי צוגעקראָגען צו זיך און מען האָט אָנגע־פאַנגען צו מאַכען די רעוואָלוציע.

קרח׳ס טענה איז ניט געווען אז משה און אהרן זיינען ניט פעהיג צו זיין פיהרער. ניין, נאָר — „רב לכם״, שוין גענוג זיך צו דרעהען ארום דער קהל׳שער שיסעל, זאָל אן אנדערער אויך געניסען אביסעל! פאַר דאָס פאָלק האָבען מיר ניט וואָס מורא צו האָבען, „כי כל העדה כלם קדושים״, דאָס גאנצע פאָלק באַשטעהט פון קדושים, תמימות׳דיגע תם׳עוואטע אידען, וואָס מען קען מיט זיי אלעס מאַכען.

קרח מיט זיין קאָמפּאַניע זיינען שוין לאנג אויף דער וועלט ניטאָ, אָבער „ובני קרח לא מתו״, זיין גייסט איז ניט געשטאָרבען, ער שוועבט נאָך איצט אויך ארום איבער׳ן גאַנצען ערד קוגעל. אין שוהל, אין בית המדרש, אין די אינסטיטוציעס, אין קאָנגרעס, אין סענאט, אין די קאַזאַרמעס — איבעראַל הערשט קרח׳ס אלטער גייסט. אמאָל האָט מען זיי גערופען בונטאָוושטשיקעס, היינט רופט מען זיי פאַשיסטען און דיקטאַטאָרס.

און דאָס, קען זיין, האָט דער מדרש געמיינט, מיט דעם וואָס ער זאָגט: „מה ראה קרח לחלוק על משה — פרשת פרה אדומה ראה״, וואָס האָט קרח געזעהן אז ער האָט זיך גענומען קריגען מיט משה׳ן? ער האָט דערזעהן די פרשה פון פרה אדומה, די רויטע רוסישע קיהעלע איז געווען די ערשטע וואָס האָט איינגעפיהרט א דיקטאַטור, אויף איהר קוקענדיג איז

## דר. י. ל. שניצער

געקומען מוסאָליני, א היטלער און נאָך אזעלכע דיקטאַטאָרס מיט דעם אַלטען אויסגעשרעה: „רב לכם!"

***

ויקהל עליהם קרח את כל העדה.

שוין אַן אלטע, אלטע קראנקהייט ביי אונז, צו טהאָן עפּעס וויכטיגע ארבייט איז זעהר שווער צונויפצוזאַמלען דעם גאנצען עולם, אָבער וואו עס האַנדעלט זיך וועגען אַ מחלוקה'לע, דאַן איז „כל העדה" דאָס גאַנצע פאָלק איז דאָ מאָמענטאַן אויפ'ן פּלאַץ!

***

רש"י פרעגט: „קרח שפקח היה מה ראה לשטות זה?" קרח וועלכער איז געווען א קלוגער, ווי איז ער געקומען צו אַזאַ מין נאַרישקייט? פרעגט זיך די פראגע: פון וואַנען ווייסען מיר דאָס אז קרח איז דאָס געווען אזא חכם? נאָר דער תירוץ איז, „מאָני טאָקס", אז ער האָט נאָר געהאט א פּאָר דאלאר, איז ער שוין געווען א חכם, א פּקח, א למדן, א פילאָזאָף און א קענער.

פרעגט איין איד דעם צווייטען:

„די וועלט זאָגט, רייך ווי קרח. פרעגט זיך די פראגע: קרח איז דאָך איינגעזונקען געוואָרען מיט זיין גאַנצען פאַרמעגען, טאָ פון וואַנען ווייסען מיר אז ער איז געווען רייך?"

האָט דער צווייטער איהם געענטפערט:

„אָט ווייל ער איז איינגעזונקען געווארען מיט זיין פאַרמעגען צוזאַמען, האָט ער געקראָגען א נאָמען אלס עושר, ווייל ביים רוב גבירים, וועלכע מען שאַצט זייער פארמעגען לעבעדיגערהייט אין די טויזענדער, לאָזט זיך אויס, אז נאָך זייער טויט איז פון זיי גאָרניט געבליבען. זיי זיינען געשטאָרבען אָרעמע לייט, אביונים. קרח אָבער איז איינגעזונקען געוואָרען מיט זיין גאַנצען פאַרמעגען, דעריבער האָט ער געקראָגען א שם, אז ער איז געשטאָרבען א גביר".

***

באקלאָגט זיך איין כלי קודש פאַר דעם צווייטען, אז ער איז געבליבען אַן אָרעמאַן, אַן אביון, ער האָט זיין גאַנץ געלד אריינגעלעגט אין לאָטס און האָט אלעס פארלאָרען. זאָגט צו איהם דער צווייטער:

# מענש און תורה

„ווען דו וואָלסט אָבער געלערנט פרשה קרח, וואָלט אין גאַנצען אנ־דערש געווען".

„וואָס האָט פרשה קרח צו טהאָן מיט מיינע לאָטס?"

„אָט וועל איך דיר זאָגען: — האָט יענער איהם געענטפערט — ווי דו ווייסט, איז קרח געווען א לוי, א קליינער כלי קודש'ניק וואָס האָט זיך געריבען ארום משכן צו מאַכען אן אָרעם לעבען, פלוצלונג איז דער כלי קודש'ל רייך געוואָרען, האָט דער אויבערשטער א טראַכט געטהאָן: קרח'קע, דו געפעלסט מיר עפּעס ניט, ווי קומט צו אן אָרעמען כלי קודש אזוי פיעל געלד? אנדערש ניט ווי דו האָסט געמאכט קונקעל־מונקעל ביזנעס. טאָ געה מיר אין דער ערד אריין מיט די פּאָר דאָלאר צוזאַמען!"

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „במדה שאדם מודד בה מודדין לו", מיט דער זעלבער מאָס וואָס דו מעסט אן אנדערען, מעסט מען דיך. דאָס הייסט, אז דער אויבערשטער צאָהלט דיר מיט'ן זעלבען קליינגעלד, וואָס דו צאָהלסט אן אנדערען. איז דאָך נאָכ'ן שכל נאָך, האָט קרח געדארפט קריגען די־זעלבע שטראָף, וואָס ער האָט אויף משה'ן אָנגעווענדעט. דו האָסט אוועק־געלאָזען דיין צינגעלע און גערעדט אויף משה'ן לשון הרע, טאָ ווער שטום און קען דיין צונג ניט באַנוצען, אָדער נאָך אַזעלכע זאַכען. וואָרום האָט גראַדע דער אויבערשטער איהם באַשטראָפט מיט אַזאַ אומנאַטירלאַכען טויט, ווי איינגעזונקען צו ווערען?"

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם רב:

רב בערעל דער נגיד, אָדער רב בערעל דער אמת־זוכער, איז געווען דער רייכסטער בעל הבית פון שטעדטעל. אויסער זיינע עשירות האָט ער זיך נאָך געהאלטען פאר א גרויסען למדן און נאָך פאר א גרעסערען ירא שמים.

אמת־זוכער פלעגט מען איהם רופען, ווייל ער האָט זיך אריינגענומען אין קאָפּ, אז משיח קען ניט קומען, ווייל עס איז פאראן צופיעל שקר אויף

דער וועלט. ווען דער עולם וואָלט געהאַנדעלט מיט'ן „אמת", וואָלט שוין לאַנג די גאולה געקומען.

דאָס שטעדטעל האָט פון איהם זעהר פיעל געליטען. וואָס מען האָט געוואָלט עפּעס איינפיהרען, האָט ער געשריען אז דאָס איז ניט לטובת הכלל, נאָר מען געהט טאָן צוליב אייגענע נוצען. פון די אויפגעקומענע בעלי בתים פלעגט ער מאכען אַש און בלאָטע. דעם פלעגט ער רופען שוסטער, דעם שניידער, דעם גאַרבער, און נאָך אזעלכע נעמען, און אז מען פלעגט צו איהם א זאָג טאָן: „סטייטש, רב בערעל, ווארום האָט איהר אַזוי די בעלי בתים באַליידיגט?", פלעגט ער ענטפערען: „דער אמת איז קיין באַליידיגונג ניט. זיי זיינען דאָך געווען שוסטער, שניידער און גאַר־בער'ס. הלואי וואָלטען אלע געגאַנגען מיט'ן אמת, וואָלט שוין לאַנג משיח געקומען".

די גרעסטע צרות האָט פון איהם אויסגעליטען דער רב. אַזוי ווי ער האָט זיך דאָך געהאַלטען פאַר א גאַנצען למדן, פלעגט ער אַלץ זוכען דעם רב ארונטערצוװאַרפען. ער פלעגט אָנשטעלען לייט זיי זאָלען געהן פרעגען דעם רב נאַרישע שאלות: וועגען תכלת, וועגען ציצית, וועגען מזוזות און זאָגען נאָכדעם, אז דער רב האָט ניט ריכטיג גע'פסק'ענט די שאלה.

ווען דער אלטער רב איז געשטאָרבען, האָט זיין זוהן איהם ממלא מקומו געווען. דער זוהן איז געווען א יונגערמאַן א למדן, א חכם און נאָך א משכיל אויך דערצו. זעהענדיג די צרות, וואָס זיין פאָטער האָט זיך אויסגעליטען פון רב בערעל דעם אמת־זוכער, האָט ער געשיקט רופען רב בערל'ען צו זיך און איהם מתרה געווען, אז ער זאָל זיין טאַקטיק ענדע־רען, אָבער רב בערעל האָט זיך אויסגעלאַכט פון איהם און האָט געטאָן דאָסזעלבע ווי פריהער.

איין טאָג האָט דער נייער רב צוזאַמענגערופען דעם גאַנצען עולם אויפ'ן שוהל־הויף. א פּאָר אידען האָבען זיך אָװעקגעשטעלט און גענומען גראָבען א גרוב. ווען די גרוב איז פאַרטיג געוואָרען, האָבען זיי אויף דעם רב'ס א וואונק א כאַפּ געטאָן רב בערלען און איהם אין גרוב אריינ־געוואָרפען.

דער עולם איז געבליבען שטעהן ווי געפּלעפּט און ניט געוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר. רב בערעל האָט גענומען מאכען קולות און האָט געשריען,

# מענש און תורה

אז ער וועט אלעמען עוקר מן השורש זיין פאר דעם בזיון. ענדליך, ווען ער האָט זיך שוין גוט אָנגעשריען, האָט דער רב זיך געווענדט צום עולם:

„רבותי, איך האָב רב בערלען איינינע מאָל געבעטען, אז ער זאָל אויפהערען זוכען אזוי פיעל דעם אמת. זיין צופיעל אמת פיהרט צו מחלוקות און צו פרוד לבבות. ער אבער האָט מיך ניט געפאָלגט. דוד המלך זאָגט אונז: „אמת מארץ תצמח", דער אמת וועט פון דער ערד ארויסשפּראָצען, אָבער דערווייליע ליגט ער נאָך טיעף אין דער ערד. איהר זוכט דעם אמת, רב בערעל? נאַט אייך א לאָפּעטע און זוכט איהם אין דער ערד".

קרח איז אויך געווען אַן אמת־זוכער. זאָגט צו איהם דער אויבערשטער: אויב דו זוכסט דעם אמת, טאָ געה מיר אין דער ערד אריין! דאָרטען איז דער ריכטיגער אמת, דאָרטען זיינען אלע מענשען גלייך, דאָרטען זיינען קיין יחסנים ניטאָ.

# חקת

„פרה אדומה".

פון איין זייט היילגט זי אומריינע (מטהר טמאים) און פון דער צווייטער זייט פאַראומרייניגט זי ריינע (מטמא טהורים). ניט אומזיסט זאָגען אונזערע חכמים: „פרה אדומה — זו גלות אדום" — די רויטע קוה, דאָס איז דער סימבאָל פון אונזער גלות; רויט געפארבט פון אונזער בלוט איז דער גאַנצער ערד־קוגעל... און דאָס קיהעלע שטעהט, נעבעך, מחוץ למחנה אין שרעק און אין אימה אלע ווילע געקוילעט צו ווערען.

צוויי אייגענשאפטען האָט אויך דער פינסטערער, ביטערער גלות אונזערער. פון איין זייט איז ער „מטהר טמאים". די צרות, די יסורים, די שפלות און די בזיונות, וואָס מיר שטעהען זיך אויס פון אונזערע שכנים, באַפעסטיגען דעם צובונד צו אונזער גלויבען און פארשטארקען ביי אונז דעם געפיהל פון אחדות און ברידערליכע רחמנות. פון דער צווייטער זייט, ווידער, איז ער „מטמא טהורים". די שרעקליכע גלות באַדינגונגען פיהרען זעהר אָפט אין מאנכע לענדער צו א גייסטיגער ירידה, צו דעמאָראַליזאציע און פארדאָרבענהייט, אדער צו אסימילאציע און זעלבסט־פארלייקענונג.

דריי זאַכען האָט אויך דער כהן ארייגעוואָרפען אין פייער, ווען מען האָט פארברענט די „פרה אדומה": „עץ ארז" — א שטיק טענענבוים, „ואזוב" — א בינטעל גראָז, „ושני תולעת" — א פאָדים געפאַרבט מיט דעם בלוט פון א געוויסען ווערימעל. אָט דיזעלבע דריי זאכען האָט מען אונז אויך מיטגעגעבען אין אונזער פייערדיגען גלות.

„עץ ארז": אונזערע שכנים זוכען מיט אלערליי מיטלען אונז אָפצו־רייסען פון אונזער אמונה, אָבער זיי קענען ניט, ווייל מיר זיינען אזוי האַרט ווי א טענענבוים, וואָס בויגט זיך ניט פאַר דעם גרעסטען שטורם־ווינט. טויזענדער און טויזענדער אידען האָבען זיך מוסר נפש געווען אויף קידוש השם און האָבען זיך ניט אונטערגעגעבען.

# מענש און תורה

„אזוב": גאַנץ אָפּט בויגען מיר זיך אפילו ווי דער „אזוב", א בינטעל גראָז, וואָס בויגט זיך פאר'ן קלענסטען ווינטעל און לאָזט זיך טרעטען פון אלעמען אונטער די פיס. פארשפארט אונז אין פינסטערע געטאָס ווי ווילדע חיות, אָנגעטהאָן געלע לאַטעס אויף אונזערע קליידער, צוגענו־מען אלע אונזערע בירגערליכע רעכט, און מיר האָבען אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און זיך געלאָזט טרעטען. און אפילו היינט, היינט, אין 20טען יאָהר־הונדערט געפינען זיך נאָך אויך מאנכע גרופּען, וואָס שרייען, מיר זאָלען קיין ווידערשטאַנד ניט מאכען, נאָר בויגען געדולדיג אונזערע קעפּ און שווייגען ווי דער „אזוב".

„תולעת שני": א רויטער ווערימעל וואָס מיט זיין בלוט קען מען פאַרבען אנדערע זאַכען. הגם מיר זיינען ביי די פעלקער אזוי ווי א ווערימעל אונטער זייערע פיס, פונדעסטוועגען פאַרבען זיי זיך אָן און פוצען זיך אויס מיט אונזערע קאָלירטע פעדערען. זיי האָבען גע'גנב'עט א סך, א סך זאַכען פון אונזער גייסטיגען אוצר און פון אונזערע שעהנע און גוטע מדות. דער רויטער ווערימעל האָט זיי אלעמען ארומגעפוצט און זיי גע־מאכט כלומרשט פאר ציוויליזירטע מענשען!...

***

טומעלט ווייטער דער ערב רב אין היינטיגער סדרה און ציהט ארויף אויף זיך כלומרשט א וצדקתך פנימ'על און נעהמט זיך אָן די קריוודע פון דעם קהל ד' און זאָגט:

מילא, מיר, ערב רב, האָבען צו קיינעם קיין טענה ניט, ווייל די גאולה איז ניט געווען פאר אונז נאָר פאר די בני ישראל. דאָס איינציגע וואָס מיר זאָגען יאָ, איז: „לו גוענו בגוע אחינו", הלואי וואָלטען מיר בעסער געשטאָרבען ווי אונזערע ברידער די מצרים ביי די עשר מכות. וואָס אונז פאַרדריסט יאָ, איז: „למה הבאותם את קהל ד' אל המדבר הזה למות שם". ווארום האָט איהר געבראכט די בני ישראל אויסצושטארבען אין דער מדבר?

פרעמדע פארזאָרגערס געוואָרען! מענשעלאך, וואָס נעהמען זיך אָן פאר טובת הכלל!

## דר. י. ל. שניצער

איך זעה נאָך איצט אויף די זעלבע ברואים׳לאך ארום אונז, גאַט׳ס סטראפטשעס און פאָלקס־פארזאָרגער, וועלכע באנוצען זיך מיט דער זעל־בער טענה.

**
*

נפשנו קצה בלחם הקלוקל!

זאָגט א תלמיד חכם צו זיין פלונית׳טע, וועלכע האָט געהאט א גע־שליפען צינגעל: „ניט אומזיסט האָבען די אידען אין דער מדבר גע־שריען „נפשנו קצה בלחם הקלוקל", דאָס האָבען זיי געקלאָגט אויף זייערע טייערע זיסע ווייבער".

„פון וואַנען נעהמסטו דאָס, מיין גרויסער תלמיד חכם?" האָט די־פרוי איהם א פרעג געטהאָן.

„ווייל די ראשי תיבות פון „נפשנו קצה בלחם הקלוקל" מאכט „נקבה".

„ניין, מיין זיסער למדן!" האָט דאָס ווייב איהם געענטפערט, „דו האָסט פארגעסען, אז די דאָזיגע ווערטער זיינען געזאָגט געוואָרען אויף „ מ ן " (מאן) און ניט אויף דער פרוי".

**
*

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „ישראל העז שבאומות", דער איד איז דער שטארקסטער צווישען אלע אומות. און זיי באווייזען עס דערמיט, וואָס א סך פעלקער זיינען שוין לאַנג אונטערגעגאנגען און ער עקזיסטירט. פרעגט זיך די פראגע: אויב ער איז יאָ אזא געוואלטיגער גבור, טאָ פארוואָס לאָזט ער זיך אזוי פיעל יאָהרען טרעטען אונטער די פיס און מאכען פון זיך אַש און בלאָטע? א פאָלק מיט א שטארקען כאַראַקטער האָט געדארפט קעמפען פאר זיין רעכט ביז׳ן לעצטען טראָפּען בלוט און ניט לאָזען, אז מען זאָל איהם אזוי פיעל פייניגען.

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם רייזענדען:

א געוויסער רייזענדער, וועלכער האָט יאָהרענלאנג בארייזט די נאָרדליכע געגענטען פון סיביר, האָט געשריבען א בוך, וואו ער באשרייבט אלע זיינע פאַסירונגען, וואָס ער האָט דורכגעמאכט אין יענע געגענדען.

# מענש און תורה

די גרעסטע געפאהר פאר רייזענדע אין סיביר זיינען די הונגעריגע וועלף. ווי פון אונטער דער ערד וואקסען אויס גאנצע מחנות מיט וועלף און באַפאַלען די רייזענדע, וועלכע פאָהרען אין די סטעפּעס און עס איז אונמעגליך פון זיי צו אנטלויפען.

איינמאָל איז איהם אויסגעקומען צו פאָהרען מיט זיין איין־איינציג קינד אין א געוויסען פלאץ און איהם זיינען באפאלען א גאנצע מחנה מיט הונגעריגע וועלף. ער האָט אפילו געהאט ביי זיך א געלאָדענעם רעוואָלווער מיט א גוטען זאַפּאַס קוילען, אבער ער האָט ניט געוואָלט געברויכען דעם מיטעל גלייך פון אָנפאנג. האָט ער זיי א וואָרף געטהאָן זיין גאַנצע שפּייז, וואָס ער האָט מיטגענומען אויף דעם וועג, פיליכט וועט זיי דאָס צופרידענשטעלען און זיי וועלען אָפּלאָזען. א פּאָר מינוט צייט האָט דאָס טאקע געהאָלפען. זיי האָבען זיך אויף א ווײַלע אָפּגעשטעלט און געגעסען די שפּייז, אבער זיי האָבען איהם באלד ווידער גענומען נאָכיאָגען. ער האָט ארונטערגענומען זיין פּעלץ און זיי צוגעווארפען. ער האָט אויסגעשפּאנט איין פערד און זיי אוועקגעגעבען, דאָס האָט זיי ווידער אויף א ווײַלע צוריקגעהאלטען. אבער ווי זיי זיינען נאָר פארטיג געוואָרען מיט די אלע זאכען, האָבען זיי איהם ווידער גענומען נאָכיאָגען. זעהענדיג, אז ער קען די וועלף ניט צופרידענשטעלען, האָט ער זיך גענומען צום לעצטען מיטעל, און דאָס איז מלחמה. ער האָט א שמיץ געטהאָן דאָס פערד מיט אלע זיינע כחות, דאָס פערד האָט גענומען לויפען ווי א רוח און ער האָט גענומען דעם רעוואָלווער אין האנט און געשאָסען רעכטס און לינקס. דער האָגעל פון די הייסע קוילען האָט די וועלף וואהרשיינליך צעטומעלט. זיי האָבען גענומען פאלען איינער נאָך דעם אנדערען, דאָס האָט זיי ביסלעכוויז צוריקגעהאלטען און ער האָט זיך געראַטעוועט.

די אידישע לאגע צווישען די פעלקער איז פונקט ווי יענע נסיעה, וואָס דער רייזענדער האָט דורכגעמאכט צווישען דער מחנה הונגעריגע וועלף. דאָס אידישע פאָלק האָט מיטגענומען מיט זיך אויף דער רייזע א קינד, אן איין־איינציג קינד, א תורה, וואָס איז ביי איהם טייערער געווען ווי דאָס לעבען. וואנדערענדיג פון איין לאַנד צו דעם צווייטען זיינען איהם באַפאַלען א קאמפּאניע וועלף און האָבען געזוכט איהם צו צערייסען. אום פּטור צו ווערען פון זיי, האָט ער געטהאָן דאָס, וואָס יענער

## דר. י. ל. שניצער

רייזענדער האָט געטהאָן. ער האָט זיי אוועקגעגעבען אלעס, וואָס ער האָט געהאט ביי זיך אין קלומיק: זיין עסען, זיין טרינקען, זיינע מלבושים, זיין תנ״ך, זיין תהלימ׳ל, זיין פילאָזאָפיע, זיינע גוטע מדות, אלעס, אלעס האָט ער זיי אוועקגעגעבען אבי זיי זאָלען איהם נאָר צורוה לאָזען. די ווילדע וועלף אָבער האָבען אלעס פארשלונגען און איהם ווידער גענומען רודפ׳ן. זעהענדיג אז דאָס העלפט ניט, דאן ווענט זיך ישראל ערשט נעהמען צו די וואַפען און ערקלעהרען זיי מלחמה. דער ערשטער שאָס האָט זיך שוין געלאָזט הערען אין דייטשלאנד. דער „וואָלף״ היטלער האָט דערפיהלט דאָס ערשטע שטיקעל בליי אין דער פאָרמע פון „באָיקאָט״, און די איבע־ריגע וועלף וועלען אויך זייער פאָרציע באקומען.

# בלק

„מה טובו אוהליך יעקב, משכנותיך ישראל״.

מיט דעם באַגייסטערטען רוף האָט בלעם זיך פאראייביגט ביי אידען און מען האָט זיינע ווערטער אוועקגעשטעלט ביים סאמע אָנהויב פון דאַווגען.

ווי אנטיסעמיטיש בלעם איז געווען, דאָך אָבער ווען ער איז געשטאַנען אויפ׳ן באַרג און מיט זיין גייסטיג אויג באַטראַכט דאָס אידישע פאָלק, האָט ער געזאָגט צו בלק׳ן:

„אומזיסט דיין ארבייט, בלק! מען קען דאָס אידישע פאָלק ניט פאר־שילטען און אויך זיי ניט פאַרניכטען, ווייל זיי האָבען זיך פארפעסטיגט אין זייערע הייזער, די אידישע היים און די אידישע שוהל. דאָס פאמיליען־לעבען און דאָס גייסטיגע לעבען. אָט די צוויי הייזער זיינען די שעהנסטע און די זיכערסטע מיט וועלכע דאָס אידישע פאָלק צייכענט זיך אויס געגען אלע אומות״.

אויב אידען זיינען נאָך געבליבען אויף דער וועלט און עקזיסטירען נאָך להכעיס אלע פארפאָלגונגען; אויב דער שונא קען זיי ניט אונטער־ברענגען, טראָץ אלע ביטערע גזרות, איז דאָס דערפאר, ווייל זיי היטען אָפּ זייערע צוויי וויכטיגע אינסטיטוציעס — די היים און די שוהל.

ווייל עס איז ניטאָ נאָך אַזאַ פאָלק אויף דער וועלט, ביי וועמען די ביידע הייזער זיינען אזוי הייליג, ליעב און טייער, ווי ביי אידען.

די אידישע היים איז פאר דעם אידען אלע מאָל געווען א אינזעל אין דעם שטורעמדיגען ים פון לעבען, אין דרויסען האָבען די גוי׳ישע שכנים איהם געיאָגט, געטריבען, דערנידעריגט און באליידיגט. אין דער־היים אָבער האָט ער געפונען זיין מענשליכע ווירדע מיט׳ן גאנצען רעספעקט און איבערגעבענהייט פון דער פאַמיליע.

# דר. י. ל. שניצער

און וואָס די היים איז אין דעם פּריוואַטען לעבען פון דעם אידען, איז די שוהל אין דעם גייסטיגען און געזעלשאפטליכען לעבען, ווארום די שוהל איז ניט געשאפען געווארען נאָר פאר'ן דאוונען אליין, דעם גאנצען אינהאַלט פון זיין גייסטיג אידיש לעבען געפינט דער איד אין דער שוהל.

די קירכען זיינען פיעל שעהנער און רייכער געבויט ווי די אידישע שוהל, אבער אין דער קירך קומען זיי בעטען נאָר איין מאָל אין דער וואָך און פאר א קורצער צייט, און אז זיי האָבען שוין אבגע'פטר'ט זייער דאַוונען, כאַפּען זיי זיך אריין אין די שענקען און באנעצען זייערע נשמות מיט משקה.

ביי אידען אָבער האָט די שוהל קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע אידיש גייסטיג לעבען, אלע אידישע אינטערעסען האָבען געפונען זייער אויסדרוק אין דער שוהל.

איז ביי אידען א זוהן געבוירען געווארען, האָט ער איהם אין שוהל צום ברית געבראַכט, האָט ער א טאָכטער צו דער חופּה געפיהרט, האָט ער זי אין שוהל געבראַכט. איז א איד אן אבל געוואָרען, איז ער אין שוהל געקומען און מיט ברידערליכע ליבע געטרייסט געוואָרען, יעדער איד האָט געפיהלט מיט אַלע זיינע חושים, אַז די שוהל איז דער „משכן ישראל" און דער „אהל-יעקב".

אויף דער גאַס איז דער איד געוועזען פאַראַכט, באַשפּיגען און האָט געמוזט זיך בויגען פאר יעדען טויגעניכטס, אין שוהל אבער האָט ער זיך דערפיהלט ווי א מענש, ער האָט אויסגעגלייכט זיין איינגעבויגענעם רוקען און פאַרגעסען די גאנצע וועלט שונאים, וועלכע וואָלטען איהם וועלען פאַרטיליגען, די שוהל איז פאַר איהם געוועזען דער קוואַל פון וועלכען ער האָט געשעפּט באגייסטערונג פאר זיינע אידישע האָפענונג.

קורץ, די היים און די שוהל זיינען די צוויי הייזער, וואָס זיינען דעם אידענ'ס פעסטונג, אין ביידע האָט דער איד זיך אויסגעצייכענט, און אין ביידע קען קיין אַנדער אומה זיך צו איהם ניט פאַרגלייכען. אין דער היים געפינט ער זיין מאַטעריעלען גליק, לויט ווי איהם איז באשערט, און אין שוהל פיהרט ער זיין גייסטיגען לעבען, אין וועלכען עס שפּיגלען זיך אָפּ די אידישע האָפענונגען און די אידישע אידעאַלען.

# מענש און תורה

מאַכט זיך ניט נאַריש, איהר בלק׳ס! אזוי לאַנג ווי דער איד האַלט הייליג זיינע צוויי פעסטונגען, וועט איהר איהם קיין שלעכטעס ניט קענען טהאָן!

יא, „מה טובו״, ווי שעהן איז די אידישע היים און די אידישע שוהל, ווען זיי פיהרען זיך אידיש!

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ווי מיר ווייסען, האָט בלק געדונגען בלעם׳ן צו שילטען די אידען און בלעם האָט אָנשטאָט זיי צו שילטען זיי גאָר געבענטשט. איז דאָך נאָכ׳ן שכל נאָך, האָט בלעם געדארפט באלוינט ווערען פאר אַזאַ מין האנדלונג, צום סוף לאָזט זיך גאָר אויס, אז דער אויבערשטער האָט אָנגעזאָגט, אז קיינער פון בלעם׳ס פאָלק טאָר אין קיין אידישער געמיינדע ניט אריינגענומען ווערען.

פרעגט זיך די פראגע, פאַרוואָס האָט געקומט בלעם׳ן אזא פסק?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם גנב:

א לאַנד־קרעמער, וועלכע פלעגט אומפאָהרען מיט א פערד און וואָגען איבער די דערפער פארקויפען סחורה, איז געקומען אין א קרעטשמע און האָט באשלאָסען דאָרטען איבערצונעכטיגען. אינדערפריה, ווען ער איז געגאנגען איינשפאנען דאָס פערד צו פאָהרען ווייטער, האָט ער דערזעהן, ווי די שטאַל איז אָפען און זיין פערד מיט דעם וואָגען סחורה איז פארשוואונדען.

דער קרעמער האָט אַזש געוויינט פאר צרות, וואָס זאָל ער איצט טהאָן? אין דעם ביסעל סחורה איז געלעגען זיין גאַנץ פארמעגען, איצט איז איהם געבליבען פשוט צו געהן איבער די הייזער, ער האָט אפילו קיין הוצאות ניט מיט וואָס אהיים צו פאָהרען.

פלוצים איז איהם איינגעפאלען א געדאַנק, ער זאָל לויפען זוכען דעם גנב, ווייל קיין אנדערער האָט זיין פערד און וואָגען מיט די סחורה ניט געקענט גנב׳ענען ווי נאָר דער בעל־עגלה וואָס האָט דאָ אויך גענעכטיגט אין קרעטשמע און איז מיט א האלבע שטונדע צוריק אוועקגעפאָהרען.

## דר. י. ל. שניצער

גערעדט און געטאָן. ער איז ארויסגעלאָפען פון קרעטשמע און גענומען נאָכלויפען דעם בעל־עגלה, און ווען ער איז אָפּגעלאָפען א שטיק וועג, האָט ער טאקע דערזעהן ווי דער בעל־עגלה האָט אָנגעבונדען זיין פערד און וואָגען מיט דער סחורה הינטער זיין בריקע און פאָהרט זיך געמיט־ליך.

ווען דער בעל־עגלה האָט דערזעהן, אז דער קרעמער יאָגט איהם נאָך, האָט ער אָפּגעשטעלט זיין בריקע און אָפּגעגעבען דעם קרעמער צוריק זיין פערד און וואָגען מיט דער סחורה.

דער קרעמער האָט איבערגעקוקט זיינע פעקלאַך און געזעהן, אז קיין זאַך פעהלט ניט, האָט ער זיך ארויפגעזעצט אויף זיין וואָגען און געוואָלט פאָהרען צוריק אין קרעטשמע.

— האַלט — האָט דער בעל־עגלה צו איהם א זאָג געטהאָן — על־פּי יושר האָט איהר מיר געדארפט עפּעס וואָס געבען פאר מיין טרחה. דער וועג איז זעהר א שלעכטער און איך בין א בעל־עגלה, ווען איך פיהר עפּעס מוז איך קריגען דערפאר באצאָהלט!

— דו גנב איינער! — האָט דער קרעמער אויף איהם א געשריי געטהאָן — צוליב מיין טובה ווענען האָסטו מיין וואָגען געפיהרט? דו האָסט דאָך מיך געוואָלט באַגנב׳ענען, בארויבען און מיך אונגליקליך מאכען, באשר דער אויבערשטער האָט אויף מיר רחמנות געהאט און מיר אריינגע־געבען א געדאַנק, אז איך זאָל דיך נאָכלויפען, איז דערפאַר ווילסטו נאָך אז איך זאָל דיר באצאָהלען?

בלק האָט געדונגען בלעם׳ן צו שילטען די אידען, נאָר דער אויבער־שטער האָט איבערגעקערט די קללות אויף ברכות, אבער בלעם׳קעס כונה איז דאָך געווען צו שילטען און ניט צו בענטשען, איז דערפאר זאָל מען איהם נאָך באצאָהלען? ניין, בלעם׳קע! „לא יבוא עמוני ומואבי״, דו טאָרסט זיך ניט איינגעפינען צווישען אנשטענדיגע מענשען!

# שבעה עשר בתמוז

א טראַגעדיע אין פינף אַקטען, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען צו שפּילען אין דער מדבר און עס איז נאָך היינט אויך ניט געענדיגט.

אַקט איינס: דאָס פאָלק האָט געמאַכט א גאָלדענעם קאַלב און משה האָט אין דעם טאָג צובראָכען די לוחות.

אַקט צוויי: אין דעם טאָג איז דער קרבן תמיד אין בית המקדש בטל געוואָרען.

אַקט דריי: אין דעם טאָג האָט „אפוסטומוס" די תורה פאַרברענט.

אַקט פיער: אין דעם טאָג האָט דער אידישער קעניג מנשה א צלם אין היכל אריינגעשטעלט.

אַקט פינף: אין דעם טאָג זיינען די מויערען פון ירושלים צושפּאָלטען געוואָרען פון טיטוס'ען.

קיין פרימאדאָנע האָט אויך ניט געפעהלט, בערעניקע, די טאָכטער פון אגריפּא דעם ערשטען און די שוועסטער פון אגריפּא דעם צווייטען האָט די חורבן־ראָלע זעהר גוט געשפּילט. טיטוס איז באגייסטערט געוואָרען פון איהר שעהנקייט, און זי, די אידישע פּרינצעסין האָט אָנגענומען די ליעבע פון א רוימער און א געצענדינער. און ווען די רוימער האָבען אָנגעפאנגען צו מאַכען פאָרווירפע טיטוס'ען פאר זיין ליעבע צו א אידישע טאָכטער, האָט ער זיי געוואָלט ווייזען אז ער איז נאָך א גרעסערער שונא די אידען ווי זיי, האָט ער באַלאַגערט דאָס אידישע לאנד און האָט ארויס־געוויזען די שרעקליכסטע הריגות וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער מענשליכער היסטאָריע.

און די טראגעדיע איז נאָך ניט פארענדיגט. די טרופּע אקטיאָרען וואַנדערען מיט דער פּיעסע ארום פון איין לאַנד צום צווייטען, דור איין דור אויס, און מען פיהרט אויף די זעלבע טראַגעדיע, דער אונטערשיד ליגט נאָר אין דער „דעקאָראַציע", מען פּוצט אויס די ביהנע מיט מאָדערנע

# דר. י. ל. שניצער

דעקאָראציעס, אָבער דער טעקסט און דער אינהאַלט פון דער טראגעדיע איז אלץ דער זעלבער.

צוליב דעם גאָלדענעם קאַלב, מאַכענדיג דעם דאָלאר פאר אונזער גאָט, האָבען מיר צובראָכען די אלטע לוחות און געמאכט א תל עולם פון זיך און פון אונזערע קינדער, פרעמדע לעהרער ערציהען זיי, פרעמדע חברים זיינען זייער סביבה און א פרעמדע שפראַך איז זייער לשון, צו־בראָכען ליגען די אלטע גאָלדענע לוחות מיט גאָט׳ס וואָרט דארויף, שערבלאַך איז געוואָרען פון דעם שעהנעם אידישען בלומען־טאָפּ וואָס פלעגט צוגעבען געשמאק און שעהנקייט אין יעדען אידישען הויז.

פאַר יאָהרען און יאָהרען איז דער איד געווען אן „עולת־תמיד״ — א שטענדיגער קרבן פאר זיין גאָט, פאר זיין גלויבען, און פאר זיינע איבערצייגונגען. מיט דער גרעסטער מסירת־נפש פלעגט ער זיין תורה פאַרטיידיגען. איצט אָבער איז דער קרבן תמיד ביי איהם בטל געוואָרען, זיין פלאַץ פארנעהמט איצט א פאַרפראָרענער „דזשודעאיזם״ אָהן באגייס־טערונג און אָהן זעלבסט אויסאָפּפערונג.

די תורה איז געווען די קמיע וואָס האָט אָפּגעהיט דאָס אידישע פאָלק פון אונטערגאנג. איהרע שטראַהלען פלעגען באלייכטען זיין וועג אין גלות אזוי ווי דער אמאָליגער עמוד־אש אין דער מדבר און ווארעמען די אידישע נשמות, אז זיי זאָלען ניט פאַרפראָרען ווערען. איצט אבער האָט מען אונזער תורה אין גאנצען פארברענט און מען באלייכט אונזער לאגער מיט „אש־זרה״ — פרעמדע פייער, פרעמדע ליכט און פרעמדע צערעמאָניעס. אָט דער „אש־זרה״ האָט געמאַכט א חורבן פון אונזער גייסטיגען אוצר.

אמאָליגע צייטען זיינען די שוהלען געווען אונזערע גייסטיגע צענ־טערען אין גלות, אין לייד און אין פרייד, פון וויגעלע ביז׳ן קבר פלעגען מיר פון זיי שעפּען כח פאַרטצוזעצען אונזער קאַמף אין גלות. איצט אבער האָבען מיר אונזערע שוהלען אויף טעמפּלען פארביטען און ארייגעשטעלט דאָרטען א גאָטעס־לעסטערונג. קריסטליכע זינגערינס און „שבת־מלכה״, קריסטליכע זינגערינס און „שבת־שירה״, און אקאָרדען פון אן אָרגעל וואָס שפּילט צו אויפ׳ן חורבן פון דער פאָלקס נשמה.

דער פינפטער אַקט איז דער שרעקליכסטער פון אלע. די שטאָדט איז צושפּאָלטען, דאָס אידענטום איז צוטיילט, צופּיצעלט, צוברעקעלט, צע־

# מענש און תורה

וואָרפען אין פארשידענע קלאַסען, פּארטייען און ריכטונגען. אַסימי־לאַציע און געמישטע הייראטען, די צוויי אגענטען ארבייטען זעהר פלייסיג אין די פרייע לענדער און דערמאָנען אונז דעם אלטען טרויעריגען חורבן פון אמאָל !...

אמת, מיר האָבען אפילו איצט אויך א סך קעמפּער, גרויסע אידישע קעמפער, וועלכע זיינען זיך מוסר נפש פאר׳ן כלל, אבער פאר וועלכען כלל ? פאר א פרעמדען כלל ! זיי האָבען זיך ארייינגעוואָרפען אין די אָרעמס פון פרעמדע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען און זוכען פרעמדע סאָציאַלע פּראָבלעמען צו לעזען, און זייערע אייגענע ברידער האָבען זיי איבערגעלאָזען אין דער פינסטער, אָהן ליכט, אָהן יוגענד, אָהן א אידישער אינטעליגענץ, און אָהן וועלכע אידישע הילפע.

יאָ, די זעלבע אלט־אידישע טראַגעדיע שפּילט זיך נאָך איצט אויך אויף דער אידישער ביהנע, די ביהנע איז נאָך כלומרשט אביסעל באַלויכ־טען, אָבער די אידישע מאַסע זיצט אין דער פינסטער.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא :

אונזערע חכמים זאָגען : ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו משה׳ן, אז ער געהט באַשטראָפען די אידען, פאַרוואָס זיי האָבען זיך געלאָזט פאַרפיהרען פון די מדינים, האָט משה גע׳טענה׳ט : רבונו של עולם ! דו ווייסט גאַנץ גוט, אז ווען מיר וואָלטען ניט געהאַט קיין תורה, וואָלטען די מדינים אונז קיין שונאים ניט געווען, די גאנצע שנאה שטאַמט, ווייל מיר האָבען א תורה, דעריבער דארפסטו זיי שטראָפען, אָבער ניט די אידען. פרעגט זיך די פראַגע : וואָס האָט „אתה־הראת״ צו דער ערענדע ? גראדע פארקערט, ווייל מיר האָבען שוין דאן געהאט א תורה און גע־וואוסט, אז מען טאָר קיין עבודה־זרה ניט דינען און מיר האָבען זיך דאָך געלאָזט פאַרפיהרען פון די מדינים, דעריבער דארף אונז קומען א גרע־סערע שטראָף פון זיי.

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם שיכור :

# דר. י. ל. שניצער

א מאַן איז אריין אין א וויין־געשעפט און געהייסען זיך געבען צוויי פלעשער וויין פון דעם בעסטען וואָס ער האָט אין זיין געשעפט. דער וויין־הענדלער איז ארונטער אין קעלער און האָט ארויפגעבראכט צוויי פלעשער וויין און האָט עס אוועקגעשטעלט אויפ׳ן טיש לעבען קונה.

איז גראָד אריינגעקומען אין וויין־געשעפט א שיכור וואָס האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען און איז א פאַל געטהאָן אויפ׳ן טיש וואו די פלעשער וויין זיינען געשטאַנען און האָט זיי צובראָכען.

דער וויין־הענדלער איז צוגעלאָפען צום שיכור און גענומען שרייען: „זעה, שיכור, וואָס פאר א שאָדען דו האָסט אָנגעמאכט!״ און האָט דערביי גענומען שלאָגען דעם שיכור מכות־רצח.

זיצט דער קונה און קלעהרט: פאַרוואָס שלאָגט דער וויין־הענדלער אזוי דעם שיכור? צו שלאָגט ער איהם פאר זיין אייגענעם שאָדען, ווייל ער רעכענט, אז דער קונה וועט איהם פאר דעם וויין ניט באצאָהלען, אָדער ער שלאָגט איהם, ווייל ער האָט דעם קונה שאָדען געטהאָן, ווייל ער רעכענט, אז דער קונה וועט איהם פאר דעם וויין יאָ באצאָהלען.

אויף די קולות איז אריינגעלאָפען דעם וויין־הענדלערס וויב און האָט דעם מאַן פון שיכור אָבגעריסען און איהם א פרעג געטהאָן: „פארוואָס שלאָגסטו איהם אזוי? דו וועסט דאָך איהם דער׳הרג׳ענען! וואָס האָט ער אזוינס געטהאָן?״

„וואָס ער האָט געטהאָן פרעגסטו? — האָט דער מאַן איהר געענטפערט — ער האָט דעם מאנ׳ס צוויי פלעשער וויין צובראָכען!״

„וואָס? — האָט דער קונה זיך א כאַפּ געטהאָן — מיינע וויין האָט ער צובראָכען? ניין, רב קרוב! אייערע וויין האָט ער צובראָכען״.

„איך האָב זיי דאָך אבער לעבען אייך אויפ׳ן טיש אוועקגעשטעלט!״— האָט דער ווינהענדלער געשריען.

„יאָ, איהר האָט זיי טאַקע לעבען מיר אויפ׳ן טיש אוועקגעשטעלט — האָט דער קונה צו איהם א זאָג געטהאָן — אָבער אזוי לאנג ווי איך האָב אייך נאָך ניט געהאט באצאָהלט פאר זיי, איז דער וויין געווען אייערער און ניט מיינער״.

קורץ, זיי האָבען זיך אזוי לאַנג געאמפערט ביז עס איז געבליבען, אַז זיי זאָלען געהן צום רב האָבען א דין־תורה.

## מענש און תורה

ווען דער רב האָט אויסגעהערטביידענס טענות, האָט ער זיך צו זיי אָנגערופען:

„עס ווענדעט זיך נאָר אין איין זאך אויסצוגעפינען: ווער עס האָט דעם שיכור געבראכט אין וויין־געשעפט? איז ער דעם קונה׳ס א באקאנטער און איז איהם נאָכגעגאנגען, איז דאָס זיין שיכור און ער דארף פאר דעם וויין באצאָהלען, איז אָבער דער שיכור א באַקאַנטער פון דעם וויין־הענדלער און איז איהם געקומען באזוכען, איז דאָס דעם וויין־הענדלערס שיכור און עס איז זיין שאָדען".

ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו משה׳ן, אז די אידען וועלען באַשטראָפט ווערען פאר דעם וואָס זיי האָבען זיך געלאָזט פאַרפיהרען פון די מדינים, האָט משה גע׳טענה׳ט: רבונו של עולם! ווען מיר וואָל־טען ניט געהאט קיין תורה וואָלטען די מדינים אונז קיין שונאים ניט געווען, זיי האָבען אונז שלעכטס געטהאָן נאָר צוליב דיין תורה. דעריבער דאַרפסטו זיי שטראפען, זיי זיינען דיינע שיכורים, און האָבען דיין וויין פארגאָסען, אבער מיר זיינען ניט שולדיג!

# שבת חזון

ישראל פאנגט אָן צו שפילען די הקדמה פון זיין טראַגישער אָפּערע. „שבת חזון" רופט ער די אווערטיורע. ווייל „חזון" איז בגימטריא „אללי" — וועה איז צו מיר! נאָר אזוי ווי שבת טאָר מען דאָך ניט קלאָגען, איז איינגעפיהרט געוואָרען אויפצורופען מפטיר שבת חזון דעם רב פון דער קהילה ער זאָל שרייען „אללי!" ווארום עפּעס דעם רב? זאָגט אויף דעם דער „מגן אברהם": „שהוא יודע לקנן" — ער, דער רב ווייסט ווי צו קלאָגען.

אמת, אמת, ווער ווייס נאָך אזוי גוט ווי צו קלאָגען ווי אונזערע אָרטאָדאָקסישע רבנים? זיי זיינען שוין געוואוינט צו צרות, יסורים, מאנ־געל, נויט, און גלות מעהר פון אלעמען. ניט אזוי פיהלען זיי דעם גלות פון קערפּער, נאָר זיי פיהלען אויך דעם גלות פון דער אידישער נשמה, פון דעם אידישען גייסט. יאָ, עס זיינען ניטאָ קיין בעסערע מקוננים ווי אונזערע אָרטאָדאָקסישע רבנים און בפרט נאָך אין דער איצטיגער דע־פּרעסיע.

**
*

גיט אונז דער „זוהר" א טרייסט וואָרט: „פורקנא דישראל לא תליה אלא בבכי, כך ישתלמון ויכלון בכי דמעות דבכי עשו קמי אבוי" — אונזערע צרות, יסורים און גלות וואָס מיר ליידען איצט, איז אָן אָפּצאָ־לונג פאר די טרעהרען וואָס עשו'קע האָט אַמאָל געוויינט פאר זיין טאַטען (וישא עשו קולו ויבך). אָט די טרעהרען זיינע האָבען אונז אין גלות געפיהרט און אלע צרות אונז אָנגעטהאָן, אבער ווען עשו'ס טרעהרען וועלען זיך ענדיגען, דאַן וועלען די אידישע טרעהרען ברענגען די גאולה.

וואָס פאר א געטליכער רעיון ליגט אין די ווערטער! עס איז שוין טויזענדער יאָהרען ווי עשו'קע וויינט מיט קראָקאָדילען טרעהרען און קען

זיך ניט בארוהיגען. אין יעדער לאַנד לויפט ער נאָך יעקב׳ן און שרייט: „דו האָסט מיך אָפּגענאַרט, דו ביזט א שווינדלער, א פּיאַווקע, א בלוט־זויגער". געוואלד עשו׳קע! מען האָט דאָך דיר אויך געגוג ברכות געגעבען און דיינע ברכות זיינען דאָך אַלע מקוים געוואָרען. דו ביזט גרויס און מעכטיג און דו באהערשט די גאַנצע וועלט בעת איך, יעקב, בין אן איינגע־בעטענער גאַסט און קלייב בלויז די שיריים וואָס פאַלט אראָפּ פון דיין רייך געדעקטען טיש. לאָז מיר קלייבען דעם אָפּפאַל פון דיין טיש במנוחה! וויפיעל איז דער שיעור צו שיסען אויף מיר מיט דיינע נקמה פיילען? אָבער עשו וויל זיך צו די ווערטער ניט צוהערען. ער האַלט זיך נאָך אַלץ פאר׳ן נגזל, פאר׳ן געקריוודעטען. און ביז היינטיגען טאָג קענען מיר זיך פון זיינע טרערען ניט אויסצאָהלען. און ווען עשו פארגיסט א טרעהר, מיינט דאָס טייכען אידישע בלוט. פּראָצענט־נאָרמע פאר בילדונג און באָיקאָט־העצעס, יעקב׳ס עקזיסטענץ אונטערצוגראָבען.

אָבער אויף אַלעס קומט א צייט! יעקב נעהמט זיך ביסלעכווייז ארומ־זעהען, אז וואָס מעהר ער דערנעהענטערט זיך צו עשו׳ן מיט ליבשאפט, אַלץ ערגער און ערגער ווערט עס פאר איהם. זיין אגענט, „אסימילאציע" האָט איהם די גאנצע צייט גענאַרט און באטראָגען. די מאָדערנע „היטלע־ריסטען" זיינען זעהר גרויסע מבינים אויף נעזער. ווי מען זאָל ניט פאַרפאַרבען, פאַרשמירען און פארפוידערען די אידישע נאָז, וועט זי אלץ פייפען מיט׳ן „עברי אנכי". וואַרטען, ווידער, אויף דער פאָרמולע פון „מלאה כל הארץ דעה", וועט עס לאנג נעהמען. איידער מען וועט דער־לעבען די נחמה, קען דערוייל אויסגעהן די נשמה. וועט יעקב אָנהויבען צו פיהלען וואָס דער חורבן מיינט פאר איהם און וואָס גלות מיינט פאַר זיינע קינדער, דאן וועלען זיינע טרעהרען איבערשטייגען עשו׳קעס טרעהרען און עס וועט קומען די גאולה.

***

שבת חזון.

דער אומעטיגער שבת, דער טרויעריגער שבת, דער שבת ווען אידען פּראַווען אבלות, און ווען איז דער איד ניט פארטרויערט? — ספירה טעג, חורבן טעג, אלול טעג, מורא׳דיגע טעג, א וואָלקען פון זאָרג און אומעט

# דר. י. ל. שניצער

הענגט איבער דעם אידענס געזיכט, זיין גאנץ לעבען איז דורכגעווייקט מיט די פעדים פון טרויער. פון זיינע אויגען קוקט ארויס מרה שחורה, און פון זיינע געזאנגען טראָגען זיך טרויעריגע און וויינענדיגע טענער.

אונזער אמאָליגער גרויסער דיכטער רב יהודה הלוי, דער טרעגער פון דעם אידענ׳ס צער און טרויער ערקלערט אין זיין „ספר הכוזרי״, אז מיר אידען מוזען טרויערען און ליידען מעהר פון אלע פעלקער, ווייל דער איד צווישען די אומות איז אזוי ווי דאָס הארץ אין דעם גוף פון מענשען. דאָס הארץ פיהלט דעם וועהטאָג מעהר ווי די אנדערע אברים, דעריבער קרעכצט ער שטענדיג און ליידט מעהר ווי די אלע אנדערע, אבער ער גלויבט באמונה שלמה, אז דער גרויסער דאָקטאָר, אונזער גואל צדק מוז קומען און אויסקורירען דאָס הארץ פון זיין וועה און פיין, מיט דעם גאנצען ברען פון זיין פאָעטישער נשמה ווארפט ער זיך אריין אין דער שעהנער ליכטיגער צוקונפט, וואָס האָט געשיינט פאר זיינע באגייסטערטע אויגען און שרייט אויס:

אוי, איך וויל נאָר איין חלום זעהן און שטאַרבען!
אַ גרויסער גאָט נאָר איין שטראַהל ליכט,
נאָר איין שטראהל ליכט פון יענעם מאָרגענשטערען,
וואָס דאַרף, וואָס מוז אמאָל נאָך העל און ליכטיג זיך אָנצינדען אויף
ציונ׳ס בלויען הימעל.
באנייען און באפרישען זי מיט יוגענד.
גאָט, אָט דעם זיסען חלום לאָז מיך נאָר זעהן און אויסגעהן מיט א
שמייכעל אויף די ליפען!

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ווי קומט עס, וואָס דער איד, ווי אויפגעלעגט ער זאָל ניט זיין, וועט פון קיין אנדערע מוזיק קיין הנאה ניט האָבען ווי נאָר פון טרויעריגע און אומעטיגע טענער? ער פיהלט עס אין זיך אליין. זיינע קינדער זיינען אלע מוזיקער און ווען זיי פאנגען אָן צו שפילען עפּעס וואָס פאַר איהם מעג עס זיין די בעסטע קלאַסישע פרעהליכע שטיקער, מאכט עס אויף איהם קיין שום ווירקונג ניט. פאַנגען זיי אָבער אָן צו שפּילען א טרויעריג,

# מענש און תורה

אומעטיג „שטיקעל" ווערט ער גאָר אן אנדער מענש, עס ציהט, עס נעהמט ביים הארצען, די נשמה, די כחות געהען אויס, אָבער ער האָט זעהר שטארק הנאה דערפון. פרעגט זיך די פראגע: ווארום איז דאָס אזוי?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם פרינץ:

א קעניג האָט געהאט איין־איינציגען זוהן, וועלכער איז נאָך זיין מוטערס טויט זעהר מעלאנכאָליש געוואָרען. מען האָט קיינמאָל ניט געזעהן קיין שמייכעל אויף זיינע ליפּען, קיין פרעהליכען וואָרט האָט ער ניט ארויס־גערעדט, נאָר ער איז שטענדיג ארומגעגאנגען טרויעריג און נידערגע־שלאָגען און האָט געהאלטען אין איין זיפצען.

האָט זיך דער קעניג באַראַטען מיט זיינע מיניסטאָרען און זיי האָבען איהם געגעבען אן עצה, אז ער זאָל פאר׳ן פרינץ אויסבויען א פּרעכטיגען פּאַלאַץ מיט א שעהנעם גאָרטען ארום און אָנשטעלען פאר איהם דינער געזונטע, פרעהליכע מענשען, מיט ליכטיגע פנים׳ער. יעדע נאכט זאָל שפּילען אין פּאַלאַץ א גרויסער ארקעסטער, און עס זאָלען קומען די בעסטע טענצער און טאנצען פאר איהם. דאָס וועט פארטרייבען די מרה־שחורה פון פרינץ.

דער קעניג האָט געטהאָן וואָס די מיניסטאָרען האָבען איהם געראטען, אָבער אנשטאָט צו ווערען פרעהליכער, איז גאָר דער פרינץ פיעל אומעטיגער געוואָרען. האָט דער קעניג צוזאַמענגערופען די גרעסטע דאָקטוירים פון זיין לאַנד און האָט זיי געבעטען, זיי זאָלען געפינען א מיטעל אויסצוקור־רירען דעם פרינץ פון זיין קראנקהייט.

די דאָקטוירים האָבען ארומגעקלערט דעם ענין און זיינען געקומען צום באשלוס אז מען דאַרף טאָן פארקערט ווי די מיניסטאָרען האָבען געראַטען: מען קען ניט געהן געגען דער נאַטור און היילען מעלאנכאָליע מיט מוזיק און טענץ, נאָר גראד פארקעהרט: מען דארף איהם היילען מיט טרויעריגקייט און אומעטיגקייט. און זיי האָבען געראטען דעם קעניג, ער זאָל פאר דעם חולה קריגען אן ארעמע פינסטערע שטיבעל מיט שווארצע ווענט און אָנשטעלען דינער קראנקע, קאליקעס, וואָס זאָלען האלטען כסדר אין איין קרעכצען און זיפצען, און אז דער פרינץ וועט ליידען אביסעל

# דר. י. ל. שניצער

אמת׳ע צרות, ניט קיין איינגעבילדעטע, וועט ער זיך נאָכדעם זעהר שטארק פרעהען אז מען וועט איהם פון דעם אָרעמען שטיבעל אוועקנעהמען.

און אזוי איז טאקע געווען. נאָכדעם ווי דער פרינץ איז אָפּגעוועזן א קורצע צייט אין דעם אָרימען שטיבעל, האָט ער זיך זעהר דערפרעהט, ווען דער קעניג האָט איהם צוריקגענומען אהיים. ער האָט זיך געפרעהט מיט יעדער זאַך אין פּאַלאַץ און האָט שוין מעהר ניט געטרויערט.

זינט דער איד האָט זיין מוטער, זיין לאַנד, פארלאָרען געהט ער, נעביך, אום זעהר מרה־שחורה׳דיג און קען קיין פרעהליכס ניט פארטראָגען. פון א פרעהליכען געזאנג ווערט ער נאָך אלץ מעהר און מעהר מעלאנ־כאָליש, האָבען אונזערע אמאָליגע דאָקטוירים איהם געגעבען א מעדיצין אין דער פאָרמע פון „סקאַרבאָווע נגונים״. אָט די סקאַרבאָווע נגונים ווירקען אויף אונזער מעלאַנכאָליע און זיי גיבען אונז האָפענונג, אז ווען די צייט וועט קומען, ווען אונזער פאָטער וועט אונז צוריקנעהמען צו זיך אין פּאַלאַץ, וועט די מרה־שחורה אינגאנצען פארשווינדען פון אונז און מיר וועלען קענען פאַרטראָגען פרעהליכע נגונים.

# תשעה באב

ישראל זיצט אויף דער ערד און קלאָגט אויף זיינע חורבנות, אויף דעם אַלטען חורבן און אויף דעם נייעם חורבן... און פרעגט זיך די פראַגע:

וועלכער חורבן איז גרעסער?... וועלכער חורבן איז מעהר הארצרייסענד?...

עס גיבען צווייערליי חורבנות, וועלכע פאַראורזאַכען דאָס צוזאַמענברעכען פון א פאָלק. עס איז פאַראַן א נאַציאָנאַלער פאָליטישער חורבן, א חורבן פון פאָלקס־אָרגאַניזם... און א גייסטיגער קולטורעלער חורבן, א חורבן פון דער פאָלקס נשמה.

טרויעריג און ביטער איז דער שיקזאַל פון א פאָלק, וועלכע האָט פאַרלאָרען איהר פרייהייט און איהר אונאָבהענגיגקייט דורך א בלוטיגען קאַמף מיט׳ן שונא אויפ׳ן שלאַכטפעלד, מען האָט פאַרניכטעט איהרע פעסטונגען, פאַרברענט איהרע שטעדט און געמאַכט די איינוואוינער פאַר נעוונד׳ניקעס.

אָבער נאָך ביטערער און טרויעריגער איז דער שיקזאַל פון א פאָלק, וואָס אונטערוואַרפט זיך מיט גוטען, אָהן א שום קאַמף אונטער דעם שונא׳ס השפעה... און נעהמט איבער זיינע מדות, זיינע זיטען, זיינע קולטען און זיין קולטור. אמת, קיין בלוט־פאַרגיסונג איז ניט געווען, קיין שטעדט זיינען ניט חרוב געוואָרען, דערפאַר אָבער קומט פאַר אַ לאַנגזאַמע, גייסטיגע הריגה. די עמבלעמען פון איהר נאַציאָנאַליטעט ווערען אָבגעמעקט; די בליהונג־זאַפט פון איהר לעבענס־קוואַל ווערט אויסגעטריקענט: דער פאַדים פון איהר היסטאָרישער ענטוויקלונג ווערט איבערגעהאַקט, און מיט דער צייט ווערען פאַרגעסען אַלע איהרע קולטורעלע אוצרות און ווערטהען.

אָט דעם חורבן פאַרצייכענט דער נביא אין זיין איכה: „וילכו בלא כח לפני רודף״, ער קריכט אליין צום רודף אָהן שום כח, אָהן שום צוואַנג פון זיין זייט, מיט׳ן אייגענעם ווילען שלעפט ער זיך נאָך, נאָך איהם.

## דר. י. ל. שניצער

באַמיהט זיך נאָכצוגעהן דעם רודף׳ס וועגן, דעם רודף׳ס זיטען און דעם רודף׳ס לעבענס־שטייגער !...

„על אלה אני בוכיה״, אַט אויף דעם חורבן קלאָגט אממעהרסטען דער אלטער ישראל, די ראשי תבות פון „אלה״ מאכט: אונזער לאנגזאמע הריגה... און נאָך א גרעסערער אומגליק איז, וואָס ניט אלע פיהלען דעם צער פון דעם סאָרט חורבן... נאָר — „עיני עיני יורדה מים״, איינצעלנע אויגען, איינצעלנע אידען פיהלען דעם וועהטאָג און גיסען מיט טרעהרען אויף דעם אומגליק. דער אלגעמיינער איד, דער אלגעמיינער טאַטע, איז בלינד... א צווייטער „צדקיהו״... זיינע קינדער ווערען געקוילעט, מען נעהמט צו פון זיי די אידישע נשמה... דעם אידישען גייסט און ער שווייגט, צדקיהו האָט קיין אויגען ניט... ער איז בלינד, ער איז בלינד... ער זעהט ניט און פארשטעהט ניט זיין צוקונפט !...

נחמו נחמו עמי :

גרויס און וואונדערבאר ביזטו ישראל !... מיט א פּאָר טעג צוריק דאַכט זיך ביזטו געזעסען אויף דער ערד ווי אן אבל, פארטרויערט און דורכ־געווייקט פון טרעהרען און דער יאָמערליכער איכה־ניגון האָט געקלונגען אין דיינע אויערען... און אַט געפינסטו שוין א טרייסט אין דער ווייטער צוקונפט.

גרויסע שטארקע פעלקער זיינען שוין דורך דער צייט אונטערגעגאנגען און פארשוואונדען געוואָרען פון דער ערד־פלאכע און מיט׳ן שטויב פון דער צייט פארדעקט געוואָרען... נאָר דו האָסט ניט אויפגעהערט צו וויינען און צו קלאָגען אויף דיין חורבן, אויפ׳ן אונטערגאנג פון דיין אמאָליגער גדולה און אייביג, אייביג האָפסטו און וואַרטסט אויף דעם טאָג פון דיין גאולה, אויף דעם טאָג פון דיין באפרייאונג.

אין די שווערסטע מאָמענטען פון ליידען און פּיין, אין די צייטען פון הריגות, שמד און פּאָגראָמען, האָסטו אויף א מינוט ניט פארלאָרען די האָפענונג אויף צוריק צו קעהרען זיך צו דיין לאַנד. דער דאָזיגער האָפענונג און נאָר דער דאָזיגער האָפענונג, האָסטו צו פאַרדאַנקען וואָס דו ביזט געבליבען לעבען און וואָס דו שטעהסט נאָך ביז איצט ווי א שטאַרקער פעלז אין מיטען ברויזענדען און שטורמענדען ים.

# מענש און תורה

קען אַזאַ פאָלק אונטערגעהן? אויף קיין פאַל ניט! א פאָלק וואָס הערט ניט אויף צו געדענקען זיין פאַרגאנגענהייט, א פאָלק וואָס די ביטערע ענטוישונג פון זיין נעכטען איז ניט בכח צו פארטונקלען זיין גלויבען אין מאָרגען, א פאָלק וואָס הערט ניט אויף צו האָפען אויף זיין צוקונפט און ווענדעט אָן אלע מיה און קרעפטען צו זיין ערלייזונג, אזא פאָלק קען ניט אונטערגעהן!...

צער און נחמה! תשעה באב און שבת נחמו! ניט אומזיסט זאָגט אונז דער מדרש, אז אום תשעה באב איז געבוירען געווארען משיח... און זיין נאָמען איז „מנחם"... אין דער פינסטערניש פון תשעה באב האָט אויפגע־שיינט דאָס ליכט פון דער גאולה! דאָס איז די אידישע האָפענונג, דער אידישער בטחון וואָס פארלאָזט ניט דעם אידען אפילו אין זיין תשעה באב.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אונזערע חכמים זאָגען: „גדולה תשובה שמביאה את הגאולה", תשובה איז אזוי גרויס, אז זי קען גלייך די גאולה ברענגען. דאָס הייסט, ווען מיר אידען וואָלטען ריכטיג תשובה געטהאָן, וואָלט שוין לאַנג, לאַנג די גאולה געקומען. פרעגט זיך די פראגע: דער אויבערשטער ווייס דאָך וועלכע צרות, וועלכע יסורים און אין וועלכע אומשטענדען מיר געפינען זיך אין די גלות־לענדער. טאָ ווי אזוי פאַרלאַנגט ער פון אונז אזא זאַך, וואָס עס איז אונמעגליך אויסצופיהרען? אפילו ווען מיר זאָלען שוין וועלען תשובה טהאָן, דערלאָזען אונז די אומשטענדען ניט דערצו. איינער מוז צוליב פרנסה ארבייטען שבת, דער צווייטער מוז צוליב פרנסה אביסעל אונטערנארען דעם עולם... און נאָך אזעלכע זאַכען...

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה פון יענע צוויי ברידער:

צוויי ברידער האָבען געוואוינט אין איין שטאָדט, איינער א רייכער און דער צווייטער אן אָרימאַן. פלעגט דער רייכער ברודער אויסהאלטען דעם ארעמאַן. ער פלעגט איהם געבען אויף עסען, אויף טרינקען און אויך אויף קליידער. דער רייכער ברודער פלעגט זיך פיהרען, אז נאָכדעם ווי

## דר. י. ל. שניצער

ער פלעגט אביסעל אויסטראגען א בגד, פלעגט ער דאָס דעם ארעמען ברודער אוועקגעבען.

אײן טאָג, האָט דער רייכער ברודער באַגעגענט דעם אָרעמען ברודער אין גאַס און האָט דערזעהן, אז דער בגד וואָס ער האָט איהם געגעבען ערשט מיט א פּאָר טעג צוריק, הענגט אויף איהם ווי א זאַק, אלע קנעפּלאך זיינען אויסגעריסען, די לייב זעהט זיך ארויס, דערצו נאָך פארפלעקט און אויסגעשמירט אין גאנצען אין בלאָטע. זאָגט דער ברודער צו איהם:

סטייטש חיים? מיט צווי טעג צוריק האָב איך דיר געגעבען דעם בגד און זעה ווי ער קוקט אויס... עס איז דאָך א שאַנדע א קוק צו טהאָן אויף איהם!

„עס איז געווען א שמאַטע ווען דו האָסט מיר איהם געגעבען!" האָט דער ברודער איהם געענטפערט: „וואָס דען? עפּעס רעכטס ווּעסטו מיר געבען? וואָס דו וואַרפסט אַוועק ביזטו דאָס מיר מנדב!"

האָט דער רייכער ברודער א טראַכט געטהאָן, מעגליך אז ער האָט רעכט. עס איז טאקע אַלטע שמאַטעס, וואָס ער גיט איהם, ער וועט פּרובירען איהם אָנטהאָן א נייעם בגד און זעהען ווי אזוי ער וועט דאָס אָבהיטען. ער איז אריין מיט איהם אין א קליידער געשעפט און געקויפט צוויי אנצוגען פון דעם זעלבען שטאָף, איינעם האָט ער אָנגעטהאָן און דעם אנדערען האָט ער געהייסען זיין ברודער אָנטהאָן.

אין א פּאָר טעג ארום טרעפט ער ווידער דעם אָרעמען ברודער אין גאַס און זעהט אז דער נייער בגד איז שוין אויך פארשמירט, פארפלעקט און די קנעפּלאך אויסגעריסען. זאָגט דער ברודער צו איהם:

גיב א קוק, מיר האָבען דאָך זיך ביידע גלייך געקויפט אונזערע אנצוגען. זעה ווי מיינער זעהט אויס און זעה ווי דיינער זעהט אויס?

„וואָס גלייכסטו זיך צו מיר!" האָט חיים איהם געענטפערט. עס איז שוין א געזעץ פון דער נאַטור, אז ביי אן ארעמאן זאָלען זיין די קליידער פאַרשמירט און פארפלעקט און קיין קנעפּלאך זאָלען זיך ביי איהם ניט האַלטען.

א צייט שפּעטער זיינען ביידע ברידער געווען אויף א חתונה. דאָרטען האָט דער בדחן זיך פאַרשטעלט פאר אן אָרעמאַן, ער האָט זיך אָנגעטהאָן

# מענש און תורה

אין אלטע קליידער און האָט פאַרגעשטעלט ווי א בעטלער געהט איבער די הייזער. רופט זיך אָב דער רייכער ברודער:

זעה חיים, ווי קונציג דער בדחן שטעלט פאָר אן אָרעמאן, ער מאכט נאָך זיינע רייד, זיינע תנועות און זיין קליידונג — אלעס איז אזוי ריכטיג... און דאָך קענסטו זעהן, אז אין זיינע אלטע קליידער געפינען זיך אלע קנעפלאך און ער געהט פארשפילעט ווי א מענש. דאָס ווייזט, אז ניט דיין אָרעמקייט איז שולדיג אין דיין אָבגעלאָזענקייט, מען קען זיין אן ארעמאן און דאָך געהן ריין און ציכטיג, נאָר דו האָסט אן אָבגעלאָזענע נאַטור... א פאַרנאַכלעסיגטע בריאה... וואָס דיר אַרט ניט ארומצוגעהן פארפלעקט און פארשמוצט.

אַז א איד וויל לעבען ריין און עהרליך, קען ער דאָס אין גלות אויך טהאָן, נאָר די צרה איז, וואָס מען וואַרפט אלץ ארויף אויף די אומ־שטענדען!

# שבת נחמו

וואונדערבאר פאָלק!

די וועלט זאָגט: „אז די צייטען ענדערען זיך און די מענשען צוזא־מען מיט זיי“, אבער מיר אידען זיינען אן אויסנאהם. ביי אונז עקזיסטירט ניט דער כלל. אונזער נביא זאָגט: „אויב דו וועסט בראָדזשען אין וואַסער, בין איך מיט דיר. און די טייכען וועלען דיך ניט פארפלייצען. אויב דו וועסט געהן אין פייער, וועסטו זיך ניט פאַרברענען, די פלאַמען וועלען דיך ניט פארצעהרען“.

דאָס מיינט, אז דער איד ענדערט זיך ניט, ניט אין פייער און ניט אין וואַסער. ער בלייבט אימער דער זעלבער איד.

ביי די אומות העולם ענדערט זיך דער מענש, דאָס הייסט, ער פאר־שווינדט צוזאמען מיט דער צייט. ניט נאָר דער איינצעלנער מענש, נאָר גאנצע פעלקער פארשווינדען אין דעם תהום פון פארגעסענהייט, אונטער די ציינער פון דער צייט, זיינען צוריבען געווארען אשור, בבל, גריכענ־לאַנד, רוים און נאָך אזעלכע גרויסע נאציעס פון אלטערטום. זיי זיינען אָפּגעווישט געווארען פון דער ערד־פלאַך און פארשוואונדען אין דער פאַרגאַנגענהייט.

אָבער דער איד לעבט. דער איד געהט ניט אונטער, ווייל זיין קיום הענגט ניט אָפּ פון דער צייט, אידען שטעהען איבער דער צייט. פייער, וואַסער און נאָך אזעלכע נאַטור עלעמענטען האָבען אויף זיי קיין שליטה ניט, אפילו ווען זיי וועלען זיין צושפרייט איבער דער גאנצער וועלט, אין יעדער לאַנד אַ הייפעלע און אונטער דעם איינפלוס פון פרעמדע הערשער, וועלען זיי אויך זיין אידען. אלס אידישע זיהן און טעכטער וועלען זיי צוריקגעבראכט ווערען צו זייער היים און צו זייער שטאַאט. אזוי זאָגט אונז דער נביא.

# מענש און תורה

געלעהרטע געשיכט־פאַרשער ערקלעהרען, אז די מעכטיגע פעלקער פון אלטערטום זיינען אונטערגעגאנגען צוליעב וואוילטאָג. עס האָט פאַסירט מיט זיי, וואָס עס פאַסירט מיט אַ רייכען זוהן, וועלכער איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרען פארצויגען און פארפּיעשטשעט, און ווען עס קומט אויף איהם אן עת צרה, אזוי בלייבט ער הילפלאָז און פארלאָרען.

יענע רייכע פעלקער, ווען זיי האָבען דערגרייכט דעם העכסטען שטאַפּעל פון הצלחה, זיינען זיי אריינגעפאלען אין ווילדע הולטאיסטוועס, זיי זיינען געוואָרען אָפּגעשוואכט און דעמאָראַליזירט, און ווען עס איז געקומען אויף זיי א שונא, האָבען זיי ניט געהאט קיין כח און קיין ווילען מלחמה צו האלטען, זיי האָבען זיך געלאָזען אָהן א שום קאמף פון דעם שונא פארשליגגען.

מיר אידען אָבער האָבען קיינמאָל אין קיין וואוילטאָגען ניט געלעבט, אין די בעסטע צייטען אפילו איז ארץ ישראל געווען ארומגערינגעלט פון ביטערע שונאים און מיר האָבען זיך אלע מאָל געפיהלט אונזיכער, דעריבער, ווען א שונא איז אונז באפאלען, האָבען מיר מיט אלע אונזערע כחות געקעמפט צו באַשיצען אונזער פרייהייט. די נויט האָט אונז געלערענט צו זיין שטענדיג גרייט צום קאמף.

און די נויט איז זעהר ערפינדעריש! זי שארפט דעם מוח און ברענגט ארויס די באַהאַלטענע כוחות אין א פאָלק, פונקט ווי אין אן איינצעלנעם מענשען.

די געשיכטע דערצעהלט, אז דער גרויסער רוימישער גענעראל מארק אנטאָני איז געווען גרויס נאָר אין צייט פון געפאַהר. יוליסיס גרענט, דער 18טער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאַאטען, איז געווען אן אָרימער גאַרבער, נאָר דער בירגער קריעג האָט איהם געגעבען די געלעגענהייט צו ענטוויקלען זיינע באַהאַלטענע כחות אלס מיליטערישער פיהרער.

צרות און נויט טרייבען איינצעלנע מענשען צו גרויסע טהאַטען, צרות און נויט צייכענען אויך אויס א פאָלק פון אנדערע פעלקער.

בעת אנדערע גרויסע פעלקער זיינען אין וואוילטאָג און אין לוקסוס אָפּגעשוואכט געוואָרען און זיינען פאַרשוואונדען צוזאמען מיט זייער צייט, זיינען מיר אידען אין אונזער נויט, קעמפענדיג פאר אונזער עקזיסטענץ, געוואָרען אָפּגעהארטעוועט, פאר׳עקשנ׳ט און גרייט געווען צו ליידען פאר

# דר. י. ל. שניצער

אונזער פאָלק און פאר אונזער גלויבען, ווייל „עמי״ און „אלהיכם״ פאָלק און גלויבען, רעליגיע און נאַציאָנאַליזם געהען ביי אונז צוזאמען. מיר זיינען א פאָלק צוליב אונזער גלויבען, דאָס גלויבען מאכט אונז פאר א פאָלק!...

נחמו נחמו עמי:

טרייסט זיך, טרייסט זיך מיין פאָלק, דו וועסט קיינמאָל ניט אונטער־געהן! דו ביזט געווען פארשקלאפט אין עגיפטען צו א פרעה, וואָס האָט געזוכט אלע טייפעלשע מיטלען דיך אויסצוראָטען. און דו האָסט מוטיג אויפגענומען דעם קאמף געגען איהם.

דו האָסט געהאַט אין פערזיע א המן, אין גריכענלאנד אן אנטיכוס עפיפאנוס, וועלכע האָבען געוואָלט דיך אומברייניגען, אָבער עס איז זיי ניט געלונגען, און אפילו פאר די איצטיגע המנ׳ס דארפסטו זיך אויך ניט שרעקען, פריהער אָדער שפעטער וועלען זיי פארשווינדען אזוי ווי א פאר־בייגעהענדע מגפה.

נחמו נחמו עמי:

טרייסט זיך, טרייסט זיך, מיין פאָלק. טראָג דיין גרויזאַמען שיקזאל וועלכער פארפאָלגט דיר שוין צוויי טויזענט יאָהר און וואַרפט דיך מיט שרעקליכע שטורעמס, רדיפות, גזירות און גירושים איבער דעם גאנצען ערד־קוגעל אָהן רחמנות, וועסטו ניט אונטערגעהן... ווייסטו ווארום? ווייל „בחרתיך בכור עוני״ פון דעם שמעלץ־טאָפּ פון אָרעמקייט, נויט און ליידען האָבען מיר אידען זיך אויסגעצייכענט אלס אויסערוועהלטעס פאָלק וואָס לעבט אייביג!

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ווען דער אויבערשטער האָט געוואָלט אומברייניגען סדום און עמורה, האָט אברהם זיך אוועקגעשטעלט דינגען מיט איהם און איהם בעטען, אז ער זאָל אויף די מענשען רחמנות האָבען, אָבער ווען דער אויבערשטער האָט איהם געזאָגט, אז זיינע קינדער וועלען זיין אין מצרים פיער הונדערט יאָהר, „ועִנוּ אותם״ און מען וועט זיי פייניגען, האָט אברהם אויף דעם קיין

# מענש און תורה

איין וואָרט ניט געזאָגט. פרעגט זיך די פראגע: פארוואָס האָט אברהם ניט געבעטען פאר זיינע קינדער, אז מען זאָל זיי ניט פייניגען?...

אלס ענטפער אויף זיין פראגע, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם חלום:

איינער האָט דערצעהלט, אז דער גליקליכסטער טאָג פון זיין לעבען איז געווען זיין חתונה טאָג. דער צווייטער האָט דערצעהלט, אז 10 יאָהר צייט האָט זיין ווייב קיין קינדער ניט געהאט, און דעם טאָג וואָס זיין ווייב האָט איהם דערצעהלט, אז זי געהט האָבען א קינד, איז דער טאָג געווען דער גליקליכסטער אין זיין לעבען. דער דריטער אָבער האָט צו זיי געזאָגט:

— קיין אויסערגעוויינליך גליקליכען טאָג האָב איך נאָך פאָרלויפיג ניט געהאט, נאָר איך האָב מיך יאָ אמאָל געפיהלט זעהר גליקליך א פּאָר מינוטען צייט, און דאָס איז געווען אין א חלום!...

ווען פּרעזידענט רוזוועלט האָט ניט לאַנג צוריק באזוכט ניו יאָרק, בין איך אויך געשטאנען צווישען די טויזענטער צוקוקער און ווען דער פּרע־זידענט איז אָנגעקומען, האָב איך געמאכט די ברכה: „ברוך שנתן מכבודו לבשר ודם".

ביינאכט אויף מיין געלעגער האָב איך א טראכט געטהאָן:

— ווען דער אויבערשטער וואָלט מיך געמאכט פאר פּרעזידענט, וואָלט איך מעהר אויפגעטהאָן ווי רוזוועלט, ווייל ווער קען נאָך אזוי פיהלען דעם פּאָלק'ס שמערצען אזוי ווי דער איד?

ווען איך האָב איינגעשלאָפען, איז ערשינען פאר מיר א מלאך און פרעגט מיך:

— חיים, דו ווילסט ווערען פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען?

— איך וויל, איך וויל! — האָב איך אויסגעשריען.

— און וואָס הערט זיך עפּעס מיט דעם „שמע ישראל"? דו פאַר־שטעהסט דאָך אליין, חיים, אז זייענדיג א איד, וועסטו קיין פּרעזידענט ניט קענען זיין, איז ביי דיר רעכט אָפּצוגעבען דעם „שמע ישראל" פאר דעם כבוד?...

— ניין, ניין! — האָב איך מיט אלע מיינע כחות אויסגעשריען. דער געשריי „ניין" איז געווען אזוי שטארק, אז איך האָב זיך פון איהם אויפ־געכאפּט. אָבער איך האָב געפיהלט דאן אזוי גליקליך, אז גליקליכער

קען שוין גאָרניט זיין. און אז איך האָב מיך אויסגעטשוכעט און גענומען נאָכדענקען, האָב איך מיך א פרעג געטהאָן:

— וואו האָט דער איד גענומען אַזאַ אונשעצבארען ברילּיאַנט, וואָס ער וויל דאָס פאר „כל הון דעלמא” ניט אָפּגעבען? אין וועלכער שול האָט ער געשטודירט, אז דאָס איז איינגעשטעמפּעלט געוואָרען ביי איהם אין די בלוט און עס פליסט דורך אין גאנצען קערפּער?...

אָט די שול איז געווען מצרים, דער גלות האָט איהם אויסגעלייטערט, געמאכט איהם פאר א געזעצטען, דענקענדען מענשען און איינגעקריצט אין זיין מוח דעם „שמע ישראל”.

דעריבער איז שוין קיין וואונדער ניט, וואָס אברהם האָט ניט געבעטען דעם אויבערשטען, אז ער זאָל זיינע קינדער אין מצרים ניט שיקען, ווייל ער האָט געוואוסט, אז דער גלות וועט זיי פאר מענשען מאכען...

# חמשה עשר באב

עס איז פֿאַראַן ביי אונז ימים־טובים גרויסע, טומעלדיגע, שווערע, וואָס קאָסטען אָפּ א סך צייט, געלד, געזונד און ארבייט ביז מען ברענגט זיי ארייך, און ווען אזא יום־טוב קומט אָן, האָט דער איד אפילו קיין כח ניט זיך צו פרעהען מיט איהם.

עס זיינען ווידער פאראן ימים־טובים, וואָס קומען אָן און געהן פארביי גאָר אומבאמערקט, ניט מען רעדט פון זיי, ניט מען גרייט זיך פאר זיי און ניט מען האָט זיי אין זינען, זיי זיינען פארגעסענע ימים־טובים.

צו די פארגעסענע אידישע ימים־טובים, געהערט אויך דער פופצעהנטער טאָג אין חודש אב.

פרעגט אדרבא, א אידען פון דער גאַס, צו ווייסט ער, אז מיר האָבען די וואָך געהאט א יום־טוב? און אויב ער האָט שוין יאָ געהערט פון חמשה עשר באב, צו ווייסט ער זיין אָבשטאַמונג און זיין באדייט? און דאָך איז אַמאָל געווען חמשה עשר באב איינער פון די שעהנסטע אידישע ימים־טובים, אזוי שעהן ווי יום כפור.

נאָר יום כפור איז געבליבען ביי אונז א טאָג פון וויינען און פאסטען, און חמשה עשר באב איז אין גאנצען פארגעסען געוואָרען.

די גמרא דערצעהלט אונז, אז אין דעם טאָג פלעגען די אידישע טעכטער צוזאַמענקומען אין די וויינגערטנער טאנצען, אַלע זיינען געגאנגען אָנגעטהאָן אין איינפאכע ווייסע קליידער, מיט דעם צוועק, אז די אָרימע מיידעל זאָל ניט פארשעהמט בלייבען.

און געטאנצט האָבען אלע צוזאמען, די רייכע און די אָרימע, די שעהנע און די מיאוסע, פון אלע זייטען האָבען געשטראָמט בחורים וואָס זיינען געשטאנען אין שדוכים, געקומען זיינען זיי מיט דעם צוועק, זיך אויסצו־קלייבען א כלה.

# דר. י. ל. שניצער

טאנצענדיג, האָט יעדער מיידעל געזונגען שעהנע צניעות׳דיגע לידער, אויסרעכענענדיג די מעלות וועלכע זי באזיצט און ווי גליקליך א מאן וועט לעבען פאר איהר.

קורץ, חמשה עשר באב איז געווען דער יום־טוב פון גלייכקייט, דער יום־טוב פון שטילע האָפענונג, דער יום־טוב פון יוגענדליכער פרייד, טויזענ־דער שדוכים זיינען אין דעם טאָג אויסגעפיהרט געוואָרען, כאָטש מיר האָבען ניט קיין סטאַטיסטיק וועגען דעם.

אין דער געשיכטע פון דער „פלגש־בגבעה״, ווען דער גאנצער שבט בנימין איז שיער ניט אויסגעראָט געוואָרען און עס זיינען פארבליבען נאָר זעקס הונדערט יונגעלייט, וועלכע האָבען ניט געקענט קריגען קיין כלות, האָבען די אידישע פיהרער צו זיי געזאָגט:

„זינט יאָהרען און יאָהרען האָבען מיר דאָ אין „שילה״ א גרויסען יום־טוב, געהט און באהאלט זיך אין די וויינגערטנער, און ווען איהר וועט זעהן די טעכטער פון שילה אַרויסקומען טאַנצען, זאָלט איהר כאַפּען יעדערער פאַר זיך אַ ווייב פון שילה׳ס טעכטער.

אין געוויסע געגענדען פון פראנקרייך און שפּאניען, האָבען די אָרטיגע איינוואוינער נאָך היינט אויך איין מאָל אין יאָהר אזעלכע שעהנע טאנץ ימים טובים.

נאָר ביי אונז אידען האָט דער טאָג פארלאָרען זיין אמאָליגען באדייט, פארגעסען געוואָרען איז דער שעהנער אידישער יום־טוב פון יוגענדליכע באַקאַנטשאַפט און יוגענדליכע האָפענונגען, „מאמאָן״ דער געלד גאָט, האָט איצט דעם פּאָדריאד איבערגענומען. אנשטאָט יענע שעהנע נאַטירליכע בלומען, דערלאנגט ער די בחורים איצט א בינטעל נאָכגעמאכטע, ארטי־פישעל בלומען, און אנשטאָט יענע זיסע צניעות׳דיגע געזאנגען, גיט ער די בחורים א קלונג מיט זיין געלד־בייטעל... און דער קלונג באצויבערט זיי כלומרשט אויף א ווילע.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ווען מען האָט געפייערט דעם אכט הונדערט יעהריגען געבורטסטאָג פון דעם רמב״ם זצ״ל האָט איהם אָנגענומען א חשק אריינצוקוקען אין זיין

# מענש און תורה

„מורה נבוכים", גריבלענדיג זיך דאָרטען אין זיין פילאָזאָפיע, איז ער בשתומם געוואָרען פון די פרייע געדאנקען וואָס ער האָט דאָרטען געפונען. פרעגט זיך די פראגע: ווי קומט עס, אז אזא גאון אויף וועלכען מען האָט געזאָגט: אז פון משה'ן (משה בן עמרם) ביז משה'ן (משה בן מיימון) איז נאָך אַזאַ משה ניט געווען, צו שרייבען אזעלכע פרייע געדאנקען? שטעלט זיך פאָר, ווען איך וואָלט אזעלכע געדאנקען געשריבען, וואָלט מען מיך דאָך געהאלטען פאר דעם גרעסטען אפיקורס...

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם יונגענמאַן:

צו א געוויסען רב איז געקומען א יונגערמאן נאָך סמיכה. אין פאר־לויף פון שמועס, האָט דער יונגערמאן ארויסגעזאָגט א פרייען געדאנק, וואָס דעם רב איז דאָס ניט געפעהלען געוואָרען. זאָגט דער רב צו איהם:

— ווי קומט צו אייך אזעלכע פרייע געדאנקען? צו דען ווייסט איהר ניט, אז א איד וואָס קלייבט זיך צו ווערען א רב, טאָר אזעלכע זאכען ניט רעדען?...

— רבי — האָט דער יונגערמאן זיך גענומען פארענטפערען — דער געדאנק איז ניט מיינער, דאָס איז דעם רמב"ם'ס א חקירה אין זיין מורה נבוכים.

— דער רמב"ם האָט געמעגט פילאָזאָפירען — האָט דער רב צו איהם א זאָג געטהאָן — אָבער איהר האָט קיין רעכט ניט דערצו...

— סטייטש רבי? — האָט דער יונגערמאן איהם א פרעג געטהאָן, — פאַרוואָס האָב איך קיין רעכט ניט?

— אָט וועל איך דיר דערצעהלען א מעשה: — האָט דער רב איהם געענטפערט:

„רב בערעל דער סוחר איז געפאָהרען מיט זיין בעל עגלה אין א גע־וויסע גרויסע שטאָדט איינקויפען סחורה, ווען זיי זיינען צוגעקומען לעבען סקלאַד, איז רב בערעל אריין אין געשעפט און דער בעל עגלה איז געבליבען זיצען אויף זיין קאָזלע אין דרויסען.

„קלייבענדיג די סחורה, האָט רב בערעל ניט ווילענדיג א שפּאַר געטהאָן מיט זיין האַנד אין פענסטער און אויסגעבראָכען א שויב, איז דער קרעמער צו איהם צוגעלאָפען און א זאָג געטהאָן:

# דר. י. ל. שניצער

„איהר האָט זיך אודאי דערשראָקען רב בערעל? שרעקט זיך ניט, שרעקט זיך ניט. אבי גאָט צו דאנקען איהר האָט זיך ניט צעקאַליעטשעט, נאָט אייך א גלעזעל ווייז רב בערעל, דאָס וועט אייער שרעק פאַרטרייבען.

„דער בעל עגלה האָט דערזעהן אז מען קריגט א גלעזעל וויין פאר צוברעכען א שויב, האָט ער גענומען זיין בייטש־שטעקעל און איז צוגע־גאנגען צום פענסטער און האָט אויסגעבראָכען איינִיגע שויבען. פארשטעהט זיך דאָך אז די אָנגעשטעלטע זיינען באלד ארויסגעלאָפען און איהם גוט צובראָכען די ביינער און ער האָט נאָך געמוזט פאר די שויבען אויך באצאָהלען.

„סטייטש? וואו איז יושר? האָט דער בעל עגלה א פרעג געטהאָן, רב בערעל האָט צובראָכען א שויב האָט איהר איהם מכבד געווען מיט א גלאָז וויין און אז איך האָב צובראָכען א שויב האָט איהר מיר דערלאנגט גוטע קלעפ און איך האָב נאָך געמוזט באצאָהלען פאר דער שויב אויך...

„שוטה, האָבען זיי איהם גענטפערט, וואָס גלייכסטו זיך צו רב בערלען?... רב בערעל גיט אונז א סך צו לייזען, איז דעריבער אז ער האָט אויסגעבראָכען א שויב, האָבען מיר איהם מכבד געווען מיט א גלעזעל וויין, אָבער צו וואָס ליידען פון דיר? דו האָסט אונז געגעבען עפּעס א סך צו לייזען?"

דער רמב"ם האָט געגעבען א סך צו לייזען דעם כלל ישראל, ער האָט געמאַכט א „פירוש המשניות" א „יד החזקה" און נאָך אזעלכע טייערע ספרים, מוזען מיר אויך ליידען פון זיין „מורה־נבוכים" אָבער צו וואָס דארפען מיר ליידען פון אייך? איהר האָט אונז עפּעס א סך געגעבען צו לייזען?...

# ראה

דאָס מדבר־פאָלק איז געקומען צו אַ געוויסען פונקט פון לעבען, צו אַ שווערער פּראָבלעמע וואָס זיי האָבען ניט געקענט לעזען.

צוויי בערג שטעהן פאר זייערע אויגען: גרזים און עיבל,ביידע קוקען אויס גלייך. אויף ביידע בערג שפּרייט זיך אויס די טיפע בלויקייט פון הימעל, ביידע טראָגען אויף זיך דעם כשוף פון דער נאַטור, אבער זיי פּיהלען ווי עס טאנצען ארום, ארום זיי פארשידענע כחות, ברכות און קללות, לעבען און טויט, עהרליכקייט און שווינדעל, גוטס און שלעכטס, און נאָך אזעלכע עקסטרעמען, אָבער זייערע מחות זיינען צו קליין זיי פאַנאַנ־דערצוטיילען.

איז זיי געקומען צו הילף זייער גרויסער פיהרער משה און האָט צו זיי געזאָגט: „ראה, קינדערלאך! קוקט אָן די קאַנדידאטען וועלכע דרעהען זיך ארום אייך, מען דארף זעהר פאָרזיכטיג זיין מיט זיי". און דערביי האָט ער גענומען פאר זיי מאָהלען יעדען איינעם אין זיין ריכטיגען גע־שטאַלט.

„אבד תאבדון" — פאַרניכטעט די געטער פון די הויכע בערג וועלכע מען האָט אַ נאָמען געגעבען לופט־עטער. און אויך די געטער פון די בוימער וועלכע מען האָט אַ נאָמען געגעבען נאַטור. לאָזט זיך ניט פאַרפיהרען פון פאַלשע פּראָפעטען, טרינקט ניט קיין בלוט. „עשר תעשר" העלפט דעם אָרעמאַן, עסט ניט קיין אומווירדיגע באשעפענישען, איבער־הויפּט וויכט אויס דעם חזיר. ער שטעקט איבעראל זיינע פיס און ווייזט אז ער איז כשר, אָבער „ולא גרה" — ער גיט אין ערגעץ קיין פּעני ניט! אמת, די טאנצענדע כחות וועלכע דרעהען זיך ארום אייך קוקען אויס גלייך, אָט אזוי ווי די צוויי בערג צום ביישפּיל, ביידע ציהען ארויף אויף זיך יראת־שמים פּנים'לאך. ביידע, ווידער, קומען אין נאָמען פון וואויל־

# דר. י. ל. שניצער

טהאַט און מענשליכקייט, אָבער טיילט זיי פאַנאַנדער, קינדערלאַך! דאָס גוטע אויפ׳ן באַרג גרזים און דאָס שלעכטע אויפ׳ן באַרג עיבל.

איצט אָבער האָבען מיר ניט אזעלכע גרויסע פּסיכאָלאָגישע פיהרער, וועלכע זאָלען אריינדריינגען אין די נשמות פון אונזערע מאַכערס, קנאַקערס און טאָן־געבערס. דרעהען זיך טאַקע ארום אונז ארום גרזים און עיבל צוזאַמען און טאַנצען פאַר אונז א תערובות׳דיגען טענצעל. עס האַפּקעט זיך אמת און שקר, סמיכה און דיפּלאָמע, רב און מגיד, בערד און משגיחים, מתעסקים און „אָנדערטייקערס״, טשאַפּעל און קאַפּעל, וואָכעדיגע אידען, שבת׳דיגע אידען, ימים־נוראים׳דיגע אידען, נאַציאָנאַליסטען, אידישיסטען, ציוניסטען, מזרח׳יסטען, אגודה׳ניסטען און נאָך אזעלכע, ווייל מיר האָבען ניט קיין פּסיכאָלאָג־פיהרער וואָס זאָל א זאָג טהאָן צו אונז דעם ריכטיגען „ראה״!

***

א מאָדנע רעטעניש איז דער מענש. מען קען איהם פארגלייכען צו אַלץ אין דער וועלט און עס וועט זיך גלייכען.

אונזער אלטער דור שרייט אויס מיט באגייסטערונג: רעספּעקט פאַר׳ן קליינעם מענשעלע, ווייל ער איז בלויז עטוואָס קלענער פאַר גאָט!

די מוסר׳ניקעס גלייכען צו דעם מענשען צו א שטיק האָלץ, צו א פלאָקען, צו א בוים, צו א שערבעל, צו א פאַרוויאנעט בלעטעל און צו נאָך אזעלכע זאַכען.

מאַנכע פּאָעטען, ווידער, גלייכען צו דעם מענשען צו א שפּיעל־אינסטרומענט מיט טויזענד סטרונעס. אָט דער צוגלייך אפּעלירט מעהר צו מיר ווי די אַלע פריהערדיגע צוגלייכענישען, דער מענש איז א פידעל, א פּיאַנאָ, אַן ארגעל, א קארנעט און אויך א פּאָטאָגראַף אַפּאַראַט וואָס נעהמט אראָפּ די וואונדערבארסטע בילדער. ער איז אויך אַן עלעקטרישע בעטעריע און א בוך אין וועלכען עס ווערען פארצייכענט אַלע פארגאנגענע פּאַסירונגען.

און אזוי ווי מיר פארגלייכען דעם מענשען צו א מוזיקאַלישען אינסטרומענט, דענק איך אז עס וואָלט פיעל וויכטיגער געווען צו לערנען זיך שפּילען מענש ווי צו לערנען זיך שפּילען פידעל אָדער פּיאַנאָ. ווייל אום

# מענטש און תורה

צו שפּילען „מענטש־אינסטרומענט״ פאָדערט זיך מעהר קענטניסע ווי צו שפּילען אלע אנדערע אינסטרומענטען.

האָט ווער א קלעהר געטהאָן וועגען דער קליינער האַרף וואָס געפינט זיך ביים מענטשען אין אויער? אָדער וועגען די קליינעביינדעלאך אין אויער וואָס כאַפּען אויף די קלאַנגען וואָס שוועבען דורך די וועלען פון דער לופט? אָדער וועגען די בלוט־קאַנאַלען וואָס לויפען דורך יעדעס גליעד צו האַלטען אין אָרדנונג דעם גאַנצען מעכאַניזם? האָט יעמאַנד א טראַכט געטהאָן וועגען די טעלעגראַף־דראָטען, די נערוועך, וואָס ברייגגען צו אונז אונצאָהלבאַרע מעסעדזשעס יעדע שטונדע אין טאָג? די „וועסטערן יוניאָן טעלעגראַף״ איז א גאָר נישט, א קינדער־שפּיעל אנטקעגען דעם מענשליכען טעלעגראַף, אנטקעגען דעם מענשליכען מעכאַניזם!

ווען א מענטש זאָל זיך אמאָל נעהמען צייט און זיך אוועקזעצען אין דער „נשמה באָקס״ וואו מען טרעפט זיך צוזאַמען מיט ריינע געדאַנקען און ריינע געפיהלען, דאַן וועט ער זעהן אז ער איז מיליאָנען מאָל מעהר אינטערעסאַנט און מעהר אנציהענד ווי אלע אינסטרומענטען וועלכע זיינע הענט האָבען געשאַפען.

אויף די סטרונעס פון זיין נשמה קען ער פּראָדוצירען אזעלכע עפעק־טען וואָס קיין אינסטרומענט אין דער וועלט קען עס ניט ארויסברייגגען. עס איז ניטאָ אזא שמערץ וואָס די נשמה סטרונעס זאָלען ניט קענען איבערגעבען דייטליך, פון א שטאָך מיט א שפּילקע ביז דער שטאַרקער אגאָניע פון טוידט.

עס איז ווידער ניטאָ אזא פרייד, אַזאַ פאַרגעניגען, וואָס מען זאָל ניט קענען איבערגעבען אויף דעם מענטש־אינסטרומענט אָנפאַנגענדיג פון א געוועהנליכען שמייכעל און ענדיגען מיט די הימלישע פאַרגעניגען פון ליבע.

דער מענטש איז ניט בלויז אן אינסטרומענט, נאָר א גאַנצער ארקעס־טער. עס ווענדעט זיך נאָר וואָס פאַר פינגער עס שפּילען אויף איהם און ווער דער „בענד מייסטער איז״. עס זיינען דאָ נאָטען פאַר ליבע, נאָטען פאַר האַס, נאָטען פאַר פרידען, נאָטען פאַר שטורעם, נאָטען פאַר וויינען, און נאָטען פאַר לאַכען. וואויל איז צו דעם יעניגען וואָס קריגט אלס בענד־מייסטער א קינסטלער וואָס גלייכט ניט קיין שטורעם, קיין טאַראַראַם,

און קיין פויק. אויך ניט קיין קרעכצען, קיין זיפצען, און קיין וויינען. נאָר ער שפּילט אויף די עדעלע נשמה־סטרונעס שטילע, ווייכע, זיסע מעלאָדיען, דאן שווימט דער גאַנצער ארקעסטער אין א זיסע הייליגע באגייסטערונג, אין א זיסע הייליגע הימלישע הארמאָניע.

**
*

פּרעגט מיך א איד א קשיא:

די גמרא זאָגט: „בכל יום ויום בת קול יוצאת ואומרת, אוי לבנים שבעוונותיהם החרבתי את ביתי ושרפתי את היכלי והגליתים לבין האומות, מה לו לאב שהגלה את בניו, ואוי להם לבנים שגלו מעל שלחן אביהם" — יעדען טאָג הערט זיך א שטימע אין חורבות פון ירושלים וואָס קלאָגט: וועה איז מיינע קינדער וואָס צוליעב זייערע זינד האָב איך חרוב געמאכט מיין הויז און פארברענט מיין היכל און זיי פאַרטריבען צווישען די פעל־קער, וואָס איז נאָך געבליבען דעם פאָטער וועלכער האָט פארטריבען זיינע קינדער און וועה איז צו די קינדער וועלכע זיינען פארטריבען געוואָרען פון זייער פאָטער'ס טיש. פרעגט זיך די פראגע: אויב דעם טאַטען פארדריסט אזוי שטאַרק אונזער אומגליק, טאָ פארוואָס זוכט ער אונז ניט צו העלפען? שוין צוויי טויזענד יאָהר ווי מיר בעטען איהם טאָג־טעגליך אין אונזערע תפילות, ער זאָל אונז צוריק אומקערען צו זיין טיש און עס הערט זיך און עס זעהט זיך ניט.

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם מלמד:

א קליין־שטעדטעלדיגער מלמד, אן אָרעמאן, אן אביון האָט זיך מישב געווען זיך ארויסצולאָזען איבער דער וועלט און זוכען עפּעס אן אנדער פרנסה. אמת, קיין קאפּיטאל האָט ער ניט, אבער „היד ד' תקצר"? ביי דעם אויבערשטען איז עפּעס א קונץ צו געפינען פאַר איהם א שטיקעל פרנסה אָהן קאַפּיטאַל? „יגעתי ומצאתי", אז מען זוכט געפינט מען. הכלל, ער האָט זיך צוזאַמענגעפּאקט זיין פּעקעל און זיך אוועקגעלאָזען איבער דער מדינה.

קומענדיג אין א דערבייאיגע גרויסע שטאָדט איז ער אריין אין בית המדרש און זיך אוועקגעזעצט לערנען. דער שמש האָט געזעהן אז דאָס איז

# מענש און תורה

א איד א למדן, איז ער צוגעגאנגען צו רב כאצקעל דעם גביר, וועלכער איז געווען זעהר א גרויסער מכניס־אורח און איהם געבעטען אז ער זאָל נעהמען א תלמיד חכם אויף וועטשערע. רב כאצקעל האָט קיין וואָרט ניט גערעדט און האָט מיטגענומען דעם מלמד מיט זיך אהיים.

דער מלמד איז נשתומם געוואָרען פון דעם גביר׳ס עשירות, איבער־הויפט איז איהם זעהר שטארק געפעלען געווארען א גלעקעל וואָס עס איז געלעגען אויפ׳ן טיש. יעדעס מאָל ווען די בעל הבית׳טע האָט א קלונג געטאָן מיט׳ן גלעקעל, איז אריינגעלאָפען א דיענסט און האָט ארויפגע־שטעלט א נייעם מאכל אויפ׳ן טיש. נפלאות הבורא! ער האָט גאָר ניט געוואוסט, אז דער אויבערשטער האָט באַשאַפען אזא מין אנטיקעל אויף דער וועלט! יאָ, ער מוז זיך אויך אַזאַ מין גלעקעל איינשאפען. מיט אזא גלעקעל איז ער פארזאָרגט מיט חיונה אויף זיין גאַנצען לעבען. קורץ, ער איז אוועק אין א מאַגאזין און האָט איינגעהאנדעלט אזא מין גלעקעל און איז געלאָפען מיט שמחה צוריק אהיים.

קומענדיג אהיים האָט ער געהייסען זיין ווייב גרייטען צום טיש און זיך זעצען לעבען איהם. זיי וועלען באַלד האָבען א קעניגליכע סעודה.ביידע זעצען זיך ביים טיש. ער פאַנגט אָן צו קלינגען מיט׳ן גלעקעל. ער קלינגט און קלינגט, אָבער אין קול ואין עונה, ניטאָ קיין דיענסט און ניטאָ קיין געריכטען. און ווען ער האָט דערצעהלט דער ווייב די מעשה מיט׳ן גלעקעל האָט זי זיך גוט פאַנאַנדערגעלאַכט און זיך צו איהם אָפּגערופען:

„נאַרישער מלמד! ביים גביר אין קיך איז אלעס געווען אָנגעגרייט און דאָס גלעקעל איז בלויז געווען אן אָנזאָג, אז מען זאָל עס צום טיש ברענגען. אבער דו, שלעפער, דו האָסט דאָך אפילו קיין ביסען ברויט אין קיך ניט אנגעגרייט, טאָ וואָס העלפט דיר דאָס גלעקעל?״

אמת, מיר קלינגען שוין מיט׳ן גלעקעל צוויי טויזענד יאָהר און שרייען: ותחזינה עינינו און ולירושלים עירך, אבער וואָס איז די פעולה פון גלעקעל, אז מיר האָבען אין קיך, אין הויז און אין חדר גאָר נישט אָנגעגרייט?

# כי תצא

יפת תואר.

אַז דו וועסט פאַנגען אין דער מלחמה א יפת־תואר, אפילו אן אשת־איש, זאָלסטו זי ניט באַלעסטיגען מיט דיין ליידענשאפט זאָלאנג דער טרויער נאָך איהר פאַמיליע איז נאָך פריש ביי איהר אין הארצען. ערלויב איהר א מאָנאט צייט צו טרויערען נאָך איהר פאַמיליע מיט טרעהרען און אנדערע טרויער־צייכענס, אפילו מיט דינען עבודה־זרה ביי דיר אין הויז. שפּעטער, ווען דו האָסט שוין פארלאָרען דעם חשק צו איהר, טאָרסטו זי ניט פארקויפען צו אן אנדערען און אויך זי ניט מאכען פאר דיין שקלאַפין, ווייל זי איז געווען דיין פרוי. שיק זי אָפּ צוריק צו איהר לאַנד און צו איהר פאַמיליע און זאָל זי געהן בשלום.

נו, פרעג איך אייך: קענט איהר געפינען ביי אן אַנדער רעליגיאָן אַזאַ מין טאָלעראַנץ?

***

אין א געזעלשאפט פון בחורים און מיידלאך איז פאָרגעקומען א פראַגע: וואָס אייגענטליך געפעלט דעם מאַן אין דער פרוי? וואָס ציהט איהם צו איהר? איז עס די שעהנקייט פון איהר פנים, די פאָרם פון איהר קערפּערליכען רייץ, לויט דער אייגענטימליכקייט פון איהר ראָסע, וואָס אפעלירט צו איהם? אדער דאָס איז די שעהנקייט פון איהר נשמה, דער שוואונג פון איהרע געדאנקען, וואָס דערוועקט זיין ליבע, כאָטש זיי מעגען רוהען אין ניט קיין שעהנעם קערפּער?

די מיידלאך האָבען אויסגעדריקט זייער מיינונג, אז עס איז די פרוי מיט דעם שעהנעם פנים וואָס באַ׳כשופ׳ט דעם מאַן און בינדט איהם הענד און פיס אין ליבע צו איהר.

# מענש און תורה

די בחורים האָבען ערקלערט, אז קיין מאַן וועט זיך ניט פארליבען אין א „קוליע שטרוי", וואָס מעהר ווי א שעהנעם פנים און א שלאנקע פיגור האָט זי ניט. א מאַן זוכט אין א פרוי גייסטיגע אייגענשאפטען, אָבער ניט קיין קערפערליכע.

אויסהערענדיג זייער דעבאטע, האָב איך זיך צו זיי אָפּגערופען:

מיינע פריינדע, אין ליבע קען מען קיין באשטימטע כללים ניט שאפען, אין אָריענטאַלישע לענדער, צום ביישפיל, זאָגען די מענער, אז די פרוי האָט גאָר קיין נשמה ניט; איהרע גייסטיגע פעהיגקייטען זיינען קיין שמעק טאַבאַק ניט ווערט, א פרוי דארף נאָר זיין געזונט, שטאַרק און שעהן, לויט ווי זיי באגרייפען דאָרט פרויען־שעהנקייט.

פאַרקעהרט ווידער, אין די ציוויליזירטע איראָפּעאישע לענדער, זיינען פאַראַן מענער וואָס ווערען פאַרכאַפּט פון א פרוי, וועלכע באזיצט הויכע בילדונג און טיפע קענטנישען, כאָטש קערפערליך איז זי ניט אזוי שעהן.

אָבער דאָס איז בלויז נאָר אויסנאַהמס־פעלע, דער דורכשניטליכער מאַן שטעלט זיך מיט גייסט אליין ניט צופרידען, צום גייסט וויל ער אויך א שעהנעם קערפער האָבען. אבער אזוי ווי דיביידע מעלות צוזאמען איז זעהר שווער צו געפינען, קומט די נאַטור דער פרוי צו הילף און גיט דעם מאַן א פּאָר גלעזערנע אויגען, אז ער זאָל זעהן בלויז מעלות און ניט קיין חסרונות, ווי דער פּאָעט זאָגט:

די ליבע איז ווי אווירבעל־ווינד,
זי וואַרפט דעם שטאַרקסטען מענשען אום,
די קלאָהרסטע אויגען מאכט זי בלינד,
די בעסטע קעפּ מאכט זי דום...

און דאָס קען אויך זיין אין אונזער תורה׳ס באַמערקונג אין היינטיגער סדרה.

אז דו וועסט געהן אין דער מלחמה און דערזעהען דאָרטען א יפהפיה, און דו וועסט זיך איינליבען אין איהר. „והבאתה אל תוך ביתך" זאָלסטו זי ברענגען צו זיך אהיים, „וגלחה את ראשה" און זי זאָל אָפּגאָלען איהרע האָר פון קאָפּ, „ועשתה את צפרניה" און זי זאָל זיך לאָזען וואַקסען איהרע נעגעל, „והסירה את שמלת שביה" און זי זאָל אויסטאָן אירע שעהנע נאַציאָ־

# דר. י. ל. שניצער

נאָלע קליידער, „ובכתה את אביה ואת אמה ירח ימים” און זי זאָל וויינען נאָך איהר טאַטען און נאָך איהר מאַמען א חודש צייט. דאַן ברודערקע, און דו ווערסט דערזעהן פאר זיך א פּאָר רויטע פאַרוויינטע אויגען, אן אָפּגעגאָלטע קאָפּ, מיט לאנגע נעגעל און אין אן איינפאכע פּראָסטע קליי־דעל, ווערסטו וויסען אין ווענען דו האָסט זיך פארליבט... צי אין איהר פאר־פוצטען קערפּער, אָדער אין איהר נשמה. און אויב נאָך אזא מין עקספּע־רימענט, ווערסטו זי נאָך אלץ ליבען, דאַן „והיתה לך לאשה” זאָלסטו זי מאַכען פאר דיין ווייב. „והיה אם לא חפצת בה”, ווען אבער נאָך דעם עקספּערימענט ווערסטו זי מעהר ניט ליבען, „ושלחת לנפשה” שיק זי אוועק צוריק צו איהר פאמיליע און צו איהר לאַנד.

**
*

פרעגט מיך א איד א קשיא:

די גמרא דערצעהלט אונז: אז דער נשיא רב גמליאל איז אמאָל געקומען צו רב יהושע בן חנניא אין הויז, האָט ער צו איהם געזאָגט: פון דיין הויז דערקען איך, אז דו ביזט א שמיד, האָט רב יהושע בן חנניא צו איהם א זאָג געטאָן: וועה איז צו דעם דור, וואָס האָט א פרנס וועל־כער פיהלט ניט דעם וועהטאָג פון א תלמיד חכם. פרעגט זיך די פראגע: וואָס האָט רב גמליאל איהם דאָ אזוי אָנגעגריפען, אז ער זאָל איהם אזוי שטארק באליידיגען?

אלס ענטפער אויף זיין פראגע, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם מיניסטער:

א מלך, וועלכער איז געווען זעהר א גוטער, איז אמאָל דורכגעפאָהרען זיין מדינה און האָט געזעהן ווי זיין פאָלק איז נעביך זעהר שטארק פאַר־אָרימט. קומענדיג צוריק אהיים, האָט ער געעפענט די קעניגליכע קאַסע און אָנגעשטעלט איינעם פון זיינע מיניסטאָרען אלס צדקה־גבאי און איהם אָנגעזאָגט, אז ער זאָל זעהן ארויסצוהעלפען אלע ארעמע־לייט וואָס וועלען קומען צו איהם נאָך שטיצע.

דער מיניסטער וועלכער איז געווען א געבוירענער אריסטאָקראט און דערצו נאָך זעהר א רייכער מאן, האָט גענומען זעהר שלעכט באהאנדלען די ארעמע־לייט. אז איינער פלעגט קומען נאָך שטיצע פלעגט ער נעהמען

שרייען אויף איהם, אז ער איז א פוילענצער, אן אָפּגעלאָזענער און א גרויסער ליגנער. איהם פעהלט גאָר קיין זאַך ניט, נאָר ער קומט מיט רמאות געלד צו קריגען. נאָר אום יוצא צו זיין פאר׳ן מלך, פלעגט ער איינעם פון הונדערט אמאָל צוואוואַרפען א פּאָר פּרוטות.

די אָרעמע־לייט זיינען געוואָרען זעהר פאַרביטערט און האָבען אָנגעפאַנגען עפענטליך צו פּראָטעסטירען. ווען דער מלך האָט דערהערט דעם געשריי פון די אָרעמע־לייט, האָט ער געשיקט רופען דעם מיניסטער צו זיך און איהם געפרעגט, ווארום ער טיילט ניט אויס די צדקה אזוי ווי ער האָט איהם געהייסען: פעהלט דען אויס געלד אין קאַסע?

ניין אדוני מלך, האָט דער מיניסטער איהם געענטפערט. געלד איז דאָ גענוג אין קאַסע, נאָר מען טאָר די אָרעמע־לייט ניט גלויבען, זיי זיינען גרויסע שווינדלער און פוילענצער, אפילו ווען זיי האָבען ארבייט, ווילען זיי אויך ניט ארבייטען.

אויסהערענדיג דעם מיניסטער׳ס באריכט, האָט דער מלך גענומען נאָכקלעהרען און איז געקומען צום באשלוס, אז דער מיניסטער טהוט עס ניט, ווייל ער וויל ניט אויספאָלגען זיין באַפעהל, נאָר דער חסרון איז, ווייל ער איז א געבוירענער אריסטאָקראַט און איז זעהר רייך. דער זאָטער גלויבט ניט דעם הונגעריגען, דעריבער דענקט ער, אז די אָרימע־לייט זיינען שווינדלער. ער מוז קריגען א מאַן וועלכער האָט אליין געליטען, דאַן וועט ער אויך מיטפיהלען מיט די אָרעמע.

דאַרף זיך טרעפען, אז אן אלטער אויסגעדינטער גענעראל איז געקומען צום מלך און איהם געבעטען אז ער זאָל רחמנות האָבען אויף איהם און זעהען איהם מיט וואָס צו העלפען, עס איז שוין א פּאָר יאָהר צייט ווי ער האָט פארלאָרען אלע זיינע גיטער און געהט פשוט אויס פון הונגער. האָט דער מלך א טראַכט געטהאָן:

אָט דער גענעראל וועט זיך זעהר גוט פּאַסען אלס צדקה־גבאי, ער ווייס שוין וואָס הונגער מיינט, וועט ער אויך מיטפיהלען מיט די אָרימע מענשען.

רב גמליאל איז געוועז א נשיא בן נשיא, ערצויגען אין רייכטהום און האָט ניט געוואוסט וואָס ארימקייט מיינט. ער האָט גערעכענט, אז

# דר. י. ל. שניצער

יעדער תלמיד חכם האָט געוויס פון וואַנען צו לעבען, און אז ער האָט דערזעהן רב יהושע׳ס ארעמע וואוינונג, האָט ער גערעכענט, אז רב יהושע איז אן אָפּגעלאָזענער מענש, א בטלן. זאָגט ער צו איהם: פון דיין הויז דערקען איך אז דו ביזט א שמיד. האָט רב יהושע צו איהם א זאָג געטאָן: וועה איז צו דעם דור וואָס האָט אזא פרנס וואָס פיהלט ניט דעם וועהטאָג פון די ארעמע תלמידי־חכמים.

# אלול

דער ערשטער סיגנאל פון שופר קלינגט שוין אין אונזערע אויערן, אַן אָנזאָג אויף תשובה, אויף התעוררות, אויף צו ווערען ערהאבענער, נאָבעלער און פילאָזאָפישער, שאַפען די נויטיגע מאָראלישע באגייסטערונג פאר׳ן גאנץ יאָהר, באַטראַכטען טיפער און גרינדליכער דעם מענשליכען לעבען בכלל און דאָס אידישע לעבען בפרט, מאַכען א חשבון הנפש, פאר־שטעהן די פאַרגאַנגענהייט און קוקען אין דער צוקונפט מיט קלאָהרע אידישע אויגען.

דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער באַריהמטער אַדוואָקאַט קלארענס דאַראָו, דער גרויסער קענער פון דער מענשליכער נשמה און ליבעראל, האָט אנומאָלט געהאַלטען א רעדע פאר א פּאָר טויזענד סטודענטען פון א קאָלעדזש. ער האָט צו זיי געזאָגט:

„איך זעה ניט אין לעבען קיין אנדער צוועק ווי נאָר צו האָבען פאר־געניגען, און מעהר פון אַלץ זאָלט איהר דאָס לעבען ניט נעהמען ערנסט״.

קיין נייעס האָט דאָ מיסטער דאראָו אונז ניט דערצעהלט, דער אלטער קהלת האָט זיך אויך באקלאָגט:

„פאַר ווערמען האָב איך געארבייט און זיך אָפּגעזאָגט פון יעדען פאַרגעניגען?״

נאָך שפּעטער האָט איינער ווידער פון די חכמי התלמוד געזאָגט:

„מיין זוהן, נעהם זיך פארגעניגען אזוי לאַנג ווי דו קענסט עס באַ־גרייפען, ווארום אין קבר איז שוין קיין תענוג ניטאָ, און קיינער ווייסט ניט ווען דער טוידט קומט״.

א צווייטער ווידער האָט באמערקט:

„א מענש וועט אויף יענער וועלט מוזען אָפּגעבען דין וחשבון פאר־וואָס ער האָט ניט גענאָסען פון אַלץ, וואָס זיינע אויגען האָבען געזעהן״.

ווי מיר זעהן, איז די פילאָזאָפיע שוין אזוי אַלט ווי דער אידי־שער גלות. געוועהנליך, פאר דעם אלטען אָפּגעלעבטען מענשען פּאַסט

# דר. י. ל. שניצער

זיך דאָס זעהר גוט, ער גיט א וואַרף זיינע אויגען אויף די יונגע יאָהרען, ווען ער האָט געקעמפט, זיך געראַנגעלט, געיאָגט און איבערגעיאָגט, בלייבט ער נעביך ביטער ענטוישט, ער פיהלט אז עס האָט זיך אויסגע־לאָזען אנדערש ווי ער האָט ערוואַרטעט; עס איז ניט ווי עס דאַרף צו זיין — טאָ צו וואָס האָט ער געפיהרט דעם לאַנגען קאַמף? וואָס האָט איהם גענוצט? און אויב ער האָט אפילו דערגרייכט צו רייכטום און מאכט, וואָס גיט עס איהם היינט און וואָס האָט ער געוואונען? וואָלט דען ניט בעסער געווען, ווען אנשטאָט צו פארברענגען זיין יוגענד אין ארבייט און זאָרג, וואָלט ער גענאָסען און הנאה געהאט פון לעבען?

אָבער צו לערנען די יונגוואַרג פון א קאַלעדזש: אַז דער איינציגער צוועק אין לעבען דאַרף זיין זיך איבערצוגעבען צו פארגעניגענס, דאָס איז אביסעל צו געפעהרליך, ווייל זיי קענען דענקען אז לעבען א גוטען טאָג מיינט צו צוברעכען אלע צאַמען, זיין פויגעל־פריי צו טהאָן וואָס איינעם געפעלט, אבי צו באַפרידיגען זיין ליידענשאַפטליכען באגעהר וואָס ער טראָגט אין זיין ברוסט.

אויב די פילאָזאָפיע פון לעבען מיינט נאָר צו לעבען א גוטען טאָג, טאָ ווארום האָט דער מענש דורכגעמאכט אזוי פיעל שווערע צייטען ביז ער איז ארויס פון זיין חיה׳שען צושטאַנד, פון דער פרימיטיווער צייט און דערגרייכט דעם הויכען שטאַפעל פון דער היינטיגער ציוויליזאציע? צו וואָס דער פראָגרעס? צו וואָס די אלע שעהנע אידעאַלען, פאַר וועלכע מיר באַגייסטערען זיך און זיינען געוואָרען מארטירער?

ווען מיסטער דראַו וואָלט זיך אָבער אביסעל פאַרטראַכט אין אונזער אידישער פילאָזאָפיע, וואָלט ער אויסגעפונען, אז מיר אידען פרעדיגען אויך דעם זעלבען געדאַנק, אָבער ניט אויף די גראָבע גשמיות׳דיגע פאַרגע־ניגענס פון לעבען א גוטען טאָג. עס קומט דער חודש אלול, מאכט יעדער איד א חשבון הנפש און פאנגט אָן צו דענקען איבער דעם מענשליכען לעבען, ער פאַרטיפט זיך אין דוד׳ס ווערטער: „אדם להבל דמה וימיו כצל עובר״, א מענש איז א שטיק נאַרישקייט, זיינע טעג געהען ווי א שאָטען פאַרביי, „אנוש כחציר ימיו, כציץ השדה כן יציץ, כי רוח עברה בו ואיננו, ולא יכירנו עוד מקומו״, א מענש איז געגליכען צו גראָז, אָט שפּראָצט עס, אָט בליהט עס, און שפּעטער גיט א ווינד א בלאָז און עס

# מענש און תורה

איז שוין מעהר קיין זכר ניטאָ פון דעם, אזוי ווי זיי וואָלטען גאָר קיינמאָל ניט געווען, איז דעריבער דארף דער מענש זעהן, אז די וויילינקע פון זיין לעבען זאָל האָבען א זין און אן אינהאלט. בוי, פלאנץ און זאָרג פאר די צוקינפטיגע דורות, אז זיי זאָלען ניט אונטערגעהן, דאן, אז דו וועסט דאַרפען אוועקגעהן פון דער וועלט, וועסטו וויסען אז דו האָסט געגעבען דיין מאַרך און דיין צייט, דיין הארץ און דיין נשמה צו פאַרבעסערען די וועלט, איבערלאָזען זי שעהנער, בעסער און הייליגער ווי דו האָסט זי געטראָפען. דו וועסט טאַקע מעהר ניט זיין, אָבער די פרוכט פון דיינע גוטע מעשים וועלען בלייבען אונשטערבליך.

אָט דאָס איז די אויפגאַבע פון דעם אידען אין חודש אלול, א מאָנאט פון התעוררות, אויסצולייזען די מענשליכע נשמה, באפרייען זי פון נשמה שקלאַפעריי. זיך פאַרטראַכטען און מאַכען א חשבון הנפש מיט זיך אליין און זעהן וואו ער האָט ערגעץ אין דער וועלט, ווי ווייט ער איז פארגאַנגען מיט זיינע מעשים ביז איצט, און זאָל באשליסען וואוהין צו ריכטען זיין לעבענס־וועג אין דער צוקונפט.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

אין פרשה שופטים האָט משה אָנגעזאָגט די אידען, אַז זיי זאָלען איינפיהרען „שופטים" אין יעדער שטאָדט און זיי זאָלען משפט'ן דאָס פאָלק מיט גערעכטיגקייט. שפעטער שטעהט: „צדק צדק תרדף", דו מוזט זיך נאָכיאָגען נאָך גערעכטיגקייט אום דעם אמת אויסצוגעפינען. פרעגט זיך די פראגע: מילא געבען ביידע בעלי־דינים גלייכע גערעכטיגקייט, דאָס איז זעהר א שעהנע אויפגאַבע פאר א דין, אָבער נאָכיאָגען זיך נאָך גערעכטיגקייט, דעטעקטיוו־ארבייט צו טהאָן, דאָס איז שוין אביסעל צופיעל איבערטריבען. ווארום, ווי פאַסט אזעלכע זאכען פאר א שופט?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא, האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם „סוחר":

צום ווארשעווער רב, רבי „בעריש מייזעלש" איז אריינגעקומען א איד שבת ביינאַכט מיט א געוויין און האָט דערצעהלט דעם רב די פאָלגענדע געשיכטע:

# דר. י. ל. שניצער

פרייטאג, גאנץ שפעט, איז ער פארפאָהרען צו א געוויסען בעל אכסניא און האָט איהם דערלאנגט פינף הונדערט רובעל צו באַהאַלטען, ווייל ער האָט ניט געוואָלט טראָגען ביי זיך די געלט אום שבת. נאָך הבדלה, ווען ער האָט פאַרלאַנגט פון איהם צוריק זיין געלט, האָט ער גענומען לייקענען, אַז איך האָב איהם גאָר קיין געלט ניט געגעבען צו באהאלטען. בין איך דאָס געקומען צו אייך רבי, אז איהר זאָלט מיר העלפען, איהר מוזט מיך ראטעווען רבי, ווייל די געלט איז ניט מיינע, עס איז פרעמדע געלט, וואָס אָרעמע אידען האָבען מיר אָנגעטרויט, אז איך זאָל פאר זיי סחורה קויפען.

דער רב האָט געשיקט רופען דעם בעל אכסניא און איהם א פרעג געטהאָן:

קענט איהר דעם אידען?

יאָ רבי, האָט דער בעל אכסניא געענטפערט. ער איז געוועזן ביי מיר שבת, געגעסען און געטרונקען, איצט האָט ער זיך צו מיר צוגעטשעפעט, אז איך האָב זיינע פינף הונדערט רובעל צוגענומען, איך גלויב רבי, אז דער איד איז משוגע!

עס קען זיין, אז איהר האָט רעכט, האָט דער רב צום בעל אכסניא געזאָגט. דער איד מוז טאַקע זיין אביסעל געריהרט פון זינען, אבער ווי איך זעה וועט איהר שוין פון איהם אזוי גיך ניט פּטור ווערען, גיט איהם א הונדערט רובעל, און זאָל ער געהן, דער משוגענער!

מילא, אז איהר רבי הייסט, פאָלג איך אייך, איך וועל איהם געבען הונדערט רובעל.

וואָס? האָט דער איד גענומען פארצווייפעלט שרייען, הונדערט רובעל גיט ער מיר? דאָס איז דאָך אויף א שטריקעל זיך אויפצוהענגען...

ווייסט איהר וואָס? האָט דער רבי זיך געווענדעט צום בעל אכסניא, גיט איהם נאָך א הונדערטער און פארטיג!

איך טהו עס צוליעב אייך רבי, איך גיב איהם צוויי הונדערט רובעל און א סוף, און עק!

דאָ האָט זיך דער רב אויפגעשטעלט און א געשריי געטהאָן אויף דעם בעל אכסניא:

יונגאטש! שגץ! עוכר ישראל! איצט ווייס איך אויף קלאָהר, אז דו האָסט דעם אידען באַראַבעוועט, איך קען דיך און ווייס, אז דו ביזט

## מענש און תורה

ניט אזא גרויסער פּזרן, איך האָב אנומעלט געבעטען ביי דיר 10 רובעל א נדבה און דו האָסט מיר ניט געגעבען, איצט ביזטו געוואָרען א פילאַנטראָפּ און שמייסט זיך מיט הונדערטער... שנעל גיב אָפּ דעם אידען זיין געלט, אַז ניט גיב איך דיך באלד איבער צו דער פּאָליציי.

דער בעל אכסניא איז געבליבען שטעהן אהן לשון, און האָט דעם אידען זיין געלט צוריקגעגעבען.

אזוי ווי קיין עדות זיינען ניט געווען, איז נאָכ'ן דין נאָך, האָט דער בעל אכסניא געדארפט שווערען, אז ער האָט די געלט ניט גענומען און פּאַרטיג, אבער רבי בעריש מייזעלש האָט אָנגעווענדעט דעם „צדק צדק תרדף״ און דער איד איז געהאָלפען געוואָרען !...

# סליחות

דער אידישער באַראָמעטער וואָס ווייזט אָן אז די שעהנע זומערדיגע פּאַנאָראַמע געהט זיך בייטען, אנשטאָט דעם שעהנעם קלאָהרען בלויען הימעל, וואָס וויקעלט איין די וועלט אין א פּייכטען פאָרהאנג, און אנשטאָט די גאָלדענע ווארימע זונענשטראהלען געהען מיר קריגען א שטיפמאַמע זון, וועלכע שיינט און ווארעמט ניט. אָט די צייט ענדערונגען ווירקען זעהר פיעל אויף ישראל׳ס פּאָעטישע נשמה. ער ווערט פילאָזאָפיש און נעהמט צוגלייכען זיין לעבען צו דער נאַטור. אָט לעבט ער, אָט בליהט ער, אָט חלומ׳ט ער, אָט האָפט ער, און פלוצים קומט דער טויט און מאַכט א תל פון אלע זיינע חלומות און זיסע האָפענונגען. טראכטענדיג און קלעה־רענדיג, קומט ער צום באשלוס, אז דער מאַטעריעלער לעבען האָט גאָרנישט קיין ווערטה אָהן גייסטיגעס, און אין גייסטיגעס איז ער נעביך זעהר ארעם, לויפט ער צו סליחות און גיסט אויס זיין הארץ פאר זיין באשעפער און זאָגט צו איהם: „לא בחסד ולא במעשים באנו לפניך", ניט מיט חסד און ניט מיט גוטע מעשים קומען מיר צו דיר, מיר ווייסען און מיר פיהלען, אז מיר האָבען דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר ווענינ וואָס אויפגעטהאָן פאר דער נשמה, אָבער אזוי ווי דו ביזט אַן „אל רחום וחנון" האָפען מיר, אז דו וועסט אונז פאַרגעבען.

און דאָס קען אויך זיין אין דער מיין פון דער גמרא:

„כנור היה תלוי למעלה ממטתו של דוד", א פידעל איז געהאנגען איבער דוד׳ס בעט, „כיון שהגיע חצות לילה רוח צפונית מנשבת בו והיה מנגן מאליו", און אז עס פלעגט קומען האלבע נאכט, פלעגט א צפון ווינד א קלאַפּ טהאָן איבער די סטרונעס און די פידעל פלעגט אָנפאנגען צו שפּילען פון זיך אליין, „מיד היה דוד עומד ועוסק בתורה עד שעלה עמוד השחר", פלעגט דוד זיך גלייך אויפכאפּען און זיך זעצען לערנען ביז דער מאָרגענשטערן פלעגט אויפגעהן.

# מענש און תורה

די פידעל וואָס וועקט דאָס מענשליכע הארץ צו אלץ, וואָס איז נאָבעל און געטליך, הענגט דעם גאנצען יאָהר איבער דעם אלגעמיינעם דוד׳ס בעט, מען הערט פון איהר ניט די שעהנע נאָבעלע נשמה טענער, דעם אלגעמיינעם דוד׳ס הארץ שלאָפט א גאנץ יאָהר, די סטרונעס פון פידעל וועקען איהם ניט זיך צו פאַרטראַכטען אין דעם צוועק פון לעבען, „כיון שהגיע חצות לילה״, אָבער ווען עס קומט צו סליחות־נאַכט, דאַן ערוואַכט דער באַהאַלטענער איינגעשלאָפענער גייסט פון דעם אלגעמיינעם דוד, די האַרץ־סטרונעס פאנגען אָן צו שפילען פון זיך אליין געטליכע געזאנגען און א געפיהל פון חרטה פאנגט אָן צו נאָגען אין דער טיפעניש פון זיין נשמה. נאָך א יאָהר פון זיין לעבען איז אוועק אויף נאַרישקייט, ערוואכט דוד פון זיין לעטארגישען שלאָף און נעהמט זיך צו גייסטיגע זאכען, ער אָנערקענט זיינע פעהלערען און בעט א סליחה אויף זיינע פאַרגאַנגענע עוולות.

אָבער די צרה איז, וואָס ניט אלע דוד׳ס געהען צו סליחות. עס געהען צו סליחות בלויז אזעלכע אידען וואָס געהען ארום ליידיג און אין הויז פעהלט א שטיקעל ברויט. אידען וואָס זיינען געווען שעהנע בעלי בתים, האָבען אליין געגעבען צדקה און איצט זיינען זיי נעבאך געוואָרען יורדים; אידען וואָס מוזען נעבאך אויסקוקען אויף דער קצבה פון זייערע קינדער.

געהן צו סליחות האָבען געדארפט די אידען וואָס פיהרען געשעפטען מיט אידען, ווערען רייך פון אידען, און נעהמען קיין אידישע ארבייטער ניט אריין אין זייערע געשעפטען.

געהן צו סליחות האָבען געדאַרפט אָט די „פרות־הבשן״, די אידישע ווייבער וואָס זיינען גבאי׳טעס, מאכערקעס און קנאַקערינס אין די טשאַ־ריטיס, און די אידישע מידה פון רחמנות איז ביי זיי א קאָמעדיע.

געהן צו סליחות דארפען אָט די אידען וואָס אנטלויפען פון זייערע אידישע חברות, פאראיינען און אָרגאַניזאציעס, און שליסען זיך אָן אין די גוי׳אישע לאָדזשען און סאָסייעטיס, אבי זיך צו דערווייטערען פון אידען.

געהן צו סליחות האָבען געדארפט די יעניגע וועלכע האָבען ארונטער־געהאקט פון דעם אידישען בוים, מאנכע א העלפט צווייגען און מאנכע דריי פערטעל צווייגען און געלאָזען שטעהן דעם בוים אין מיטען פעלד א צוהאַקטען און א צוטריקענטען...

## דר. י. ל. שניצער

אָט די אידען דארפען געהן צו סליחות און בעטען, אז דער אויבער־שטער זאָל זיי מוחל זיין זייערע זינד. און אויב אפילו מאנכע פון זיי קומען שוין יאָ ימים נוראים אין שוהל אריין, איז נאָר זייער קערפּער געקומען, אבער זייער הארץ האָבען זיי ערגעץ אנדערש־וואו איבערגעלאָזען.

דאָס דערמאָנט מיך די מעשה מיט די „פיש" און דעם „פוקס".

דער „לויתן", דער קעניג פון די פיש, איז אמאָל זעהר שטארק קראַנק געוואָרען, האָט מען איהם געזאָגט, אז עס איז פאראן פאר איהם בלויז איין רפואה, און דאָס איז, אז ער זאָל אויפעסען דאָס הארץ פון א פוקס. איז דער לויתן ארומגעשוואומען זעהר צוטראָגען און האָט זיך געפרעגט די פראַגע: וואו נעמט מען דאָס הארץ פון א פוקס? ער ווייס אז דער פוקס איז דער קליגסטער פון אלע חיות, ער וועט זיך אזוי מיר ניט, דיר ניט, ניט לאָזען כאַפּען, און דאָ פיהלט ער אז זיינע כחות געהען איהם אויס.

איין טאָג האָבען א גרופּע פיש, וועלכע זיינען געשוואומען נאָהענט צום ברעג, דערזעהן ווי א פוקס ליגט ביים ברעג טייך און ווארעמט זיך פאַר דער זון, האָבען איהם די פיש א רוף געטהאָן און געזאָגט צו איהם:

„אדוני פוקס! מיר זיינען איצט אין זעהר א טרויעריגער לאַגע, אונ־זער קעניג, דער לויתן, איז געשטאָרבען און מיר זיינען געבליבען אָהן א קעניג, און אזוי ווי מיר ווייסען, אז דו ביסט דער קליגסטער פון אלע חיות, זיינען מיר דאָס געקומען צו דיר אלס קאָמיטע פון אלע פיש, אז דו זאָלסט פאַרנעהמען דעם לויתן'ס פּלאַץ און ווערען ביי אונז מלך!"...

„ניין מיינע טייערע!" — האָט דער פוקס זיי געענטפערט — „דאָס איז אונמעגליך! איך לעב אויף דער יבשה און איהר אין וואַסער, טאָ ווי אַזוי וועל איך קענען קעניגען איבער אייך?"

„דאָס איז פון די קלייניגקייטען!" האָבען איהם די פיש געענטפערט. „מיר וועלען דיר געבען א גרויסען פיש און דו וועסט זיך ארויפזעצען ביי איהם אויפ'ן רוקען און דו וועסט ארומשווימען און קעניגען".

דעם פוקס איז דאָס זעהר געפעהלען געוואָרען. עפּעס א קלייניגקייט צו זיין א קעניג! זאָל זיין אפילו איבער פיש, אבער א קעניג איז א קעניג! א כלל, ער האָט זיך ארויפגעכאַפּט אויף דעם רוקען פון א פיש און איז געשוואומען מיט זיי.

# מענש און תורה

ווען זיי זיינען שוין אָבגעשוואומען א היבשע שטרעקע פון ברעג, האָבען די פיש אויסגעזאָגט דעם פוקס דעם גאנצען אמת, אז זיי זוכען בלויז זיין הארץ אלס רפואה פאר זייער אמת'ן קעניג דעם לויתן. הערענדיג אַזאַ בשורה פון די פיש איז דעם פוקס נעבאך פינסטער און ביטער געוואָרען פאר זיינע אויגען. ער האָט אבער זיך געפאסט מוטה און א זאָג געטהאָן צו די פיש:

„נאַרישע פיש! צו דען ווייסט איהר ניט, אז א פוקס טראָגט קיינמאָל ניט זיין הארץ מיט זיך, ער האלט עס באַהאַלטען אין וואַלד אונטער א בוים. איהר ווילט מיין הארץ? גוט! איך וועל אייך דאָס געבען מיט פארגעניגען. נעהמט מיך נאָר צוריק צו דער יבשה, וועל איך אייך געבען מיין האַרץ און איהר וועט אויסהיילען דערמיט אייער קעניג".

די פיש האָבען זיך געלאָזען איבעררעדען און האָבען גענומען שווימען צוריק צו דער יבשה, און ווי זיי זיינען געקומען צום ברעג, האָט דער פוקס א שפרונג געטהאָן און זיך פאנאנדערגעלאכט און איז אוועק זיין וועג.

א סך אידען לאָזען אויך איבער זייערע הערצער אין דערהיים ווען זיי קומען ראש השנה און יום כפור אין שוהל, מאנכע קומען צוליב שטאָט, און מאנכע קומען צוליב אנדערע אורזאכען... אָבער ווי עס קומט מוצאי יום כפור ביינאכט, אזוי אנטלויפט דער פוקס צוריק אין וואַלד אריין פון וואנען ער איז געקומען!...

# ראש השנה

**ראש השנה!**

דו ביזט אן עכט גייסטיג־רעליגיעזער יום טוב, וואָס איז געווידמעט צום גייסטיגען געברויך פון אידישען פאָלק, און אויך צום חשבון הנפש, וואָס א איד מאַכט איין מאָל אין יאָהר צו קאָנטראָלירען זיינע פאַרגאַנגענע טהאַטען און נאָכצוזעהן, אויב זיי פּאַסען מיט די געזעצען פון צדק, מוסר און יושר, מיט וועלכען די תורה האָט איהם באַשאָנקען.

ראש השנה! דו ביזט אויך א וועלט ניי־יאָהר מיט א ציעל, צו רעוואָלו־ציאָניזירען מאָראַליש און גייסטיג די גאַנצע וועלט מיט אלע איהרע פעל־קער וואָס האַסען זיך ביינאַנדער און לאָזען פאַר קנאה שנאה ניט לעבען איינער דעם צווייטען.

ראש השנה! דו ביזט אויך א טרעהרען יום טוב. מיר לייענען און דערמאָנען זיך ווי רחל וויינט איבער איהרע קינדער. רחל דער סימבאָל פון דער אידישער מוטער, וועלכע גיט אוועק איהר לעבען און נשמה פאר איהרע קינדער, ארבייט פאר זיי, טראַכט וועגען זיי, און „מבכה על בניה". זי וויינט איבער איהרע קינדער און לאָזט זיך ניט טרייסטען.

עס איז ניטאָ קיין ריהרענדערע און טראַגישערע לעגענדע, ווי די לע־גענדע ווי רחל, די אידישע מאַמע באַוויינט איהרע קינדער.

דאָס איז געווען אין דער צייט פון דעם ערשטען חורבן. מען האָט געזוכט א שתדלן, א גוטען בעטער, וואָס זאָל זיך מיהען פאר דעם רבונו של עולם, אז ער זאָל ניט אויסראָטען זיין אונגליקליכע אידישע אומה.

איז דער נביא געלאָפען זוכען אַזאַ שתדלן. קברים האָט ער געריסען און געוועקט די פּאָטערס פון דער אידישער נאַציע, די אויפבויער פון דעם אידישען פאָלק, און זיי זיינען געלאָפען צו גאָט, געבעטען, געוויינט, גע־טענה׳ט פאר איהם, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען.

# מענש און תורה

פלוצלינג האָט אריינגעשטורעמט אונזער מוטער רחל, די הימלען האָ־בען זיך געשפּאָלטען פון איהר געוויין און איהרע ווערטער האָבען זיך געגאָסען פון איהר מויל ווי ברענענדיגע לאווא. זי האָט גערעדט ווי נאָר א אידישע מאַמע קען רעדען פון איהרע וועהטאָגען, איהרע טרעהרען האָבען צושמאָלצען דאָס אייז פון דעם גרויזאַמען משפט — דער דערצאָהרענטער כביכול איז מילדער געוואָרען און האָט געטרייסט די פארטרויערטע מוטער:

„וויין ניט, רחל, וויש אָפּ דיינע טרעהרען, דיין ארבייט פאר דיינע קינ־דער וועט באלוינט ווערען, זאָל דיך די האָפענונג ניט פארלאָזען, זיי וועלען צוריקקומען צו דיר און ווערען גוטע אידען".

מיר דערמאָנען די חורבן־לעגענדע אום ראש השנה צו וויזען, אז עס איז ניט גענוג וואָס א איד זיצט אין שוהל און וויינט איבער דעם „לאל עורך דין", עס איז ניט גענוג, וואָס אידישע פרויען קומען אין שוהל פאר עטליכע מינוט הערען „שופר בלאָזען", ווייל דאָס איז ניט דער תכלית פון אידישקייט, ראש השנה איז א מיטעל צו א ציעל, וואו אידישע מאַמעס דארפען אליין באגייסטערט ווערען פאר אידישקייט און ערציהען זייערע קינדער פאר באגייסטערטע אידען.

יענע רחל האָט באַוויינט איהרע קינדער, וועלכע זיינען אוועק צו די גוים. די היינטיגע רחל, די היינטיגע אידישע מאַמעס זיינען גאָר צו־פרידען ווען זייערע קינדער געהען אוועק אין גוי׳אישקע לאָדזשעס און אין גוי׳אישע סאָסייעטיס.

פוסט און לעער ווערען פון טאָג צו טאָג די אידישע שוהלען, די אידישע לאָדזשעס און די אידישע סאָסייעטיס, ווייל דער יונגער אידישער עלעמענט איז אוועק אין פרעמדע פעלדער, אין פרעמדע גערטנער און ווערען באגייסטערט פון א פרעמדע אטמאָספערע און פון אש זרה פון פרעמד פייער!

אָבער דאָס וועט זיך אויך איבערראנדערשען. די אידישע געשיכטע דערצעהלט אונז: אז עס איז געווען אמאָל א צייט, ווען ביי אידען האָט געהערשט דער זעלבער צושטאַנד, אסימילירטע אידען זיינען געקומען ראש השנה אין שוהל, און האָבען קיין אידיש ניט פארשטאַנען. מען האָט גע־מוזט האָבען מענשען וואָס זאָלען דעם עולם פארטייטשען, וואָס עזרא

## דר. י. ל. שניצער

האָט פאר זיי געלייענט פון דער תורה. עס איז געווען א באבילאָנישע אדער א פערזישע פרומקייט אויפ׳ן נוסח פון אמעריקאנער אידישקייט.

אָבער אין יענעם ראש השנה האָט זיך אָנגעהויבען די ערוואַכונג פון אידישען גייסט, אידען האָבען אָנגעהויבען זיך אומצוקעהרען צוריק צו דער אידישער שפּראַך און האָבען אויסגעדריקט זייער פּאַראַכטונג צו די אַסימילאַטאָרישע טענדענצען.

זייט יענעם ראש השנה איז שוין אריבער דריי און צוואַנציג הונדערט יאָהר, אָבער ווי דעמאָלסט קען יעדער ראש השנה ווערען אזוי היסטאָריש, ווייל אין דעם טאָג פאַרזאַמלען זיך כמעט אלע אידען פון דער גאַנצער וועלט און נעהמען ארויף אויף זיך נייע באשלוסען פאר א שעהנערע און שטאַרקערע אידישקייט, וואָס מוז זיך אָנפאַנגען פון די איצטיגע רחל׳ס, די ערציהערינס פון דעם דור.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

ער קען אזעלכע לייטע, וואָס א גאַנץ יאָהר זעהען זיי קיין שוהל אין די אויגען ניט אָן, נאָר אז עס קומט ראש השנה און יום כפור קומען זיי אין שוהל, קויפען אן עליה, שנדר׳ן א פּאָר דאלאר און דער עולם לויבט דעם „שנדר־קאַנדידאַט" ביז אין הימעל אריין. פרעגט זיך די פראגע: הייסט דאָס ריכטיג געהאנדעלט? אוועקצושטעלען די ניט־פרומע מיט די פרומע אויף איין משקל און זיך פראַלען מיט זיי, וואָס איז? זיי האָבען געגעבען א פּאָר דאלאר.

אלס ענטפער אויף זיין פראגע האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע סוחרים:

עס איז געווען אמאָל א באריהמטער רייכער סוחר, וואָס כמעט די גאַנצע געגענד ארום האָט געלעבט פון זיינע חסדים. יעדער קרעמער, אָהן אויסנאהם, פלעגט קריגען ביי איהם א יעהרליכען קרעדיט און גאנץ אָפט אויך א גמילת חסד. זיין ווערטעל איז געווען: נעהמט קינדערלאך, וויפיעל סחורה איהר דארפט, נאָר אז עס קומט ענדע יאָהר, זייט אָרענטליכע מענשען און באצאָהלט די אלטע חובות, אז איהר וועט באצאָהלען די אלטע שולדען, וועט איהר אויך קריגען א קרעדיט אויף ווייטער.

# מענש און תורה

יעדען יאָהר, ענדע זומער פלעגט דער סוחר ארומפאָהרען איבער די שטעדט און שטעדטלאך צו קאָלעקטירען זיינע חובות. די סוחרים האָבען שוין געוואוסט אז אין דעם און דעם טאָג דארפען זיי אָפּ׳סילוק׳ן די אלטע חובות און בעטען א פרישען קרעדיט אויפ׳ן נייעם יאָהר.

דאַרף זיך טרעפען אן אונגליק, אז איין שטעדטעלע איז אָפּגעברענט געוואָרען און איהרע איינוואוינער זיינען געבליבען אָרימע לייט, אביונים און דאָ רוקט זיך שוין באַלד אונטער דער טאָג, ווען דער סוחר דאַרף קומען קאָלעקטירען זיינע חובות. יעדערער האָט אפילו אָפּגעשפּאָרט עפּעס אויפ׳ן חוב, אָבער דאָס איז אזוי ווינציג, אז עס איז א שאַנדע דאָס דעם סוחר צו דערלאַנגען. פּרוטות און קליינגעלד, קליינגעלד און פּרוטות. ער וועט זיך געוויס געפינען באליידיגט פון דעם. איז ביי זיי געבליבען, אז אַלע זאָלען צוזאַמענלייגען די אלע פּרוטות און קליינגעלד אין איין פּעקעל און זאָגען צום סוחר: „נא, הארינקע! דאָס איז אונזער גאַנצער פאַרמעגען וואָס מיר האָבען געקענט צוזאַמענקלייבען, און דאָס גיבען מיר דיר אוועק און מיר פאַרלאָזען זיך אויף זיין חסד״. ווען דער סוחר וועט דערזעהן אָ היבשען פּעקעל, וועט ער וויכער ווערען און וועט אונז געוויס דאָס איבעריגע מוחל זיין.

און אזוי איז טאַקע געווען. ווען די סוחרים האָבען איהם דערלאנגט א גרויסען פּעקעל מיט געלד, האָט ער איינגעזעהען, אז זייער ווילען איז גוט, נאָר זיי האָבען נעביך ניט, האָט ער זיי מוחל געווען דעם אלטען חוב און זיי געגעבען א נייעם קרעדיט.

דער אויבערשטער איז אונזער סוחר, וועלכער קומט איין מאָל אין יאָהר קאָלעקטירען די אלטע חובות און געבען אונז א קרעדיט אויף ווייטער. מיר זיינען אָבער גרויסע ארימעלייט, מעהר ווי פּרוטות׳דיגע מצוות און גראָשענדיגע מעשים טובים האָבען מיר ניט געקענט צוזאַמענקלייבען, האָבען אונזערע חכמים אונז געגעבען אן עצה, אז מיר זאָלען מאכען „תפלה־בצבור״, דורכמישען אלע אונזערע מעשים אין איין פּעקעל, און אז דער סוחר וועט דערזעהען, אז עס איז דאָ קיין עין הרע א געפּאַקטע שוהל מיט אידען און דערצו נאָך א גרויסער פּאַק אָנגעפילט מיט תשובה, תפלה און צדקה, וועט ער געוויס אונז מוחל זיין די אלטע חובות און אונז געבען קרעדיט אויף ווייטער.

# תקיעת שופר

דער נשמה שפּיגעל פון יעדער נאַציע איז איהרע ימים טובים, אין די פייערונגען שפּיגעלט זיך אָפּ דער כאַראַקטער פון פעלקער, זייער פּסי־כאָלאָגיע און נייגונגען אי צום גוטען און אי צום שלעכטען.

בעזאָנדערס אָבער צייכענט זיך אויס דער איד אין זיינע ימים טובים, עס קומט, צום ביישפּיעל, זיין ניי יאָהר, פאַרטיפעט ער זיך צעהן טעג צייט אין דער פילאָזאָפיע פון לעבען; וואָס איז לעבען? וואָס איז דער זין פון לעבען? וואָס איז דער תכלית פון לעבען? און וואָס איז דער אינהאַלט פון לעבען? און ער קומט צום באַשלוס אַז לעבען מיינט ריינקייט, שעהנקייט, און הייליגקייט; געבען זיין צייט, זיין מאַרך, זיין האַרץ און זיין נשמה צו פאַרבעסערען די וועלט, איבערלאָזען זי שעהנער, בעסער און הייליגער ווי ער האָט זי געטראָפען, אויפטהאָן עפּעס פאַר די צוקונפטיגע דורות כדי דער נאָמען איד זאָל ניט אָפּשטאַרבען. קורץ, ער זוכט אַ תיקון פאַר דער מענשליכער נשמה, אויסלייזען זי פון שקלאַפעריי, און באַלייכטען זי מיט שטראַהלען פון דער שכינה, קעמ־פען מיט דער חיה, מיט'ן שטן וואָס זיצט אין יעדען מענשען וועלכער איז דער קוואַל פון אַלע שלעכטס און אומריינעס.

צו דעם צוועק באַנוצט ער זיך מיט'ן קול פון „מלחמה שופר", ער רייסט דורך די לופט, שאַלט און רופט צו די זון־אידען, די לומדים און משכילים, צו די לבנה־אידען, די איינפאַכע און פּראָסטע, צו די קאָנ־סערוואַטיווע אידען, צו די ליבעראַלע אידען, צום אַלטען דור און צום נייעם דור.

„תקיעה" — אַנטלויפט קינדער פון דער וואָכעדיגקייט פון אייער לעבען. „שברים" צעבראָכען איז זייער הויז אויף טויזענדער שטיקלעך, „תרועה" — מאַכט, קינדערלעך, אַ חשבון הנפש און פאַנגט אָן צו

## מענש און תורה

לעבען דעם נייעם יאָהר אַ שעהנערען, בעסערען און הייליגערען לעבען ווי איהר האָט לעצטען יאָהר געלעבט.

***

תקיעת שופר!

זאָגען אונזערע חכמים: „האיל שנברא בין השמשות לא יצא ממנו דבר לבטלה" — פון דעם באַראן, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען ערב שבת בין השמשות צו פאַרנעהמען יצחק'ס אָרט ביי דער עקידה, איז קיין זאַך אין ניוועץ ניט געגאַנגען, „עפרו של איל הוא יסוד של מזבח הפנימי" — די אַש פון ווידער איז דער פונדאַמענט פון דעם אינערליכען מזבח. „גידיו של איל נימים של כנור שהיה דוד מנגן" — פון די אָדערען איז געמאַכט געוואָרען דוד'ס פיעדעל. „עורו של איל הוא אזור מתניו של אליהו הנביא" — פון דער פעל איז געמאַכט געוואָרען אליהו הנביא'ס גאַרטעל. „קרניו של איל — של שמאל תקע הקב"ה על הר סיני, וקרן של ימין לתקוע בו בקבוץ גליות לעתיד לבוא" — פון דעם לינקען האָרן איז געמאַכט געוואָרען דער שופר וואָס מען האָט געבלאָזען אויפ'ן באַרג סיני און פון דעם רעכטען האָרן איז געמאַכט געוואָרען דער שופר, וואָס מען וועט בלאָזען ווען משיח וועט קומען.

וואָס פאַר אַ הויכער טיעפער פילאָזאָפישער געדאַנק ליגט באַהאַל־טען אין דיזע ווערטער:

דער באַראַן פון יצחק'ס עקידה דאָס איז דער סימבאָל פון מסירת נפש, פון זעלבסט אויפאָפּפערונג, דער כח ווערט באַשאַפען אַם מעהרסטענס בין השמשות, ווען פון איין זייט געהט אונטער די זון פון אידישער קול־טור, און פון דער צווייטער זייט געהט זי אויף. דער איינפלוס פון מסירת נפש, ווידער, געהט קיינמאָל ניט אין ניוועץ, זיין אַש איז דער פונדאַמענט פון דעם מזבח הפנימי, פון אידישען האַרץ וואו עס ברענט אַן אייביגער פייער, מעגסטו זיין אָפּגעריסען פון שטאַם, מעגסטו זיין אַסימילירט, אָבער דער פייער פון מזבח הפנימי לעשט זיך קיינמאָל ניט אויס. פון די אָדערען — סטרונעס צו דוד'ס פידעל, א סימבאָל פון אידישען

# דר. י. ל. שניצער

גלות, דאָס לעבען איז ביטער, דוד ווערט פאַרפאָלגט פון זיינע שונאים, און „מזמור לדוד", דוד זינגט, אין צרות, אין יסורים, אין גלות, דוד אָבער פאַרלירט ניט זיין מוטה, זיין פידעל שפּיעלט. פון דער פעל — אליהו הנביא'ס גאַרטעל, וועלכער האָט געקעמפּט פאַר'ן אמת, פאַלשע נביאים ווילען אונז פאַרשלעפּען אין איזבל'ס אַסימילירטע טעמפּעלס, מיר אָבער גאַרטלען זיך אונטער מיט אליהו הנביא'ס גאַרטעל און קעמ־פען דאַגעגען. דער לינקער האָרן איז באַנוצט געוואָרען אויפ'ן באַרג סיני, צו ווייזען אַז אָהן מסירת נפש קען אונזער תורה ניט אָפּגעהיט ווערען. דער רעכטער האָרן, וועלכער איז פיעל גרעסער ווי דער תורה האָרן, וועט דיענען אַלס שופר צונויפצורופען אַלע פאַרוואָגעלטע, פאַר־שטויסענע און אָפּגעריסענע אידען פון דער וועלט צו דער גאולה.

***

פרעגט מיך אַ איד אַ קשיא:

מיר זאָגען אין פּיוט: „בנפשו יביא לחמו" — מיט'ן נפש, מיט דער נשמה פאַרדינט ער זיין ברויט, פרעגט זיך די פראַגע: ווי איז דאָס מעגליך מיט דער נשמה צו פאַרדינען ברויט? אז דער גוף אַר־בייט אויף אַ לעבען צו מאַכען, דאָס איז פארשטענדליך, אָבער די נשמה? ווי קומט די נשמה צו אַרבייטען אויף אַ לעבען צו מאַכען?

אַלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע צוויי שותפים.

עס איז געווען אַמאָל אַ איד, זעהר אַ גרויסער למדן וואָס פלעגט זיצען טאָג און נאַכט אין בית המדרש על התורה ועל העבודה, ער איז אָבער געווען זעהר אַ גרויסער אביון, ער האָט פּשוט ניט געהאַט פון וואַנען אַ טאָג איבערצולעבען, אין דער זעלבער שטאָדט האָט אויך גע־וואוינט אַ פערד הענדלער אַ פּראָסטער מענש, אַן עם הארץ, אָבער ער איז געווען זעהר רייך, איז געקומען דער פערד־הענדלער צום למדן און צו איהם געזאָגט:

# מענש און תורה

„לאָמיר מאַכען ביידע שותפות! איהר וועט זיצען און לערנען און מיר געבען אַ חלק פון אייער עולם הבא, און איך וועל אייך אויסהאַלטען מיט עסען, טרינקען, קליידער, אַלעס וואָס איהר וועט דאַרפען וועט איהר פון מיר קריגען״. פארשטעהט זיך, אז דער למדן איז גלייך איינגעגאנגען אויף דעם געשעפט און דער מסחר איז געשלאָסען געוואָרען, דער למדן האָט געהאָט געגוג צו עסען און צו טרינקען און האָט מעהר פון קיין נויט ניט געוואוסט, און דער פערד־הענדלער האָט זיך געפרעהט מיט דעם חלק עולם הבא וואָס ער וועט קריגען אויף יענער וועלט.

איינמאָל האָט דער פערד הענדלער איינגעלאַדען דעם למדן צו זיך אַהיים אויף וועטשערע, מען האָט געגעסען אַ גוטען מאָלצייט צוזאַמען און געטרונקען אַ רעכט ביסעל וויין, ביז עס האָט שוין אָנגעפאַנגען צו טאָגען, רופט זיך אָפּ דער פערד־הענדלער צום למדן:

„הער אויס, מיין טייערער שותף, איך פויל מיך עפּעס צו געהן אין מאַרק מיט מיינע פערד, וואָלט איך וועלען, אַז מיר זאָלען זיך אויף איין טאָג בייטען מיט אונזערע ראָלען, דו וועסט געהן אין מאַרק אַריין מיט מיינע פערד, און איך וועל געהן אין בית המדרש לערנען פאר דיר.״

און אַזוי איז געווען, דער למדן האָט גענומען די פערד און איז אַוועק מיט זיי אין מאַרק, און דער פערד־הענדלער איז אַוועק אין בית המדרש און זיך געזעצט איבער אַ גמרא. איצט קען מען זיך שוין פאָר־שטעלען ווי דער עולם האָט געלאַכט ווען מען האָט דערזעהן ווי דער למדן איז געקומען אויפ׳ן מאַרק מיט די פערד און האָט ניט געוואוסט ווי זיי צו האַלטען, צי פאַר די צוימען, אָדער פאַר די עקען, און נאָך מעהר האָט מען געלאַכט ווען מען האָט דערזעהן ווי דער פערד־הענדלער זיצט איבער אַ גמרא אין בית־המדרש, שאָקעלט זיך און זינגט דעם גמרא ניגון, אין דער צייט וואָס ער קען אפילו קיין שייטעל עברי ניט!

דער גוף און דער נפש האָבען צווישען זיך אַ שותפות געשלאָסען, דער גוף זאָל אויסהאלטען דעם נפש מיט גשמיות. און דער נפש זאָל פאַרזאָרגען דעם גוף מיט רוחניות, זיינען אָבער פאַראַן אַזעלכע אידען וועלכע פאַרבייטען די יוצרות... דער גוף זיצט אין בית המדרש און שאָקעלט זיך מעכאַניש... אָהן שום מחשבה, אָהן שום כונה, און דער

## דר. י. ל. שניצער

נפש, די נשמה, שוועבט ארום אין מאַרק און זוכט און טראַכט אויס אַלערליי קונצען ווי אַזוי אַ פּאָר דאָלאַר צו מאַכען... אָט ביי אַזעלכע לייט איז „בנפשו יביא לחמו“, מיט'ן נפש אַרבייטען זיי אויף ברויט, מען פאַרקויפט די נשמה און מען בייט אויס דעם נפש פאַר אַ שטיקעל מעטאַל.

# יום כפור

אין מזרח, אין מערב, אין צפון, אין דרום, אין די ברייטע סטעפּעס פון רוסלאַנד, אין די הייסע מדבריות פון גאָבי און סאַהאַראַ, אין די אונ־ענדליכע פּאַמפּעס פון אַרגענטינע, אויף די בערג פון אַביסיניע, איבעראַל פאַרזאַמלען זיך דעם אַלטען ישראל׳ס זיהן און טעכטער אין זייערע שוהלען און גיסען אויס אין דעם טאָג זייער שווער ביטער האַרץ פאַר דעם אַלמעכ־טיגען גאָט.

אַ גאַנץ יאָהר געפינט זיך דער אייביגער וואַנדערער צוזעעט און צו־שפּרייט איבער׳ן גאַנצען ערד־קוגעל, מען טרעפט איהם אין פאַרשידענע געזעלשאַפטען, אין אַריסטאָקראַטישע קרייזען, אין אָרימע קרייזען, אין פרומע קרייזען, אין אַסימילירטע קרייזען, און אין האַלב־אַסימילירטע קרייזען. אָבער דעם צעהנטען טאָג אין חודש תשרי, הילכט אָב אַ געהיימער רוף אין יעדען אידישען האַרצען און אַ געהיימע קראַפט ברייגנט צוזאַמען די אַלע פאַרוואָגעלטע און פאַרפרעמדטע אידען צו זייער מקור און שטאַם.

און איך בין זיכער, אַז די הימליש־געטליכע ברויזענד־דרינגליכע „כל נדרי״ מעלאָדיע מאַכט ציטערען די הערצער־סטרונעס אפילו פון די יעניגע וועלכע זיינען שוין לאַנג, לאַנג אוועק פון אונז. מעגען זיי זיך פאַרשטעקען אין זייערע רייכע סאַלאָנען, אין זייערע רייכע קאַבינעטען, מעגען זיי זיך אפילו פאַרטיפען אין אַלערליי פאַרוויילונגען און אַלערליי פאַרגעניגענס, אָבער די „כל נדרי״־קולות קלינגען אריין אין אייערע אויערען, עלעקטריזירען זייער נשמה, און וואַרפען אַרויף אַ מעלאַנכאָליע אויף זייערע געמיטער.

*****

**יום כפור.**

ניט גראָד איז עס אַ טאָג פון געוויסענביסע און חרטה, ניט גראָד איז עס אַ טאָג פון איבערבעטען דיינע שונאים, און רייניגען דיין גייסט און דיין נשמה, נאָר אויך אַ יום טוב, וואָס זאָל לעזען די אָנגעוועהטאָגטע פּראָבלעמאַטישע פראַגען פון דיין נאַציאָנאַלען און סאָציאַלען לעבען. „בעשור לחודש ביום הכפורים העבירו שופר בכל ארצכם וקראתם דרור בארץ,

# דר. י. ל. שניצער

ושבתם איש אל אחוזתו, ואיש אל משפחתו תשובו. כי יובל הוא — דעם צעהנטען טאָג אין חודש אום יום כפור זאָל שאלען א שופר איבער'ן גאַנצען לאַנד און אויסרופען פרייהייט צו אלע באזיצער און יעדער איינער זאָל זיך צוריקקעהרען צו זיין נחלה און צו זיין משפחה. אויס שקלאפעריי! אויס פריוואטער אייגענטום! פרייהייט, פרייהייט זאָל פראָקלאַמירט ווערען אין לאַנד צו אלע איינוואוינער!

אָט די אידעאַלסטע און הייליגסטע פייערונג האָט קיין גלייכען ניט אפילו אין דער היינטיגער מאָדערנער צייט, און ווען זאָל זיך דער פריי־הייטס יום טוב אָנפאנגען? יום כפור. נאָכדעם ווי דו האָסט געמאכט א חשבון מיט דיין גאָט, דארפסטו אויך מאַכען א חשבון מיט דיינע מיט־מענשען. דו מוזט צורייסען אלע קייטען פון עבדות, פון שקלאפעריי און גוט מאַכען אלע באגאנגענע עוולות און אומרעכט געגען דעם פאַראָרימטען און נויטבאדערפטיגען קלאַס.

הייליג, הייליג ביזטו, עכט מענשליכער און הומאַנישער יום כפור, ביי אונז פאַרבליבען! אפילו היינט, ווען מיר קענען ניט מקיים זיין דעם „ושבתם איש אל אחוזתו", ווייל מיר האָבען אַליין ניט וואו אונזער קאָפּ אנידערצולעגען, דערפאר אבער זיינען מיר מקיים דעם „ואיש אל משפחתו תשובו" — דער יובל'דיגער שופר תרועה דרינגט אריין אין די הערצער פון די פאַרבלאָנדזשעטע נשמות פון אונזער פאָלק. זיי צוברעכען ביסלעכ־ווייז די קייטען פון אסימילאציע און קומען צוריק צו זייער שטאַם־וואָרצעל. אָט שטעהען היינט ביים רודער פון אונזער גלות־שיף אזעלכע מענשען וועלכע זיינען מיט יאָהרען צוריק געווען גאַנץ ווייט אוועק פון אונז.

***

ווען איך גיב א קוק ערב יום כפור אויף די אלטע, גרייז־גרויע אידען דאָ אין אמעריקא, דאַכט זיך מיר אויס, אַז זייערע הערצער וויינען אין דער שטיל און זייערע בלאַסע ליפען מורמלען: עס איז ניטאָ אַמאָליגע צייטען; עס איז ניטאָ אמאָליגע צייטען!

אמאָל האָט דער אלטער זיידע ערב יום כפור געשפילט זעהר א גרויסע ראָלע. זיינע זיהן און זיינע טעכטער פלעגען ברענגען צו איהם זייערע קינדער, אז ער זאָל זיי בענשען, און דער אלטער זיידע, אָנגעטאָן

# מענש און תורה

אין טלית און אין קיטעל פלעגט ארויפלעגען זיינע מאָגערע, אלטע, ציטערנ־דיגע הענד אויף די יונגע קעפּעלאך פון זיינע אייניקלאך און זיי בענשען מיט דעם אלטען יעקב׳ס ברכה. דריי דורות — דער טאַטע, דער זוהן און דאָס אייניקעל — זיינען געווען פאַראייניגט. די פאַרגאַנגענהייט, די גע־גענוואַרט און די צוקונפט האָבען געהאט איין געדאנק, איין שוהל, איין סדור׳ל און איין תפלה.

דאָ אָבער אין אמעריקא דרעהט זיך ארום דער אלטער זיידע ערב יום כפור איינזאַם און פאַרלאָזען. עס איז ניטאָ קיין פאַראייניגונג צווישען די דריי דורות, יעדערער פון זיי דענקט אנדערש, טראַכט אנדערש, און מען געהט זיך אין דריי פארשידענע פּלעצער: די פארגאנגענהייט געהט אין שוהל, די געגענוואַרט אין טעמפּעל און די צוקונפט אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען.

אין דער אלטער היים זיינען די קינדער געווען געלערענטע, זיי פלעג־גען אליין אויפמישען ערב יום כפור דעם „בני אדם״ און שלאָגען כפרות, אין אמעריקא אָבער זיינען די קינדער קיין לומדים ניט, דאָ שלאָגט מען כפרות מיט׳ן טאַטען, אָדער מיט דער מאַמען. דער מושב זקנים קען דאָס איבערצייגען.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא: אונזערע חכמים זאָגען, אז אלע זינד „שבין אדם למקום״, וואָס דער מענש איז באַגאנגען געגען גאָט איז יום כפור מכפּר. קען דאָך א איד זיך א טראַכט טהאָן: צו וואָס דאַרף איך מיך דרעהען א קאָפּ א גאַנץ יאָהר מיט א שוהל, מיט דאַוונען, מיט בעטען און מיט נאָך אזעלכע זאַכען, אזוי ווי יום כפור איז א טאָג פון סליחה און מחילה, וועל איך דאן קומען אין שוהל און זאָגען צום רבונו של עולם: גאָטעניו! אזוי ווי דו ביזט זעהר א גוטהערציגער און דו ביזט מוחל אלע־מענס זינד, זיי אויך מוחל מיינע זינד. און — פאַרטיג!

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם שווינדלער:

א קרעמער וואָס האָט זיין גאַנצע סחורה גענומען אויף באָרג איז, נעביך, אָפּגעברענט געוואָרען און איז געבליבען אן אָרעמאן, אן אביון. האָבען

## דר. י. ל. שניצער

איהם זיינע גוטע פריינד גערּאטהען, אז ער זאָל אריבערפאָהרען צום פּאב־ריקאנט און איהם דערצעהלען אין וועלכע אומשטענדען ער געפינט זיך און איהם בעטען, אז ער זאָל איהם זעהן צו וואַרטען דעם אלטען חוב, און איהם געבען אביסעל קרעדיט אויף ווייטער.

דער קרעמער האָט אזוי געטאָן. ער איז אריבערגעפאָהרען אין דער שטאָדט, וואו דער פאַבריקאנט האָט געוואוינט, און איז זיך געגאנגען זעהען מיט איהם. אָבער ווי ער איז נאָר צוגעקומען לעבען דעם פאבריקאנט׳ס הויז, האָט ער פארלאָרען דעם גאַנצען מוטה ווייטער צו געהן, ער האָט זיך אוועקגעזעצט אין קאָרידאָר און זיך ביטער פאנאנדערגעוויינט.

ווען דער פאבריקאנט איז ארויסגעקומען זעהען ווער עס וויינט דאָרטען ביי איהם אין קאָרידאָר, איז ער ערשטוינט געווארען זעהענדיג, אז דאָס איז זיין אלטער באַקאַנטער קרעמער מיט וועמען ער האָט יאָהרענלאַנג געהאנדעלט. ער האָט איהם גלייך אריינגענומען צו זיך אין קאַבינעט און איהם גענומען אויספרעגען די אורזאכע פון זיינע טרעהרען, דער קרעמער האָט איהם דערצעהלט פון זיין אומגליק, אז ער איז א נשרף געוואָרען, און לא די וואָס ער קען איהם ניט באצאָהלען די אלטע שולדען, האָט ער אויך איצט ניט פון וואַנען א טאָג דורכצולעבען.

ביים פאבריקאנט איז דאָס הארץ צוגאנגען געוואָרען פון רחמנות. און ער האָט גענומען דעם קרעמער בארוהיגען און טרייסטען: „וויין ניט, מיין פריינד! וויין ניט! איך וויס, אז דו ביזט אן אָרענטליכער מענש, דו ווילסט באַצאָהלען, נאָר דו קענסט נעביך ניט, טאָ הער אויס, וואָס איך געה איצט טהאָן מיט דיר! איך שענק דיר אין גאַנצען דעם אַלטען חוב, און איך געה דיר געבען א נייעם קרעדיט אויף ווייטער״.

דער קרעמער איז געקומען אויף זיין אכסניא מלא שמחה, און האָט דערצעהלט די אַנדערע געסט וואָס פאַר אַ גוט האַרץ דער פאַבריקאַנט באזיצט, ער האָט איהם איצט טויזענד קערבלאך געשאָנקען.

צווישען די צוהערער איז געווען איינער א שווינדלער, האָט ער זיך מישב געווען, ער וועט אויך טהאָן דאָס זעלבע. ער איז אוועק צום פאב־ריקאנט און זיך אוועקגעזעצט ביי איהם אין קאָרידאָר און גענומען וויינען און קלאָגען, ווען דער פאַבריקאנט האָט איהם געפרעגט וואָרום ער וויינט,

## מענש און תורה

האָט דער שווינדלער איהם געענטפערט, אז ער דארף איצט זעהר נויטיג האָבען טויזענד רובעל.

„טויזענד רובעל? — האָט דער פאַבריקאַנט אויסגערופען — מיט וואָס פאר א רעכט קומט איהר מיר בעטען אזוי פיעל געלט?"

„אָט האָט איהר דאָ ניט לאַנג צוריק געשאָנקען אָן אָרעמען קרעמער טויזענד רובעל — האָט דער שווינדלער איהם געענטפערט — מיט וואָס בין איך ערגער פון איהם?"

„שנאָרער, שווינדלער! — האָט דער פאַבריקאנט צו איהם א געשריי געטהאָן, — מיט יענעם קרעמער האָב איך יאָהרען לאַנג געהאַנדעלט און געלייזט פון איהם א סך געלט, אָבער דו שלעפּער, וואָס פאר א מחותן ביזטו מיט מיר צו בעטען ביי מיר טויזענדער? ארויס פון מיין הויז, דו עזות פנים! דיין פוס זאָל זיך דאָ מעהר ניט איינגעפינען."

מען קען זיך אויף אונזער פאַבריקאנט פארלאָזען, ער קען זעהר גוט זיינע קונדען. דער איד וואָס האָט מיט איהם געהאנדעלט א גאנץ יאָהר, איהם מוז ער זעהען ארויסצוהעלפען, אבער די ברואים׳לאך וועלכע קומען מיט א שווינדעל ארויסצוקריגען א רייכע נדבה, אויף די קוקט זיך גאָר אפילו דער פאַבריקאנט ניט אום!

# סוכות

ישראל האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך די ימים־נוראים׳דיגע זשופּיצע און האָט זיך גענומען באַשעפטיגען מיט נאַטור־ארבייט. ער האָט צונויפגעקלאפּט א סוכה׳לע פון ברעטלאך און סכך און געהט דאָרטען וואוינען אויף א וואָך צייט. ער וויל ווייזען דערמיט דער וועלט אז די סוכה איז דער סימבאָל פון לעבען: שוואך, קורץ, שאָקעלדיג און הבל׳דיג.

די סוכה איז דאָס לעבען וואָס פליהט אזוי שנעל,
די סוכה איז די האָפנונג וואָס ווערט באלד א תל,
די סוכה איז די ליבע וואָס שטאַרבט אזוי פריה,
די סוכה איז די יוגענד מיט איהר פּאָעזיע...

***

איך ווייס ניט אויב אלע אידען וועלען דעם יאָהר מקיים זיין די מצוה פון סוכה, אָבער די צערעמאָניע מיט׳ן לולב (נענועים) מאַכען אַלע אידען איצט דורך. מען נעהמט אין דרום־זייט און מען גיט אָב אין צפון־זייט. מען באָרגט אין מזרח־זייט און מען צאָהלט אָב אין מערב־זייט. און גאָט פון אויבען (למעלה) ווייס ווי טיעף מיר ליגען אין דער ערד (למטה).

***

סוכות.

וואונדערבאַר זיינען די היסטאָרישע פּאַסירונגען פון אונזער פאָלק. נאָך איידער ישראל איז געוואָרען א ריכטיג פאָלק, האָט ער שוין געהאט א קאָנסטיטוציע, א תורה וואָס זאָל זיין צוגעפּאסט פאר זיין אַרט פיהלען און דענקען. און נאָך איידער ער האָט זיך א שטיקעל באָדען ערוואָרבען, האָט ער שוין גענומען מאַכען מאנעוורעס און פּראָבע־מאָביליזאציעס מיט בויען סוכות און ביידלאך — ערשטענס, זיך צוצוגעוואוינען ביסלאכווייז צום

פעלד און קאמף לעבען, כדי ער זאָל פעהיג זיין צו פאַרטיידיגען זיין צו־קונפטיג פאָטערלאנד, און צווייטענס, ער זאָל קיין צופיעל פאַרשווענדעריש לעבען ניט פיהרען.

ווען מיר לעזען דורך די וועלט־געשיכטע, זעהן מיר אז א סך, א סך גרויסע און רייך געוואָרענע פעלקער ווען די הצלחה האָט העכער גע־שטעלט פון אנדערע פעלקער, האָבען פארגעסען זייערע אמאָליגע שוואכקייט און שפלות און האָבען אויסגענוצט זייער פריש באקומענע גבורה צו אונ־טערדריקען די פעלקער מיט וועלכע זיי האָבען אמאָל צוזאמען גע׳גלות׳ט. זיי האָבען אויך אויסגענוצט זייער רייכקייט צו באָדען זיך אין דער גרעס־טער לוקסוס, אין די גרעסטע פארגעניגענס, ביז זיי האָבען אָנגעפאנגען צו פוילען און צו וויאַנען פון איבערזאַטקייט און פעטקייט אזוי ווי איבער־צייטיגע פרוכט אין הארבסט, ביז זיי זיינען אין גאַנצען אונטערגעגאנגען.

אָבער דו, ישראל, דו מוזט באוואָרענט זיין פון אזא מין שיקזאל! אין מיטען דיין חג־האסיף, ווען אין דיינע שפייכלערס געפינט זיך א סך תבואה, ווען אין דיינע קעלערען רוישט א סך וויין — דעמאָלט זאָלסטו זיך דער־מאָנען אָן דיין פאַרגאַנגענהייט, „כי בסוכות הושבתי את בני ישראל״ — אז דיינע עלטערען זיינען אין דער מדבר אין אָרעמע ביידלאך געזעסען און געפיהרט אן איינפאַך נאַטור־לעבען. אָט אזוי זאָלסטו זיך אויך פיהרען! — נוץ ניט אויס דיין חג־האסיף אויף אויסגעלאסענהייט, אויף ליידענשאפט און אויף אן אומנאַטירליך־פאַרשווענדעריש לעבען אזוי ווי אנדערע פעלקער. ווייל אונזער תורה האָט געוואוסט, אז עס איז א וואונדערשעהנער זשעסט פון א פאָלק צו האַלטען פריש אין זכרון זיין אמאָליגע ארעמקייט, שוואכ־קייט און געפאלענקייט. דאָס פלאַנצט איין אין זייערע הערצער סימפאטיע, טאָלעראנץ, ברידערליכקייט, הומאַניטעט און מענשען־ליבע צו אלע מיט־גלידער פון זייער שטאַם און אויך צו פרעמדע פעלקער.

כל האזרח בישראל ישבו בסוכות.

אפילו דו אזרח, דו אלטער איינוואוינער, דו אלטער איינגעפונדעוועטער בירגער, וואָס רעכענט זיך שוין פאר א ריכטיגען דייטש, פראנצויז, ענגלענ־דער און אמעריקאנער, דו דאַרפסט זיך אויך אוועקזעצען אין דער וואקעל־דיגער סוכה וואָס סימבאָליזירט „וואנדעריזם״. ווייל דו ביזט א גלות־איד,

# דר. י. ל. שניצער

און ביי אַ גלות־אידען איז ניטאָ קיין „דירת קבע" קיין שטענדיגע דירה, נאָר בלויז אַ „דירת עראי", אַ צייטווייליגע וואוינונג.

אַט האָבען אמאָל אונזערע ברידער אין שפּאַניען אויך געמיינט אז זיי האָבען שוין דאָרטען א שטענדיגע דירה, צום סוף האָבען זיי נעבאך פון דאָרט געמוזט אויסוואנדערען.

אַט האָבען זיך הונדערטער און הונדערטער ברידער אונזערע געהאט איינגעפונדעוועט אין רוסלאנד, אין רייכע היימען, אין שעהנע פּאַלאַצען, צום סוף האָבען זיי אלץ געמוזט אויף הפקר איבערלאָזען און געגאנגען זוכען א נייע דירה, א נייע היים.

אַט לעבען איצט דורך אונזערע אריסטאָקראטישע ברידער אין דייטש־לאַנד א לעבען וואָס איז פול מיט שרעק און אימה, אז טאָמער, טאָמער, וועלען זיי נעבאך ווידער דארפען נעמען דעם וואנדער־שטעקען אין האנט און געהן זוכען א נייעם אָרט וואו די קעפּ אנידערצולעגען.

דו פאַרשטעהסט, מיין אורח? פאַר דיר איז ניטאָ קיין דירת קבע, קיין שטענדיגע דירה, דו בויסט פּאַלאַצען און גרויסע פּיראמידען אין די גלות־לענדער, אָבער ניט פאַר זיך, נאָר פאר די פארשידענע „פּרעה'ס". דיין עקזיסטענץ אין גלות איז א סוכה. דיין לעבען איז א וואַקעלדיג ביידעל וואָס יעדער קליינער ווינטעלע קען אומוואַרפען. דעריבער, מיין ליבער אורח, זאָלסטו זיך ניט איינרעדען קיין פויגעלאך אין בוזעם, אז דו וועסט האָבען א בעסערען שיקזאל ווי דיינע אומגליקליכע ברידער. נייך, ברודער־קע! אין אן עת־צרה זיינען מיר אלע גלייך. אין דער אידישער סוכה איז אימער „צלתה מרובה מחמתה" — מעהר שאָטען ווי זון־שיין. קריך אריין אין דער אידישער סוכה'לע און פאראייניג זיך מיט דיינע איבעריגע ברידער, וויל נאָר אחדות קען מאכען פון דער שוואַכער וואקעלדיגער סוכה'לע א סוכת שלום.

***

פרעגט מיך א איד א קשיא:

די גמרא זאָגט אונז: „תפסת מרובה לא תפסת" — צופיל אריינכאַפּען איז אומגעזונט. שטעלט זיך די פראַגע: וואָס איז געווען דעם אויבער־שטענס כונה אָנצופילען אונזער זאַסיק מיט אזוי פיעל מצוות? דערמאָנט

# מענש און תורה

זיך נאָר: תרי"ג מצוות! זעקס הונדערט און דרייצעהן שטיק. ווען איינער זאָל אפילו זיין דער גרעסטער צדיק אויף דער וועלט, קען ער אויך אלע מצוות פינקטליך ניט אָפּהיטען, הייסט אז מען קען עס ניט אָפּהיטען, טאָ צו וואָס האָט ער אונז אַזאַ גרויסען פּאַק דערלאַנגט?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם פעטער:

א יונגערמאַן, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבען האַנדלען, איז געקומען אין א גרויסער שטאָדט וועגען מסחר. ער איז אריינגעפאָהרען אין אן אכסניא און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אביסעל אויסגערוהט פון וועג איז ער געגאנגען באַזוכען זיינעם א פעטער וואָס האָט געוואוינט אין דער זעלבער שטאָדט און וועלכען ער האָט א צייט לאַנג ניט געזעהן.

דער פעטער האָט איהם זעהר שעהן אויפגענומען און איהם געגעבען עצות וואָס צו קויפען און ווי צו קויפען, און איהם אויך אָנגעזאָגט אז ער זאָל זעהר פאָרזיכטיג זיין מיט מאַנכע מעקלערס, ווייל זיי זיינען ניט אָרענטליך. דער פלימעניק האָט איהם זעהר שעהן באַדאַנקט, און איז אוועק צוריק אויף זיין אכסניא.

דער פעטער האָט אָנגעהויבען ארומצולויפען צו אלע גרויסע סוחרים און פאַבריקאַנטען פון שטאָדט און האָט געזאָגט, אז אין יענער און יענער אכסניא געפינט זיך א יונגערמאַן מיט א סך געלד וואָס איז געקומען אהער איינקויפען סחורה, פארשטעהט זיך, אז די סוחרים און די פאַבריקאַנטען זיינען אוועק אין יענער אכסניא און גענומען האַנדלען מיט דעם יונגען סוחר און מאַכען מיט איהם געשעפטען. יעדען טאָג האָט דער פעטער אלץ אונטערגעשיקט נייע סוחרים און נייע פאַבריקאַנטען אז זיי זאָלען געהן צו זיין פלימעניק און פארקויפען איהם זייערע סחורות.

ווען דער יונגערמאַן האָט שוין אויסגעגעבען זיין גאַנצע געלד און האָט זיך שוין גענומען קלייבען אהיים צו פאָהרען, איז ער אוועק צום פעטער זיך געזעגענען און האָט איהם אויך דערביי דערצעהלט, אז ער וויים גאָרניט פון וואַנען די סוחרים און די פאַבריקאַנטען האָבען זיך דער־וואוסט אז ער איז געקומען נאָך סחורה. זיי האָבען איהם פשוט משוגע געמאַכט די גאַנצע צייט. ער האָט אפילו קיין צייט ניט געהאט די שטאָדט ריכטיג אָנצוקוקען.

## דר. י. ל. שניצער

דער פעטער האָט א שמייכעל געטאָן און זיך צו איהם אָפּגערופען: „דו זאָלסט וויסען זיין, מיין זוהן, אז דאָס האָב איך דיר די סוחרים אונטערגעשיקט, ווייל איך האָב מיך געטראכט: דו ביזט א יונגערמאן און נאָך מיט א סך געלט דערצו, וועסטו זיך ארייגלאָזען אין די שטאָדטישע פאַרגעניגענס, באזוכען טעאטערס, שפּילען קאָרטען און געהן אין נאָך אזעלכע פּלעצער וואו מען קען א סך געלט אויסברענגען. דעריבער האָב איך אָנגעשיקט אויף דיר די סוחרים אז זיי זאָלען דיר קיין צייט ניט געבען צו טראַכטען פון נאַרישע פאַרגעניגענס, דו זאָלסט בעסער דיין געלט אויף א נוצליכען צוועק פאַרווענדען".

דער מענש האָט זעהר פיעל שוואכקייטען אין זיך און די וועלט איז פול מיט ליידענשאפטען און אויסגעלאסענע פארגעניגענס. האָט אונזער גוטער פאָטער מורא געהאט אז טאָמער, טאָמער וועלען מיר זיך ארייגלאָזען צופיל אין די אלע פארגעניגענס און מאכען א תל פון זיך, האָט ער אונז אונטערגעשיקט א סך סוחרים און פאבריקאנטען, א גרויסע תורה מיט א סך מצוות, כדי מיר זאָלען זיין שטענדיג באשעפטיגט. אויף יעדען קעהר און אויף יעדען ריהר איז דאָ א מצוה און אן עבירה כדי דיין געדאַנק זאָל זיין פארנומען מיט קלערען.

# זמן שמחתנו

## לסוכות

די צייט פון אונזער פרייד, אָט אזוי רופט זיך דער יום־טוב. אייגענט־ליך זעה איך ניט איין, וואָס איז דאָ אזוי די שמחה מיט דעם יום־טוב? זיינען דען ניט פאַראַן ביי אונז ימים טובים, וועלכע זיינען גרעסער און שעהנער ווי סוכות? לאָמיר נעמען צום ביישפיל פּסח, דער געבורט פון אונזער נאַציע, אדער שבועות, די פראָקלאמאציע פון דער אידישער קול־טור, פון דעסטוועגען האָט מען זיי ניט באצייכענט אלס ימים טובים פון שמחה, אפילו זאָגאר דעם צווייטען נאָמען וואָס די תורה האָט סוכות געגעבען, „חג האסיף" דער יום־טוב ווען מען זאמעלט צונויף אלע תבואות, איז אויך ניט אזוי געוואלדיג גרויס, אז מען זאָל איהם שטעמפּלען אלס זמן שמחתנו, אז דער אַמאָליגער פאַרמער האָט צונויפגעזאַמעלט זיינע תבואות, איז דאריבער דארפען מיר זיך איצט פרעהען דערמיט?...

נאָר ווי עס קוקט אויס, שפילט „צופרידענהייט" זעהר א גרויסע ראָלע אין אונזער טאָג־טעגליכען לעבען, הגם דאָס איז ניט קיין ממשות'דיגער ארטיקעל, מען קען עס מיט די הענד ניט אָנטאפּען, דאָך אָבער שפּילט צופרידענהייט און גליק די ערשטע פידעל אין אונזער לעבענס־אָרקעסטער, דאָס איז א פּראָדוקט פון אונזער פאַנטאַזיע, וועלכע האלט אין איין פרעגען קשיות.

איינער פרעגט: פאַרוואָס איז ער ניט אזוי גוט־אָב ווי יענער? פאַר־וואָס קריגט ער ניט אזעלכע שכירות ווי יענער? פארוואָס וואוינט יענער אין א שעהנערע הויז, מיט מעהר באקוועמליכקייטען ווי ער? און נאָך און נאָך אזעלכע פראַגען.

## דר. י. ל. שניצער

איז געקומען אונזער תורה און אונז דערלאנגט א יום־טוב, וואָס זאָל אלעמען אויסגלייכען!... „בסכת תשבו שבעת ימים", זיבען טעג זאָלט איהר זיצען אין סוכה, ארעם און רייך, אלע גלייך, צווישען די זעלבע פיער וואקעלדיגע ווענטלאך אונטער די זעלבע שטעכעדיגע סכך און אונ־טער די זעלבע הימעל־ליכט, דערפאַר רופט זיך סוכות „זמן שמחתנו", מיר זיינען גליקליך און צופרידען, ווען מיר זעהען ניט קיין העכערע פון אונז און מיר האָבען ניט וועמען מקנא צו זיין.

נאָך שעהנער איז די ערקלעהרונג פון אונזערע מוסר־ספרים. זיי זאָגען: אז יעדער יום־טוב האָט זיך זיין סימבאָל. פסח צום ביישפיל, איז דער מענשליכער פריהלינג, די יוגענד וואָס בענקט נאָך דער ליבע פון שיר השירים; שבועות, איז דער סימבאָל פון די מיטעלע יאָהרען, ווען דער מענש ווערט רייף און ערנסט... און פאנגט אָן צו שטודירען און פילאָזאָפירען; סוכות, איז דער סימבאָל פון עלטער, דער „חג האסיף", וואו דער מענש זאַמעלט צונויף אלע זיינע אמאָליגע טהאַטען, מאכט א חשבון הנפש, פאַרטיפט זיך אין דעם פעסימיסטישען „קהלת" און טרייסט זיך מיט דעם וואָס אין זיין שייער געפינט זיך „זריעה" פאר די קומענדע יאָהרען, זיינע ארבייט און זיינע גוטע טהאַטען געהן ניט אונטער, זיי רעפלעקטירען אויף זיינע קינדער, דעריבער רופט זיך דער זאַמעל יום־טוב „זמן שמחתנו", טאַטע־מאַמע פרעהען זיך וואָס זיי זיינען אונשטערב־ליך, זיי לעבען און זייערע קינדער און קינדס־קינדער.

ליידער אָבער פאַסט זיך ניט דער געדאנק פאר אמעריקא, דאָ זיינען די עלטערען פון די קינדער צוטיילט אין צוויי באזונדערע מחנות. טאַטע־מאַמע קוקען אויפ'ן לעבען און זייערע אידעען, רעפלעקטירען גאנץ וועניג אויף די קינדער. דער אינגערער דור לעבט זיך זיין אייגענעם לייכטען אמעריקא'נזוק'טען לעבען... דעריבער איז דער יום־טוב דאָ זעהר וואָכע־דיג. טאַטע־מאַמע האָבען זיך ניט מיט וואָס צו פרעהען. אין שייער געפינט זיך אפילו א סך, א סך תבואה, אָבער קיין זריעה אויף די קומענדע יאָהרען איז ניטאָ. ווען טאַטע־מאַמע געהן אוועק, זיינען זיי אָבגעשטאָרבען, נאָר צו „יזכור" דערמאָנט מען אמאָל זייערע נעמען.

קען זיין טאַטע־מאַמע צופרידען פון בלויז יאָהרצייט און יזכור אידען?

**
*

# מענש און תורה

פרעגט מיך א איד א קשיא:

דוד המלך זאָגט: ווען משיח וועט קומען און דער אויבערשטער וועט משפט'ן די וועלט, וועט די גאנצע נאַטור טאַנצען פון שמחה, „ישמחו השמים ותגל הארץ", הימעל און ערד וועלען זיך פרעהען, דער ים וועט שטורמען און די בוימער פון וואַלד וועלען זינגען. פרעגט זיך די פראגע: ווען דוד המלך וואָלט אונז געזאָגט, אז די געקריוודעטע מענשען וועלען זיך פרעהען, דאָס לעגט זיך נאָך אויפ'ן שכל, מען האָט זיי זעהר שלעכט באַהאַנדעלט, וועט דער אויבערשטער דורך זיין גערעכטען משפט די אונ־טערדריקער באשטראָפען און די ליידענדע פאַרגיטיגען, אָבער דער הימעל, די ערד, דער ים און די בוימער פון וואַלד, וואָס פאַר א שמחה איז אויף זייערע קעפּ?... האָבען זיי דען אויך געליטען פון דער אומגערעכטיגקייט וואָס האָט עקזיסטירט אויף דער ערד?

אלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענע צוויי „סוחרים":

ברוך און זרח האָבען געהאנדעלט מיט די זעלבע סחורה. ברוך איז פון טאָג צו טאָג רייכער געוואָרען און זרח איז געבליבען דער זעלבער אָרימאַן, דער זעלבער אביון. ברוך האָט געקראָגען א נאָמען פאר א וועלט־חכם, פאר א גרויסען ספּעקולאַנט, און זרח האָט געהאט א נאָמען פאר א שלימעזאַלניק און א לא יוצלח. ער האָט געהאט א קליינע קרעמעל און האָט קוים, קוים פון איהר חיונה געצויגען.

פאַהרענדיג אמאָל פון א יאריד מיט זיין פעקעל סחורה, איז זרח ארייגעפאָהרען אין אן אכסניא און גענומען דאָרטען א צימערעל איבער־צונעכטיגען, פלוצים איז געוואָרען אין אכסניא א טומעל און א ליאַרעם. וואָס איז? ברוך דער גרויסער סוחר איז אָנגעקומען מיט אייניגע וועגען סחורה און מען דאַרף האָבען פאר איהם א צימער צו שלאָפען, און אזוי ווי אלע צימערען פון אכסניא זיינען געווען פארנומען, איז געפאלען דער גורל אז זרח זאָל דעם גרויסען סוחר זיין צימער אָפּטרעטען. זרח האָט אפילו גענומען פראָטעסטירען און פרעגען: וואו איז יושר? אָבער די משרתים האָבען א כאַפּ געטאָן זרח'ן מיט זיין פעקעל סחורה און איהם אין גאַס ארויסגעוואָרפען.

# דר. י. ל. שניצער

איז זרח נעביך געזעסען די גאַנצע נאַכט אין דרויסען לעבען די טרעפּ פון דער אכסניא, זיין האַרץ איז געוואָרען אָנגעפילט מיט ביטערניש און מיט קנאה. ער האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען צום הימעל און א פרעג געטאָן:

— רבונו של עולם! דאַכט זיך, מיר ביידע זיינען דיינע באַשעפע־נישען, מיר ביידע האַנדלען מיט די זעלבע סחורה, פאַרוואָס האָסטו איהם געגעבען מעהר שכל און מעהר חכמה פון מיר? ער שאכערט־מאַכערט און ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ רייכער און איך שטעה זייט יאָהרען און יאָהרען אויף דעם זעלבען צושטאַנד און קיין ענדערונג קומט ניט. וואָרום גאָטעניו, וואָרום?

מיט אייניגע יאָהר שפּעטער, איז זרח ווידער געקומען אין דער זעלבער אכסניא פון וועלכער מען האָט איהם אמאָל ארויסגעוואָרפען, ער זעצט זיך ביים טיש עסען, זעהט ער ווי דער אַמאָליגער גרויסער סוחר געהט ארום צווישען די געסט און קלייבט נדבות, ווען ער האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט מיט די איבעריגע סוחרים, האָבען זיי איהם דערצעהלט, אז ברוך האָט זיין גאנצען פאַרמעגען פאַרלאָרען, איז א מחוסר לחם געבליבען, און אום מפרנס צו זיין זיין פאַמיליע, האָט ער זיך אוועקגעלאָזען איבער דער מדינה און קלייבט נדבות.

זרח׳ס האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט שמחה, ער האָט אויפגע־הויבען זיינע אויגען צום הימעל און א זאָג געטאָן:

— איך דאַנק דיר, גאָטעניו, פאַר דעם חסד וואָס דו האָסט מיט מיר געטאָן און מיר ניט געגעבען אזא שווינדעל־קאָפּ... אמת, קיין גרויסע גליקען מאַך איך פון מיין קרעמעל ניט, אָבער זי גיט מיר חיונה בכבוד, אָהן שאכער־מאַכער און אָהן שווינדעל.

ווען דער אויבערשטער האָט באשאפען די וועלט, האָט ער צופרידענ־געשטעלט אלע באַשעפענישען נאָך זייער וואונש נאָך, האָבען אבער די הימלען, די ערד, דער ים און די בוימער מקנא געווען די מענשען פאַר זייער שכל, חכמה און ענערגיע, וואָס דורך דעם שטייגען זיי אלץ העכער און העכער, ווערענד זיי שטעהען פון „ששת ימי בראשית״ אָן אויף

# מענש און תורה

איין שטאַנד ווי זרח׳ס קרעמעל און שטייגען ניט, ווען אבער משיח וועט קומען און זיי וועלען זעהן ווי דער אויבערשטער וועט באשטראָפען די גרויסע שווינדעל־קעפּ... וועלען זיי טאַנצען פון שמחה און זיך פרעהען מיט זרח׳ס קרעמעל.

# שמחת תורה

פרעה זיך, פרעה זיך, אידעאַליסטישער ישראל! עס איז ביי דיר ניטאָ קיין שפור פון עגאָאיזם. אָט האָסטו אָפּגעקלאַפּט דיינע הושענות און געבעטעט הילף ביי גאָט. ניט פאַר זיך, און ניט פאַר דיינע קינדער האָסטו איהם געבעטען, נאָר „למענך אלהינו הושענא״—צוליב דיר און צוליב דיין כבוד וועגען זאָלסטו העלפען די שוואַכע, די פאַרפאָלגטע, די געדריקטע אומה דיינע! דו האָסט דערלאַנגט דיין גאָט שמיני עצרת אַ שעהנע, ספּעציפישע „גשם־תפילה״, געבעטען איהם, אַז ער זאָל געבען רעגען. ניט אויף דיינע פעלדער וועט דער רעגען געהן, ניט דיין ערד וועט דער רעגען באַפייכטען, ניט דיינע בוימער וועט דער רעגען אַנזעטיגען און ניט דיין תבואה וועט דער רעגען מאַכען וואַקסען... ווייל דו האָסט, נעביך, גאַרנישט — ניט קיין היים, ניט קיין לאַנד, ניט קיין בוימער און ניט קיין תבואה. נאָר פאַר פרעמדע, פאַר פרעמדע בעטסטו. און דאָס איז דיין שרעקליכסטע טראַגעדיע, ישראל! צו לייסטען אימער פאַר פרעמדע, ניט בלויז אויפ׳ן געביעט פון וויסענשאַפט, קונסט, טעכניק, אינדוסטריע און געווערב, נאָר אויך דיינע האַרציגסטע תפלות, ציעלען און זאָרגען פאַר פרעמדען וואָהלשטאַנד.

דאַכט זיך דער אַלטער משה האָט אונז אָנגעזאָגט: „ביום השמיני עצרת תהיה לכם״ — דעם יום טוב שמיני עצרת זאָל זיין געווידמעט „לכם״, פאַר אייער טובה וועגען, פאַר אייערע אייגענע נוצען. אָבער ישראל האָט זיך אַליין גאַנץ וועניג וואָס אין זינען. ביי פרעמדע וואוינט ער, פאַר פרעמדע בעט ער, און צו פרעמדע שמייכעלט ער. אַ מערקווירדיגער איד איז רב ישראל! וואָס מעהר איך קען איהם, אַלץ מעהר רעטעניש איז ער פאַר מיר. דאָ איז ער:

## מענש און תורה

„אַ שטאַרקער, אַ שוואַכער,
אַ טרוס און אַ העלד,
אין שוהליכעל אַ מאַכער,
אַ גאָרנישט אין פעלד,
אַ שטענדיגער חולה
און שטאַרבט ניט אויף טוידט,
מסחרים גאַנץ וואוילע
און האָט ניט אויף ברויט.

---

„איהם גלוסט פּאַלעסטינע
און זיצט אויף אַן אָרט,
ער וואַרט אַז די שכינה
זאָל איהם פיהרען דאָרט,
תשעה באָב קלאָגט ער
און גלייך איז „נחמו"...
אַ פּאַק צרות טראָגט ער
און טאַנצט זיך נאָך צו!

***

**חתן תורה און חתן בראשית.**

**צוויי אויסגעפּוצטע חתנים שטעהען אויף דער בימה און דער עולם האָפּקעט אַרום זיי.**

**ביידע חתנים האָבען איינגעהאַנדעלט געוואַלדיגע מציאות. חתן תורה האָט געקראָגען אַ כלה וואָס איז שוין איבער דריי טויזענד יאָהר אַלט, און חתן בראשית האָט געקראָגען אַ כלה וואָס איז שוין איבער פינף טויזענד יאָהר אַלט... די פינף טויזענד יעהריגע כלה האָט נאָך כלור־מרשט אַ ביסעל לעבען אין זיך. זי קאָקעטירט נאָך ביסלעכווייז אונטער, פאַרבט זיך, און פאַרפוידערט איהרע אַלטע קנייטשען און האָקט אַ טשיי־ניק מיט ציוויליזאַציע, פּראָגרעס — און נאָך אַזעלכע הויך־קלינגענדע נעמען, — קורץ, פון דער אַמאָליגער פוסטער, לעערער, וויסטער מויד איז איצט אַ גאַנצע וועלט־דאַמע געוואָרען!**

# דר. י. ל. שניצער

טרויעריג אָבער איז מיט דער דריי־טויזענד־יאָהריגער כלה, זי איז אין גרונד זעהר אַן עהרליכע און אַ נאַאיווע. זי ווייס ניט פון קיין פאַרב, פון קיין פוידער, און פון נאָך אַזעלכע פאַרשעהנערונגס מיטלען, דעריבער האָט זי טאַקע, נעביך, קיין ערפאָלג ניט. אמת, זי האָט אפילו פון איהר טאַטען מיטגעבראַכט זעהר אַ גרויסען אויסשטייער, אַ קאַס־טען פאַרפאַקט מיט זעקס הונדערט און דרייצעהן אַרטיקלען. (תרי״ג מצוות) און אַ סך, אַ סך פון זיי זיינען טאַקע באמת טייערע אַנטיקען, אָבער וואָס איז די פעולה אַז זי האָט זיי, נעביך, ניט וואו אָפצושטע־קען?... ווייל ניט אַלע זיינען מבינים אויף אַנטיקען. געהט זי טאַקי, נעביך, אום מיט איהר אַלטען צוקנייטשטען פנים און זיפצט, נעביך, אויף איהר מזל.

איין מאָל אין יאָהר הערט זי אפילו אַ קאָמפלימענט ווי דער עולם זאָגט: „כי טוב סחרה מכל סחורה״ — אַז איהרע אייגענשאַפטען האָ־בען זעהר אַ גרויסע ווערטה. „מפז ופנינים יקרה״ — פיעל טייערער פון גאָלד און בריליאַנטען, אָבער ווער מאַכט איהר דאָס די קאָמפלי־מענטען? עלטערע מענשען, אידען פון דעם אַלטען דור. דער יונגער דור וויכט פון איהר, ער וויל איהר אפילו קיין קאָמפלימענט אויך ניט מאַכען.

⁂

פרעגט מיך אַ איד אַ קשיא:

די גמרא זאָגט אונז: „אין בן דוד בא אלא בדור שכולו זכאי״ — משיח וועט ניט קומען סיידען דער גאַנצער דור וועט זיין ריין פון זינד, דאָס הייסט, אַז דער עולם וועט תשובה טהאָן. פרעגט זיך אַ פראַגע: וואָס איז דעם אויבערשטען דער אונטערשיעד ווען די תשובה וועט קומען — פריהער אָדער שפעטער? זאָל ער פריהער שיקען משיח׳ן, נאַכהער וועלען מיר תשובה טהאָן? איצט זיינען נאָך פאַראַן אַזעלכע וואָס צווייפלען אין משיח׳ן, אָבער אַז זיי וועלען זעהן, אַז ער איז דאָ, וועלען אַפילו די צווייפלערס זיך אויך קלאַפּען אין האַרצען על חטא.

אַלס ענטפער אויף זיין קשיא האָב איך איהם דערצעהלט די מעשה מיט יענעם רייכען „מחותן״:

## מענש און תורה

אַ גרויסער גביר האָט געטהאָן אַ שידוך פאַר זיין טאָכטער מיט אַ רב׳ס אַ זוהן פון אַ ווייטע שטאָט, דער רב האָט זיך מתחייב געווען צו געבען דער כלה אַ פּאָר גאָלדענע אוירינגלאַך אַלס אַ מתנה. אין אַ וואָך אַרום נאָכ׳ן תנאים קריגט דער רב אַ בריעף פון זיין רייכען מחותן אַז ער זאָל זעהן גלייך אַריינצושיקען די פּאָר אוירינגלעך וואָס ער האָט די כלה צוגעזאָגט, און אויב ניט, שיקט ער איהם גלייך אָפּ די תנאים, און עס ווערט אויס שידוך!...

מיט אַ פאַרביטערטע האַרץ האָט נעביך דער רב גענומען שאַפען דאָס געלד, ער האָט פאַרקויפט זיינע ספרים, און אויך דאָס ביסעל זיל־בער וואָס עס האָט זיך געפונען ביי איהם אין הויז, און אַוועקגעשיקט די כלה די פּאָר אוירינגלעך וואָס ער האָט איהר צוגעזאָגט.

ווען עס איז געקומען די צייט פון דער חתונה, איז דער רב מיט זיין פאַמיליע געפאָהרען אין דעם מחותנ׳ס שטאָדט, דער מחותן האָט דעם רב זעהר שעהן אויפגענומען, ער האָט איהם פשוט אויף די הענד געטראָגען, אָבער דער רב איז אומגעגאַנגען זעהר אומעטיג און דערשלאָגען. גיט איהם דער מחותן אַ פרעג:

וואָס איז געשעהן, רבי? וואַרום געהט איהר אום אַזוי צוטראָגען?

איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, האָט דער רב איהם געענטפערט, איך האָב אויף אייך אַ האַרץ וואַרום איהר האָט מיר אַזוי צוגעאיילט מיט דער מתנה, איך האָב געמוזט פאַרקויפען מיינע בעסטע ספרים און מיין ביסעל זילבער וואָס איך האָב געהאַט.

איך זעה ניט איין וואָס איהר האָט דאָ אַזוינס אָנגעוואָרען? האָט דער מחותן אַ פרעג געטאָן, איהר וואָלט דאָך סאַי ווי געמוזט די זאַכען פאַרקויפען, טאָ וואָס איז דער אונטערשיעד פריהער אָדער שפּעטער?...

ניין, האָט דער רב איהם געענטפערט, ווען איהר וואָלט מיך ניט אונטערגעאיילט האָב איך געהאַט אַנ׳אַנדער וועג געלד צו מאַכען, איך וואָלט אַרויסגעפאָהרען אַ פּאָר וואָכען פאַר דער חתונה איבער דער מדינה געזאָגט אייניגע דרשות, געמאַכט אַ פּאָר הספדים, דער עולם וואָלט גע־ווינט און געגעבען געלד... אָט מיט די געלד האָב איך דאָס גערעכענט צו קויפען די כלה מתנות.

איך האָב פאַרשטאַנען אַז דאָס איז אייער כונה רבי!... האָט דער

## דר. י. ל. שניצער

מחותן צו איהם אַ זאָג געטהאָן, מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז איהר קלייבט זיך אַרומצופאָהרען איבער די שטעטלאַך, מאַכען דעם עולם צו קלאָגען און צו וויינען, נאַכהער וועלען אַרומגעהן אַ פּאָר בעלי בתים און קלייבען נדבות פאַר אייך... ניין, רבי, דאָס פּאַסט ניט פאַר מיין כבוד! איך האָב געוואָלט אַז איהר זאָלט קומען צו דער חתונה אויף אַ פרעהליכען וועג. ניט אויף אַ קלאָגעדיגען וועג, און נאָך מיט פאַרוויינטע אויגען. אָט דעריבער האָב איך אייך אונטערגעאיילט!

ווען משיח זאָל קומען פריהער און נאַכהער זאָל דער עולם געהן אין שוהל זיך קלאַפּען אין האַרצען על חטא און זיך גוט אויסוויינען. דאָס פּאַסט ניט פאַר אונזער רייכען מחותן. ער פאַרלאַנגט אַז „כי בשמחה תצאו“, מיר זאָלען איהם מיט שמחה באַגעגענען, אָבער ניט קומען אויף דער חתונה מיט פאַרוויינטע אויגען. דעריבער מוזען מיר זיך פריהער אָפּקלאַפּען דעם על חטא, און נאַכהער מיט אַ פרעהליכען פּנים איהם באַגעגענען!...